# I HAVE CONSIDERED MY DAYS

## JOSEPH MORGENSTERN



שער־בלעטער און צייכענונגע.

פון מחברס טאָכטער

אסתר מאָרגענשטערן־גילמאַן

# צו די לייענער

מיר דאַרפן זיין דאַנקבאַר דעם פריינט יוסף מאָרגענשטערן, דעם נישט־פּראָפעסיאָנעלן שרייבער, וואָס ער ברענגט אַרויס, דורך זיינע זכרונות, שטיקער יידיש לעבן פון דער אַלטער היים און פון דער יידישער און אַלגעמיינער אַמעריקע, — זכרונות, אין וועלכע עס טרעטן אַרויס פאַר אונדז צייטן און תקופות פונעם ווייטן און נאָענטן עבר. „צו וואָס ראָמאַנען, ווען דאָס לעבן איז אַ ראָמאַן״, — האָט אונדזער שלום עליכם געגעבן די עטלעכע ווערטער אַלס מאָטאָ צו זיין אויטאָביאָגראַפיע, צו זיין „פונעם יאַריד״, וואָס איז „אַן אמתע לעבנס געשיכטע, ניט קיין אויסגעטראַכטע״, און אין וועלכער ער איז צוגעטראָטן צו געבן „אַ דין וחשבון פון זיין גאַנצן לעבן״. דאָס זעלבע קאָנען מיר זאָגן וועגן די פּאַסירונגען, וואָס מאָרגענשטערן באַמיט זיך צו דערציילן, וואָס ער האָט, פון די סאַמע יונגע יאָרן, ביז דער לעצטער צייט, אַדורכגעמאַכט אויף זיין שווערן לעבנס־וועג. און יוסף מאָרגענשטערן, ווי מיר זעען פון זיינע בלעטלעך זכרונות, האָט טאַקע געהאַט גענוג שווערע איבער־לעבענישן און פּאַסירונגען, סיי אין זיין אייגענעם פּערזענלעכן לעבן און סיי אין די אַלגעמיינע פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע און מאַטעריעלע באַדינגונגען, וואָס אים איז באַשערט געווען אַדורכ־צומאַכן פריער אין דער היים, און דערנאָך — אין דער גאָלדענער מדינה, אין וועלכער ער איז מגולגל געוואָרן אין זיינע יונגע יאָרן.

דאָס בוך באַשטייט פון צוויי הויפּט־טיילן — „פון זיידנס סביבה״ און „טעג און יאָרן אין קליוולאַנד״. אינעם ערשטן טייל ברענגט פאַר אונדז ארויס יוסף מאָרגענשטערן דאָס שטעטל און די געגנט אַרום קאַפּוליע, — דאָס געבוירנאָרט נישט נאָר פון זיין, יוסף מאָרגענשטערנס, משפחה, נאָר אויך — דאָס געבוירנאָרט און די געגנט, וואו אונדזער אַלעמענס „זיידע״, דער זיידע פון דער יידישער ליטעראַטור, שלום יעקב אַבראַמאָוויטש — מענדעלע מוכר ספרים, איז געבוירן און אויפגעוואַקסן. און הגם דאָס געבוירן און וואַקסן

פון שלום יעקבן איז געווען מיט עטלעכע יאָרצענדליקער פריער (ער איז דאָך געבוירן אַרום 1836), אָבער דאָך האָבן מיר ביי יוסף מאָרגענשטערן שטריכן און שילדערונגען, וואָס וואַרפן אַ ליכט און דערמאָנען אונדז אויך אָן דעם זיידנס לעבנס־סביבה. און בכלל זיינען דאָ אויך געמיינזאַמע שטריכן צווישן די צוויי קינדער און יינגלעך, וועלכע האָבן אין די גאָר יונגע יאָרן פאַרלאָרן זייערע פאָטערס, געווען אָנגעוויזן אויף זייערע שטיפפאָטערס און אויף די שווערע זאָרגן און אומגינסטיקע באַדינגונגען אין דעם ארומיקן אָרעמען און גרויען לעבן ביי קרובים, אין ישיבות פון די אַרומיקע שטעט־און שטעטלעך. צו די קאַרגע ידיעות וועגן אַמאָליקן קאַפּוליע קומען צו אייניקע לעבעדיקע פרטים, פון אַ קולטור־געזעלשאַפטלעכן באַטייט, צו די קינדער־און יוגנט־יאָרן פון מענדעלע מו״ס. און עס איז אינטערעסאַנט, ווי די אַלגעמיינע באַדינגונגען פון די דרייסיקער יאָרן פונעם 19טן יאָרהונדערט (פון אַבראַמאָוויטשעס צייטן) און די אכציקער יאָרן (פון מאָרגענשטערנס צייטן) האָבן איינגעהיט אין זיך די זעלבע נויט, דחקות און לעבן־שטרעבן פון דער יוגנט, וואָס האָט זיך געריסן פון די פאַראָרעמטע אָפּשטאַרבנדיקע ליטווישע שטעטלעך אין דער ווייטער וועלט, אבראמאָוויטש — קיין פאָדאָליע און מאָרגענשטערנען — קיין אַמעריקע.

און וואָס ווייטער אינעם ווילדוואַלד פונעם לעבן בכלל און פון דעם לעבן פונעם יונגן יוסף מאָרגענשטערן בפרט, הויבן זיך אָן אויסשיילן און אויסטיילן אַלץ־נייע באַגעגעניש, אַלץ־נייע פּאַסירונגען פון מענטשן, סיטואַציעס, זוכענישן און געראַנגלענישן פאַרן לעבנס־קאַמף און פאַרן אייגענעם קיום. אַפריער אין די ראַמען און גרענעצן פון דער סביבה, פון די נאָענטע שטעטלעך אַרום קאַפּוליע, און דערנאָך — שוין אויף דעם זייט ים, אין ניו־יאָרק, און שפּעטער — אין קליוולאַנד, דאָס אָרט, וואו יוסף מאָרגענשטערן האָט זיך באַזעצט נאָך פיל פארשידענע וואַנדערונגען און וואַנדלונגען פון שטאָט צו שטאָט, פון פרנסה צו פרנסה, פון באַשעפטיקונג צו באַשעפטיקונג.

דאָס גיט די מעגלעכקייט יוסף מאָרגענשטערנען אַרויסצוברענגען דעם היגן לעבנס־שטייגער פון עטלעכע צענדליק יאָר, און דערביי, ווי בדרך אגב, מאָלן און שילדערן די באַדינגונגען, די

פאַרהעלטנישן פון מענטש צו מענטש, פון אַרבייטס־געבער צו אַרבייטער. ער גיט דאָס אַלץ איבער אָביעקטיוו, רוהיק און אויפ־ריכטיק, און זאָלן שוין אַנדערע מאַכן דערפון די נויטיקע אויספירן. מיר באַקומען דורך די שילדערונגען ריכטיקע בילדער פון דער אַמעריקאַנער יידישער ווירקלעכקייט, נישט באַפּוצט און נישט באַצירט. און דערביי טרעטן אויף אויך צענדליקער יידישע מענטשן מיט זייערע זאָרגן און גערעאַנגלענישן, — בעיקר — קליינבירגער און פאָלקס־יונגעלייט, וואָס שטרעבן אלעמאָל צו עפּעס בעסערס און שענערס. און אַלץ ווערט דערציילט פשוט, פּראָסט, אָן קונצן, אָן פליטערלעך. יוסף מאָרגענשטערן האָט אַ שאַרף אויג און אַ גוטן זכרון, און דורך קלייניקייטן, דורך פּרטים, דורך איינצלנע שטריכן, וואקסן אויס גאַנצע בילדער. מיר האָבן פאַר זיך דאָס היגע אַלגעמיינע און יידישע לעבן אין די בעסערע פּראָספּעריטי־יאָרן און — אין די זיבן שווערע „הונגער יאָרן”.

און פונקט ווי פריער האָט יוסף מאָרגענשטערן געמאָלט טריי טריט נאָך טריט זיין לעבן און זיינע שטרייטן אין די שטעטלעך, אַזוי האָבן מיר פאַר זיך אמתדיקע שילדערונגען, עפּיזאָדן, סצענעס, צוזאַמענשטויסן אין דער נייער וועלט, אין פאַרשיידענע לעבנס־סביבות פון די היגע יידישע אימיגראַנטן וועלכע באַמיען זיך אויפ־שטעלן דאָ זייערע געצעלטן און זיך אַריינלעבן אין די גאָר־נייע באַדינגונגען, גייסטיקע ווי מאַטעריעלע, במשך פון יאָרצענדליקער. און עס איז דערביי אינטערעסאַנט, ווי דעם יחידס מאַטערנישן און גערעאַנגלענישן זיינען געקניפּט און געבונדן מיטן אַלגעמיינעם פּאָ־ליטישן און מאַטעריעלן לעבן פונעם לאַנד, וואָס מאַכט אַדורך די אַלע פּראָצעסן און ענדערונגען יאָר־אויס יאָר־איין, געווענדט פון דער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער לאַגע אין די פאַראייניקטע שטאַטן און אין דער גאָרער גרויסער וועלט מיט אלע איבערוואַנד־לונגען, מיט די אַלע באַרג־אַרויפן און באַרג־אַראָפּן, וואָס זיינען פאָר־געקומען ביי אונדז אין אַמעריקע די לעצטע יאָרצענדליקער.

יוסף מאָרגענשטערן, דער באַאָבאַכטער־דערציילער, איז אומעטום ערלעך און אויפריכטיק, ער דערציילט אָפנהאַרציק וועגן זיך, וועגן די אַלע ליכט און שאָטנס פון זיין אייגן און ארומיקן לעבן. גלייכ־צייטיק אָבער פירט ער די גאַנצע צייט, נאָך פון זיינע דערוואַקסלינג־

יאָרן אין דער אַלטער היים, נאָך אַ לעבן, — אַ לעבן פון כסדרדיקע שטרעבונגען און געראַנגלעניש פאַר אַ בעסערער וועלט און פאַר סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער גאולה. האנט אין האנט מיט זיינען אומ־אויפהערלעכע זוכענישן און מאַטעריעלן אייגנאָרדענען זיין מאַ־טעריעלן לעבן און באַפרידיקן זיינע ניט־גרויסע אייגענע הצטרכותן, גייט מיט מיט אים כסדר דאָס זוכן אַ לייזונג, אַ דערלייזונג פון דער יידן־און־יידישקייט־פראַגע. ביי יעדער געלעגנהייט און ביי די פאַרשיידענע סיטואַציעס זעען מיר אים ענג און אָרגאַניש פאַרבונדן מיט די פאַרשיידענע יידישע ריכטונגען און באַוועגונגען, וואָס זיינען אויפגעקומען אין דער יידישער גאַס, אין די יידישע פאָלקס און ארבעטער־קרייזן, אין משך פון די אַלע יאָרן, זינט דער ערשטער רוסלענדישער רעוואָלוציע פון 1905־1906 און אזוי ביז דער לעצטער צייט. דאָס אַלץ ווייזט אונדז יוסף מאָרגענשטערן נישט ווי עפּעס זאַכן, געשעענישן, וואָס טוען זיך און קומען פאַר אויסער און מחוץ אים, נאָר ער ברענגט עס אַרויס, אויף וויפיל ער גופא מאַכט עס אַדורך, ער מיט זיין אייגענעם לייב און לעבן. ער איז אַ ייד, אַן עכטער ייד און דערצו אַ „געבראָטענער" ליטוואַק, און פאַלט ער אַדורך אין איין אָרט, פאַרלירט ער נישט דעם ווילן, דעם דראַנג אָנצוהייבן נאָך אַמאָל און ווידעראַמאָל אויף אַן אַנדער אָרט און אַלע מאָל — מיט באַנייטע כחות און מיט אַ פאַרשטאַרקטן ווילן, און צו־זאַמען מיט די יידישע פאָלקס־און־אַרבייטער־מאַסן מאַרשירט ער אָפּן און פעסט מיט די פאָרגעשריטענע כחות פון די פאַרשיידענע באַ־וועגונגען, וואָס האָבן געשטעלט זיך אַלס ציל די אויסלייזונג פונעם יידישן פאָלק, סיי מאַטעריעל און סיי גייסטיק קולטורעל, וואָס איז אין תוך ענג פאַרבונדן מיט זיך. מיר טרעפן אים, דעם אמתן איבערגעבענעם פאָלקס־מענטש, אין די אַלע יאָרן אויף פאַרשיידענע פּאָזיציעס, ער פאַרלירט קיינמאָל נישט דעם קוראַזש און די אחריות פאַר די אידייען און אידעאַלן, וואָס זיינען אים טייער און הייליק..

און אַזוי פאָלגן מיר נאָך לויט די זכרונות, וואָס ווערן דורך יוסף מאָרגענשטערן אַרויסגעבראַכט בהדרגה, דעם גאַנג פון די אידייאישע געראַנגלעניש אין דער יידישער וועלט, ווי זיי ווערן איבערגעבראַכן אינעם האַרץ און מוח פונעם פאָלקס־מענטש, און בינו לבינו טרעטן פאַר אונדז אויך אַרויס די באַוואוסטע וואָרט־

זאָגער און פירער פונעם יידישן פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן, ווי זיי באַווייזן זיך אויף דער ארענע פון זייערע העפטיקע קאַמפן אין דער יידישער וועלט, און ווי זיי רייסן מיט און פירן נאָך זיך זייערע אָנהענגער און פאַרערער, וואָס י. מאָרגענשטערן איז איינער פון זיי. מיר האָבן דאָ י. טשערניכאָוו־דאַניעלע, דר. נחמן סירקין, אב. גאָלד־בערג, יהודה קויפמאַן און דר. חיים זשיטלאָווסקי און אַנדערע, סיי אויף דער טריבונע און אויך אין זייער היימישקייט, ווען יוסף מאָרגענשטערן האָט די מעגלעכקייט צו זיין מיט זיי און אַרום זיי און ער האָט די געלעגנהייט זיך צוקוקן צו זייערע געהויבענע מאָ־מענטן און שוואַכקייטן. און הגם דער מחבר פון די זכרונות האָט נישט קיין כוונה צו דערציילן די געשיכטע פון די אידייאישע שטרייטן אויף דער יידישער גאַס און דעם איבערגאַנג פון פּועלי־ציון צו טעריטאָריאַליסטישע שטימונגען און דערנאָך — צו ביראָ־בידזשאַן, האָבן מיר דאָך פאַר זיך, אגב אורחא, אַ פיינע געשיכטע פון דעם גראַנגל פון די יידיש־אידייאישע שטרעמונגען צווישן די פאָלקס־עלעמענטן און ארבייטער, פון די אַלע פּסיכיש־גייסטיקע סיבות און מאָטיוון, וואָס האָבן געבראַכט צו דער אנערקענונג און דער באהערשונג פון דער און אַנדערער ריכטונג אין דער יידישער וועלט פאַר די לעצטע דורות. דערביי שטעלט אָן יוסף מאָרגענשטערן זיין פּראָזשעקטאָר נישט נאָר אויף די גדולים, נאָר ער גייט נאָך און גיט אויך אַכטונג און גיט איבער, ווי אזוי „עמך“, די „פּשוטע זעלנער“ מאַכן אַדורך די אידייאישע גלגולים־איבערוואַנדלונגען. און אומעטום זעט ער עס אין זיך, דורך זיך. ווי עס שטייט דאָרטן געשריבן, „מבשרי אחזה“, — פון מיין אייגענעם לייב און לעבן טו איך עס זען...

און צוזאַמען מיט יוסף מאָרגענשטערן גייען מיר ווייטער זיין לעבנס־וועג און מאַכן אַדורך מיט אים די שווערע מעקאַרטי־צייט אין אַמעריקע, און מיר ווערן שותפים צו די אַלע פּאַסירונגען, פאַר־פאָלגונגען, וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטיין פאַר זיין ווילן און דראַנג אַרויסצוהעלפן, לויט זיינע מעגלעכקייטן, די ביראָבידזשאַן־באַוועגונג ביים רעאַליזירן דעם גרויסן טרוים פון אַ יידישער אויטאָנאָמער געגנט און אויך זיין טרייען ווילן צוצוטראָגן זיין חלק צו דער יידישער קולטור־באַוועגונג און צו די שאַפערישע פאַר־

מעסטן פונעם איקוף. דאָס אַלץ, און די ווייטערדיקע בלעטלעך, וואו יוסף מאָרגענשטערן דערציילט אונדז וועגן זיין דערנעענטערונג און פּאַראינטערעסירונג מיט די קיבוצישע חלוצים און זיינע באַמיאונגען מיט ראט און טאַט צו פאַרגרינגערן זייער לעבן און זייערע באַשטרעבונגען און עקספּערימענטן, — דאָס אַלץ זיינען לעבעדיקע צאַפּלדיקע בלעטלעך פון אונדזער איצטיקער צייט, וואָס דער המשך ציט זיך פאַר אונדזערע אויגן און ווערט פאַרגעזעצט.

און דער סך־הכל — עס זיינען זכרונות נישט בלויז פון איינעם אַ יחיד, אַן איינצלנעם מענטשן, וואָס דערציילט אויס פאַר אונדז זיינע אייגענע דורכאויס־פּערזענלעכע זאָרגן און שוועריקייטן, זוכענישן און געפינענישן, פאַרמעסטן און דערגרייכונגען, — עס זיינען גלייכצייטיק אויך שילדערונגען וועגן זיינס גלייכן, די מענטשן פון זיין צייט און דור, וועלכע האָבן פאַר די לעצטע 50 יאָר אַדורכגעמאַכט דעם זעלביקן אָדער ענלעכן לאַנגן שווערן וועג פון אַמאָליקער קאַפּוליע, פון די פאַרשיידענע קאַפּוליעס, ביז דער איצטיקער צייט, וואָס מיר אַלע זיינען געווען לעבעדיקע עדות פון די אַלע פּאַסירונגען און געשעענישן, וואָס דער פאַרפאַסער האָט אַדורכקעמאַכט און וועלכע ער ברענגט לעבעדיק און טרעפלעך פאַר אונדז אַרויס.

נחמן מייזיל

פעברואר 1962

# מענדעלעס קאַפּוליע

פון וואַנען נעמט זיך דאָס ווערטל „אַ קאַפּוליער אַנצוהערעניש?"
איך האָב דעם כבוד צו זיין אַ געבוירענער אין מענדעלעס קאַפּוליע, און האָב דאָס ווערטל אין קאַפּוליע נישט געהערט. אמת, איך האָב געלעבט אין קאַפּוליע בלויז ביז מיין פערצנטן יאָר, אָבער דאָס שטעטל שטייט מיר פאַר די אויגן אַזוי קלאָר, ווי איך וואָלט דאָס ערשט נעכטן איבערגעלאָזט.

דאָס שטעטל קאַפּוליע האָט געהאַט צווי בערג אין שטאָט און צווי אויסער דער שטאָט. אויף איינעם פון די בערג זיינען געווען די קראָמען, וואו ס'איז געווען צו קריגן פון אַ הערינג ביז אייזן. אויףביידע זייטן באַרג האָבן זיך געפינען די הייזער פון די שיינע באַלע־באַטים, — די אַלע, וואָס האָבן פאַרמאָגט די קראָמען. אויף איין זייט באַרג זיינען געווען די צווי קלויסטערס, דער פולישער און רוסישער. אויף דער צווייטער זייט באַרג — די שולן... אויסער די זומער־חדשים האָבן מיר געהאַט צווי טעג, ווען יידן האָבן געהאַנדלט. דאָנערשטיק איז געווען דער גרויסער מאַרק־טאָג. די פויערים פון די אַרומיקע דערפער פלעגן קומען פאַרקויפן תבואה, פלאַקס, ווי אויך לייוונט, וואָס די פויערטעס האָבן מיט זייערע אייגענע הענט אויסגעאַרבעט. זיי האָבן געקויפט ביי יידן — קעראָסין, זאַלץ, הערינג, טשוועקעס, א שטיקל אייזן פאַרן אַקער...

קאַפּוליע איז געווען באַקאַנט מיט איר פערד־האַנדל. פערד־הענדלער פון קוידינאָוו און קלעצק זיינען געקומען פאַרקויפן און קויפן פערד. מיר האָבן געהאַט, עס זאָל אונדז צו קיין שאַנד ניט זיין, גאַנץ פעאיקע קעשענע-גנבים, וואָס האָבן אַכטונג געגעבן וואו די פויערים האָבן פאַרשטעקט זייער געלט פאַר די פאַרקויפטע זאַכן. אָפט זיינען טאַקע די פויערים געפאָרן צוריק אַהיים אָן זאַכן און אָן געלט. און אין אַזעלכע פאַלן האָט דער פויער פון צרות זיך אָנגעשכורט און געבליבן שלאָפן אין זיין וואָגן.

אין די אַנדערע זייטן פון די בערג, אַראָפּ־צו, האָבן געוואוינט

אָרעמע יידן, באַלמעלאָכעס, פערד־הענדלער, קצבים. דאָ, אויפן באַרג־אַראָפּ, האָט זיך געפונען די שול, מיטן נאָמען אַראָפּבאַרג־שול, וואו די פערד־הענדלער האָבן פאַרנומען די מזרח־וואַנט. אין די זומער חדשים, ווען קיין מערק זיינען נישט געווען, האָבן זיי אַרום דער שול זיך געביטן איינער מיטן צווייטן מיט די פערד, אבי צו מאַכן געשעפטן. . זיי זיינען געווען אַ פריילעכע חברה, זיי פלעגן מאַכן אָפט אַ ׳לחיים׳. גאָר וואַזשנע איז געווען ביי זיי שמחת־תורה, ווען מ׳איז שוין גאָר בגילופין, פלעגט מען גיין אין די הייזער אַרויסשלעפּן דעם צימעס־טאָפּ פונעם אויוון, אויפעסן דעם צימעס און אָנטאָן דעם טאָפּ אויפן קאָפּ.

אויפן צווייטן באַרג פונעם שטעטל איז גאָרנישט געווען, ווייל ער איז געווען אַ הויכער, שפּיציקער,. וועגן אָט־דעם באַרג זיינען אַרומגעגאַנגען פאַרשיידענע געשיכטעס. מ׳האָט דערציילט, אַז בעת דער נאַפּאָלעאָן־מלחמה זיינען דאָרט באַגראָבן געוואָרן פיל געפאַלענע אין די שלאַכטן. מ׳האָט אויך דערציילט, אַז אַ קלויסטער איז דאָרט אַמאָל איינגעזונקען געוואָרן, דעריבער האָט דער באַרג געהאַט אַ שפּיץ.

אויפן באַרג אויסערן שטעטל זיינען געווען פיל סאָסנאָווע בוימער. אַהין פלעגן מיר, יינגלעך, גיין שבת בייטאָג נאָכן עסן, אָפּבייסן די יאַגעדעס גלייך פון די ביימלעך, ווייל רייסן מיט די הענט האָט מען אום שבת נישט געטאָרט. מיר פלעגן זיך אויך קייקלען באַרג אַראָפּ. דאָס וועלדל האָט צוגעצויגן מענטשן, וואָס האָבן געליטן פון שווינדזוכט. יאַנעצקיס וועלדל איז געווען אויך אַן אָרט וואו די רעוואָלוציאָנערן האָבן אָרגאַניזירט געהיימע פאַרזאַמלונגען. דאָרטן האָבן אויך שפּאַצירט בחורים און מיידלעך, וואו זיי האָבן געוועבט חלומות פון ליבע און פון אַ גליקלעכער צוקונפט.

אויף דער צווייטער זייט אַראָפּבאַרג האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אַ באַרג, וואו ס׳איז געווען דער בית־עלמין. אַנטקעגן אים האָט זיך געפונען די „מייסטערסקאיא״ (וואַרשטאַט) פון מאיר אבראַמאָוויטש, אַ ברודער פון מענדעלען, מ׳האָט אים גערופן ׳מאיר דער טעפּער׳, ווייל ער האָט געמאַכט טעפּ און קריגלעך פאַר קאַפּוליע און פאַר די אַרומיקע פויערים. אין די מאַרק־טעג האָט ער אויסגעשטעלט זיינע

אויסאַרבעטונגען און געלייזט געלט. ער איז געווען אַ שטילער מענטש, אַן ערלעכער ייד. ער האָט געוואָלט, אַז זיין איינציקער זון לייבל זאָל זיין אַ למדן און טאַקע ווערן אַ רב בישראל. לייבל איז געווען אַ קליינינקער, אַ שוואַכער, ער האָט געלערנט מיט גרויס התמדה און זעלטן זיך באַטייליקט אין די ייִנגלשע שפּילערייען. ער איז געווען דער בעסטער תלמיד ביי אונדזער רבין וועלוול מיכאל איצעס, און אויך ביי שלמה שוויזיצער, וואו מיר האָבן ביידע געלערנט. דערנאָך זיינען מיר ביידע געפאָרן קיין מינסק, און געלערנט אין דער וואַסער־טרעגער שול און אינעם קליינעם בית־המדרש... מיר זיינען אַלט געווען א דרייצן יאָר, ווען מיר האָבן צוערשט געלייענט מענדעלעס ׳קליאַטשע׳ און ׳ווינטשפינגערל׳, דאַן האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז מענדעלע מוכר ספרים איז אונדזערער אַ קאָפּוליער און אַז ער איז לייבס אַ פעטער.

גאָר אַן אַנדער מענטש איז געווען מענדעלעס צווייטער ברודער, נח. ער איז געווען אַ שיינער ייד, הויך געבויט, אַ דאַרער, שטענדיק ריין און שיין אָנגעטאָן. ער איז געווען אַ גרויסער סוחר, איינגעקויפט ביי די פויערים תבואה און געשיקט קיין פּרייסן. ער האָט געדאַוונט אין קלויז, געשטאַנען בנעימות אין מזרח וואַנט.. מ׳האָט געשמועסט אין שטעטל, אַז ער קריגט די לשון־קודשדיקע צייטונג „הצפירה״ און ער האָט אַ ברודער עפּעס אַ שרייבער, וואָס דרוקט ביכלעך אויף זשאַרגאָן.

אין די זומער־חדשים פלעגט קומען צו פאָרן צו אים פון פעטערבורג אַ סטודענט אין אַ מונדיר, מיט גלאַנציקע מעשענע קנעפלעך. דער סטודענט האָט ארומשפּאַצירט איבערן שטעטל, אריינגעקוקט אין די יידישע הייזער. ער האָט פאַרבראַכט גאַנצע טעג אין יאַנעצקיס וועלדל, וואו ער האָט געלייענט ביכער. אין שטאָט האָט מען האָט געזאָגט, אַז דאָס איז דער זון פון נח׳ס ברודער, דעם שרייבער מענדעלע. מ׳האָט אויך אונטערגעמורמלט, אַז עפּעס איז נישט אין אָרדנונג מיט זיין יידישקייט. מיר, יונגוואַרג, פלעגן אים נאָכגיין און נייגעריק זיך צוגעקוקט צום סטודענט, וואָס לערנט אין פעטערבורגער אוניווערסיטעט אויף דאָקטאָר, און נאָך — אויף „וואָיענער״ (מיליטערישער) דאָקטאָר. מ׳האָט אויך געשמועסט, אַז ווי נאָר ער וועט ענדיקן, וועט ער יעדן זומער קומען אהער און היילן אומזיסט

די קראַנקע, ווי דער דאָקטאָר שלומאָוויטש, וואָס קומט צו אונדז אין שטעטל און היילט די קראַנקע יידן און פּויערים, און די ׳קאַנזאַ׳ צאָלט אים דערפאַר... אַזאַ מין דאָקטאָר וועט אויך זיין נחס פּלימעניק, דער זון פון מענדעלע מוכר ספרים.

עס געדענקט זיך מיר קלאָר דער אויסזען פון די שטיבער און אויך פון אַ סך יידן, וואָס האָבן באַוואוינט אָט די שטיבער, און אָוודאי געדענק איך די יינגלעך, מיט וועלכע איך האָב זיך געחברט.

פונדעסטוועגן קאָן איך נישט זאָגן, אז בלויז דאָס ווערטל „אַ קאַפּוליער אָצוהערעניש״ געדענקט זיך מיר נישט פון מיין שטעטל. אָט געדענקט זיך מיר נישט, אז אין מיין פריער קינדהייט, זאָל איך האָבן געהערט אין קאַפּוליע, אַז אונדזער „זיידע״ מענדעלע מוכר ספרים איז דאָרטן געבוירן געוואָרן, געלעבט דאָרטן זיינע יוגנטלעכע יאָרן, געשפּאַצירט אין דעם יאַנעצקער וואַלד, אין וועלכן ער האָט זיך באַהעפט מיט די שיינקייטן פון דער נאַטור, וואָס ער האָט אַזוי מייסטעריש געשילדערט אין זיינע אומשטערבלעכע ווערק.

האָט קאַפּוליע דען נישט געוואוסט דערפון? מסתמא האָט דער און יענער געוואוסט, אָבער קיין רייד איז וועגן דעם נישט געווען און צו מיינע יונגע אויערן איז דאָס נישט דערגאַנגען.

ווי שוין דערמאָנט, בין איך אַלט געווען דרייצן יאָר ווען איך האָב געלייענט דעם זיידנס מייסטערווערק „די קליאַטשע״, אָבער איך האָב קיין אַנונג נישט געהאַט, אַז דער דערמאָנטער ר׳ נח אַבראַמאָוויטש, איז אַ לייבלעכער ברודער פון דעם וואונדערלעכן מחבר, וואָס זיינס אַ ווערק האָט אַזאַ שטאַרקן איינדרוק געמאַכט אויף מיר.

# אַ מעשה מיט אַ קוטשער

ווי אַזוי איך בין געקומען צו לייענען אויף מיין דרייצנטן יאָר „די קליאַטשע״, איז אַ מעשה פון מיין אייגענעם לעבן אין מענדעלעס קאַפּוליע, וואָס בעט זיך איך זאָל דערציילן.

איך בין נישט קיין פּראָפעסיאָנעלער שרייבער, אָבער ווען מען דערציילט עפּעס וועגן מענדעלעס קאַפּוליע, ווערט מען אָנגעשטעקט פון זיין גאָלדענעם אופן פון שרייבן, און עס שרייבט זיך פון זיך אליין. לאָמיר טאַקע איצט דערציילן, ווי אַזוי איך בין געקומען לייענען זיינס אַ בוך, און דערביי ווי געזאָגט, ביט געהאַט די מינדסטע אנונג, אַז דאָס איז דאָס שכנישע הויז וואו מענדעלע איז געבוירן, זיך געהאָדעוועט, און אַז אין אָט־דעם הויז איז אודאי געווען דער „בראשית״ פון דעם, וואָס ער איז שפּעטער געוואָרן.

מיין פאָטער יוסף איז געשטאָרבן איידער איך בין געבוירן געוואָרן. ער האָט איבערגעלאָזט אַ יונגע אלמנה מיט עטלעכע לעבעדיקע קינדער און מיך — ערשט אין ווערן. אַ שטוב איז געווען טאַקע די, וואָס לעבן דער הויז, וואו מענדעלע איז געבוירן געוואָרן. מיין מאַמע, אַן „אשת־חיל״, האָט זיך און די קינדער דערנערט פון פארקויפן בראָנפן, וואָס זי האָט געצאַפּט פון אַ פעסל אין בלעכענע קווערטלעך, ווייל עס איז נאָך געווען אין די טעג איידער דער מאָנאָפּאָל איז איינגעפירט געוואָרן אין רוסלאַנד. די קונים זיינען, פארשטייט זיך, געווען מערסטנס פּויערים פון דער סביבה.

איך געדענק אַ גרויליקע געשעעניש, וואָס האָט געשטעלט מיין מאַמען אין גרויס סכנה און האָט אויפגערודערט גאַנץ קאַפּוליע.

איך בין דעמאָלט אַלט געווען פיר יאָר, און ביז היינט קאָן איך יענע איבערלעבעניש נישט פאַרגעסן.

דער פּולישער קסיאָנדז האָט געהאַט אַ קוטשער צו זיינע פערדלעך, — אַן עלטערער פּולישער פּויער, וואָס האָט ליב געהאַט דעם ביטערן טראָפּן. ער פלעגט זיין אַן אָפטער אריינקומער צו דער מאַמען אין שענקל.

איינמאָל האָט ער זיך אַזוי אָנגעשכורט, אַז ער איז געבליבן ליגן אַ שלאָפנדיקער אויף דער באַנק. קיין גרויסע נייעס איז דאָס ניט געווען. אַזוינס האָט אָפט געטראָפן מיט אים. מען פלעגט אים איבערלאָזן אין זיין שלאָף איבער באַכט אויף זיין אָרט.

עס איז געווען אַ שמיני עצרת גאַנץ־פרי. די מאַמע איז אריינגעגאַנגען אין דעם פאָדער־צימער, וואָס האָט געדינט פאַרן שענקל, און אַ פּאָר הענגענדיקע פיס זיינען אריין אין אירע הענט אריין.

די היסטערישע געוואַלדן פון שטוב האָבן דערגרייכט דאָס געסל, פון געסל — דאָס גאַנצע שטעטל. יידן זיינען אויפגעציטערט געוואָרן. אַ קשיא אויף אַ מעשה, מען קאָן נאָך אויסטראַכטן אַ בלבול! אַ גליק וואָס דער קאַפּוליער פּריסטאַוו האָט, ווי אַלע פּריסטאַוועס אין אַלטן רוסלאַנד, זיך געלאָזט ריידן, ווען ער האָט דערפילט אַביסל מזומן צווישן די פינגער, און עס איז ראַפּאָרטירט געוואָרן, אַז דער קוטשער האָט אין זיין שכרות זיך אָפּגעטאָן די מעשה אַליין, בכבודו ובעצמו.

מענדעלעס קאַפּוליע, וואָס איז אין זיין יוגענטלעכער צייט געווען באַפּעסטיקט ארום די פינף שולן אין שטעטל, ארום די קרעמלעך אויפן באַרג און ארום דער הילצערנער האַלב־צעלעכערטער באָד, וואָס איז געשטאַנען נאָענט צום טייך, האָט אין מיין צייט זיך אָנגעהויבן צו ענדערן און בייטן.

נישט ווייט פון דער באָד, אַראָפּ באַרג ביים טייך האָבן זיך די פּרימיטיווע גאַרבאַרניעס אָנגעהויבן צו פאַרמעסטן מיט דעם גאַנג פון דער צייט, און כדי אַ הייב צו טאָן די פּראָדוקציע, האָט מען געבראַכט אַ היפּשע צאָל יונגע גאַרבערס פון ביאַליסטאָק, וואָס האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך נישט נאָר פלינקערע הענט צו דער אַרבעט, נאָר אויך די נייע געדאַנקען און אידייען, וואָס האָבן זיך געטראָגן איבערן לאַנד, און אויך מענדעלעס קאַפּוליע האָט זיך אַ רודער געטאָן.

איך בין אַלט געווען זיבן יאָר, ווען דאָס גאַנצע שטעטל איז שטאַרק אויפגערודערט געוואָרן פון אַ געוואַלדיקער געשעעניש.

געווען ביי אונדז אַ „יעווריעסקאַיע אוטשילישטשע", האָט דער דירעקטאָר פון אָט דער יידישער שול גענומען אויף זיך די שיינע

מלאכה צו זיין דער מסור פון די יידישע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער צו דער צאַרישער רעגירונג.

איך געדענק געגוי, אַז די שנאה צום דירעקטאָר איז געווען נישט נאָר ביי די רעוואָלוציאָנערע יידישע ארבעטער, נאָר אויך פון די באַלעבאַטישע יידן, וואָס זיינען געווען קעגן די „ציצעליסטן", אָבער מסירה? דאָס איז געווען פע, — מוקצה מחמת מיאוס. און איין שיינעם טאָג האָט מען געפונען אָט דעם יידישן דירעקטאָר, וועמענס נאָמען איז געווען בערגער, — אַ טויטן.

אַ גרויס ציטערניש האָט זיך געפילט דעמאָלט אין קאַפּוליע. עס האָבן זיך אָנגעהויבן רעפּרעסיעס און אַרעסטן. אָבער דעם אַרבעטער, אויף וועמען עס איז געפאַלן דער שאַרפסטער חשד, האָט מען געהאָלפן אַנטלויפן, און מען האָט אים קיינמאָל נישט געכאַפּט.

איך זע, אַז איך בין מיטגעריסן געוואָרן מיט זכרונות וועגן מענדעלעס קאַפּוליע בכלל. איך וועל אויסבאָרגן זיין באַרימטן אויס-דרוק, און זאָגן, ווי ער פלעגט זאָגן, אַז נישט דאָס בין איך אויסן.

וואָס איך בין באמת אויסן, איז צו דערציילן, אַז איך האָב אויף מיין דרייצנטן יאָר געלייענט מענדעלעס „די קליאַטשע", און נישט געוואוסט, אַז די שכנים אונדזערע, אין וועמענס שטוב איך בין פיל מאָל געווען, זיינען ברידער פון דעם וועלט־באַרימטן יידישן שרייבער.

נו, טאַקע, ווי אזוי האָב איך דאָס געקענט וויסן, אַז זיי, די ברידער אַליין, האָבן נישט גערעדט דערפון. און אפשר האָבן זיי יאָ גערעדט און דערציילט, נאָר צו מיר איז דאָס נישט דערגאַנגען?

אַז איך טראַכט איצט דערפון, לייגט זיך מיר דאָס גאַנץ גוט אויפן שכל. וואָרים ווער בין איך דאָס דעמאָלט, מ'שטיינס געזאָגט געווען, אַז מען זאָל צו מיר רעדן פון אַזוינע זאַכן? אַז בסך־הכל האָב איך גאָר געגעסן „טעג" ביי פרעמדע טישן, און בלויז גע־שלאָפן בין איך ביי דער מאַמען אין שטוב.

פאַרוואָס דאָס איז אַזוי געווען, איז אַ באַזונדערע מעשה. וואָלט מענדעלע דעמאָלט געווען געלעבט אין קאַפּוליע, וואָלט ער זיכער אָט די מעשה באַשריבן. וואָרים אַ מעשה פון אַן אלמנה מיט אַן אייגענער שטוב, וואָס איז איר געבליבן פון ערשטן מאַן, און אַ

נייעם מאַן — דווקא אַ מיוחס און אַ למדן, וואָס וויל נישט דער ווייבס קינדער ביי זיין טיש, — הלמאי מען שרייבט נישט איבער דאָס שטיקל ירושה אויף זיין נאָמען, — אַזאַ מעשה וואָלט דאָך געווען ביז גאָר צוגעפּאַסט צו מענדעלעס געבענטשטער פּען.

# ביים פעטער אין דאָרף

אין קאַפּוליע, ווי אין אַלע יידישע שטעט און שטעטלעך, פלעגן יידישע קינדער אָנהייבן גיין אין חדר אריין, ווען זיי זיינען אַלט געווען זעקס יאָר. איך בין געווען אַ יתום האָט מען מיך אַריינגעגעבן אין חדר, ווען איך בין אַלט געוואָרן פינף יאָר. לויטן יידישן מנהג האָט א יתום געדאַרפט נעמען אויף זיך דעם עול פון תורה און מצוות מיט אַ גאַנץ יאָר פריער ווי יינגלעך, וואָס האָבן געהאַט טאַטע־מאַמע.

קיין גרויס חשק צו גיין אין חדר האָב איך, פאַרשטייט זיך, ניט געהאַט. ערשטנס האָט זיך מיר ניט געגלוסט זיצן פאַרשפּאַרט פון אינדערפרי ביז פאַרנאַכט אין אַן ענגן חדר און זיך ניט קאָנען שפּילן מיט מיינע חברים, און צווייטנס, האָב איך זיך געשראָקן אימת־מות פאַר דער געשטאַלט פונעם מלמד ר׳ אברהם לייב, וואָס האָט געלערנט מיט די יינגלעך פון אלף־בית ביז חומש מיט רש״י.

אברהם לייב, דער קאַפּוליער מלמד, האָט געוואוינט אין שכנות מיט אונדזער הויז, באַרג אַראָפּ־צו. דאָס איז געווען אַ ייד א קפדן, אַ שטרענגער, אַ בייזער, אַז גאָט זאָל זיך מרחם זיין. דערצו האָט ער נאָך געהאַט א רויטע באָרד, פאַר וועלכער איך האָב ממש גע־ציטערט. אַ רויטע באָרד האָט מיך אָנגעפילט מיט אַ מאָדנער שרעק, ווייל פון די מעשיות, וואָס איך האָב זיך אָנגעהערט פון דער מאַמען און פון די חברים וועגן וואַלד־גזלנים, וואָס באַפאַלן די דורכגייער אָדער דורכפאָרער אין וואַלד מיט העק, זיינען זיי אַלע געווען הויכע און געזונטע פאַרשוינען מיט רויטע בערד, היינט גיי און פאַל אריין אין די הענט פון א רבין וואָס האָט אַ רויטע באָרד? מען איז דאָך ממש ניט זיכער מיטן לעבן...

אָבער אַ יידיש יינגעלע מוז גיין אין חדר לערנען תורה. האָט מיך די מאַמע גענומען אויף די הענט און אוועקגעטראָגן אין דער קליינער און ענגער שטיבל וואו אברהם לייב דער מלמד האָט גע־קנעלט מיט אַנדערטהאַלבן צענדליק יינגלעך.

אין דושנעם צימער האָב איך צום ערשטן דערזען די רביצין, אַ קליינע און מאָגערע יידענע, וואָס האָט זיך געפּאָרעט ארום גרויסן אויוון, וועלכער האָט פאַרנומען אַ האַלב הויז, און ארום די הינער, וואָס האָבן ארומגעשפּאַצירט אין „הויז פון תורה״, — טיפ־טיפּ. ווי נאָר זי האָט אָפּגעגעבן דער מאַמען דעם ברייטן „גוט־מאָרגן״, האָט מיך דער רבי אַוועקגעזעצט אויף אַן אָפּגענוצט לאָקשן־ברעט, גענומען אין די הענט א לאנגן ביינערנעם טייטל און אָנגעוויזן אויף דער ברעט:

— זאָג, יינגעלע, אלף־בית. — — די מאַמע איז דערביי געזעסן מיט אַ שיינענדיק פּנים און אָנגעקוואָלן פון נחת פון איר חדר־יינגל.

נאָכדעם ווי איך האָב איבערגע׳חזר׳ט נאָכן רבין עטלעכע מאָל: „אַ ל ף, ב י ת, ג י מ ל,״ האָט פּלוצלונג אַראָפּגערעגנט אויפן לאָקשן־ברעט צוויי קאָפּיקעס...

—נעם, נעם! — האָט דער מלמד געזאָגט — דאָס האָט דיר דער גוטער מלאך גבריאל פון הימל אראָפּגעוואָרפן די צוויי פּרוטות, זאָלסט זיין א גוטער יינגל און לערנען תורה מיט גרויס חשק...

די מאַמע האָט נאָך עפּעס גערעדט מיט דער רביצין אין דער שטיל. זי האָט אויך געבעטן דעם רבין, ער זאָל אביסל שוינען איר יתומ״ל, ניט נוצן צו־אָפט דעם קאַנטשיק אויף מיין לייב. איך בין זיך משער, אַז זי האָט אַביסל מורא געהאַט פאַר דעם קפּדנות׳דיקן מלמד, וואָס האָט געהאַט אַ באַזונדער פאַרגעניגן, ווען ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאַנטשיק אויפן צאַפּלדיקן גופ׳ל פון א תלמיד.

אברהם לייב האָט זיך געהאַט זיין אייגענעם מעטאָד פון שטראָפן די תלמידים פאַר עבירות. יעדע עבירה און איר גרויסע שטראָף; יעדער עבירה׳לע — און איר קליינער עונש. די עונשים, דאָס שטראָפן, איז קלאַסיפיצירט געוואָרן לויט די דאָזיקע מאָסן: למשל, פאַר ניט נאָכזאָגן דעם „אלף־בית״ ווי געהעריק, האָט ער דערלאַנגט אַ פּאַטש אין באַק; ווי איז אָבער געווען דער דין, אַז ער האָט אויסגערופן אויף א קול:

— יינגעלע, זאָג נאָך „אַלף־בית״, און האָט דערביי באַמערקט, אַז דאָס יינגל איז פאַרטראַגן אין אַנדערע עולמות, קוקט גאָרניט אויף דער ברעט, — דאָ האָט ער שוין אַראָפּגעלאָזט דעם קאַנטשיק — אַ לענגלעך שטעקעלע מיט אַ פינף־זעקס לעדערנע פּאַסיקלעך.

עס זיינען אויך געווען גרויסע חטאים פאַר וועלכע דער רבי האָט עטלעכע מאָל ארייגעצײלט מיטן קאַנטשיק, אַזעלכע זינד, ווי למשל, פאַר ניט אויספאָלגן דעם רבין, אָדער ווער רעדט נאָך, פאַר אויס־זעצן אַ פענצטער אין שכנס הויז, פאַר דעם איז די שטראָף געווען — „אָפּשמייסן". דאָס איז שוין געווען פארבונדן מיט אַ גאַנצער עבודה, אַ צערעמאָניאַל. צום אַלעם ערשטן האָט דער רבי באַפוילן דעם יינגל, ער זאָל זיך אוועקלייגן אויפן בענקל, און מוחל זיין, און אליין זיך „אָפּשפּילען די מאַטקעס", דאָס הייסט די תחתונים. נאָכדעם האָט ער צוגערופן די גוטע יינגלעך, אַזעלכע תלמידים, וואָס האָבן נושא חן געווען אין זיינע אויגן, און זיי מכבד געווען צוהעלפן אין דער אַרבעט, צוהאַלטן די פיס און דעם קאָפּ פונעם זינדיקן תלמיד, בשעת ער האָט ארײנגעטײלט די שמיץ.

די רביצין איז תמיד געווען אַ מליץ יושר פארן זינדיקן יינגל. זי פלעגט זיך באַמיען מיט גוטע רייד ווייכער מאַכן דאָס הארץ פון איר בייזן מאַן און פּרואוון ביי אים ארויסבאַקומען אַ פּאָר שמיץ פון דעם חלק שטראָף, אָבער ניט אַלעמאָל האָבן אירע ווייכע און תחנונימדיקע רייד געפּועלט, דער מלמד זאָל כאָטש אביסל פאַר־לייכטערן די שטראָף. דאָס אָפּגעשמיסענע יינגל האָט נעבעך טאָפּלט געליטן, חוץ דעם פיזישן ווייטיק האָט ער זיך נאָך געמוזט ארומ־טראָגן מיט חרפות און בושות, ווייל די יינגלעך האָבן אויף אים נאָכדעם געטײַטלט מיט די פינגער און אים גערופן „געשמיסענער".

נו, פארשטייט מען שוין, אז דער חדר איז פאַר מיר, דעם יתום, ניט ווייניקער מסתמא ווי פאר אנדערע יינגלעך, געווען אַן אָפּקומעניש, און מיר פלעגן ציילן די טעג און וואַרטן אויפן פרייטאָג, ווען דער רבי פלעגט אָפּלאָזן דעם חדר נאָך האַלבן טאָג. די צווייטע העלפט פון ערב שבת פלעגן מיר — אין זומער — זיך שפּילן אויף דער גאַס, און ווינטער — זיך געלאָזט צום פארפרוירענעם טייך כאַפּן אַ גליטש... אָבער נאָך מער ווי דעם פרייטאָג האָב איך אויס־געקוקט די ערב יום־טוב טעג, ווען מען איז אינגאַנצן פּטור געוואָרן פון חדר און איך האָב געקאָנט פאָרן צום פעטער אין דאָרף אַריין — קיין קיילע.

אין קיילע, וואָס איז געלעגן בלויז עטלעכע ווייאָרסט פון

קאַפּוליע, האָבן געוואוינט מיינע דריי פעטערס מיט זייערע בני־בית. דער פעטער אליהו האָט דאָרט געהאַלטן די אַרענדע פון אַ היפּשן הויף, וואָס איז געווען דאָס אייגנטום פון עפּעס אַ גראַף, וואָס האָט געלעבט ווייט, אַזש אין ווילנע. דער פעטער האָט געהאַט זיבן זין און זעקס טעכטער און א הויף מיט פערד, קי, קעלבלעך און צוויי הינט, ווי אויך אַ וואַלד וואו מען האָט געקאָנט קלייבן יאַגעדעס און שוואָמען. האָט מיך דעריבער דער דאָרף קיילע געלאָקט און געצויגן ווי א כישוף.

אויך אין קאַפּוליע פלעג איך אָפט גיין מיט דער מאַמען קלייבן יאַגעדעס אין וואַנילאָוויטשער וואַלד, וואָס האָט געהערט צום אלטן פריץ וואַנילעוויטש. מיר, יידישע יינגלעך, האָבן אַרויסגערעדט דעם נאָמען וואַנילעוויטש מיט פּחד, און דאָס גיין אין זיין וואַלד נאָך יאַגעדעס איז שטענדיק געווען פאַרבונדן מיט אַ געוויסער ריזיקאַלישקייט. דער פּריץ פלעגט אַרויסשיקן אין וואַלד זיינע וועכטער, וועלכע מען האָט גערופן „סטראַזשניקעס״, באַגלייט פון בייזע הינט. אז אָך־און־ווי איז געווען צו די יעניקע, וואָס האָבן געוואַגט גיין אין וואַלד אָן אַ דערלויבעניש פון פּריץ. דער חשק צו קלייבן די יאַגעדעס האָט אָבער גובר געווען דעם פּחד, און מיר האָבן געזוכט מיטלען וויאַזוי אויסצומיידן אַ באַגעגעניש מיט די סטראַזשניקעס און זייערע כלבים. מיר פלעגן אויפשטיין דריי אַזייגער פאַרטאָג, איידער נאָך די סטראַזשניקעס מיט די הינט באַווייזן זיך אין וואַלד, ביז זעקס אַזייגער האָבן מיר שוין באַוויזן אָנקלייבן אַ פולן קרוג יאַגעדעס, וואָס די מאַמע פלעגט פאַרקויפן די שכנים פאַר ברויט און הערינג.

אָבער קיילע, און דעם פעטער אליהו״ס הויף, און זיין אייגענער וואַלד מיט יאַגעדעס, איז אין מיינע אויגן ממש געווען דער גן־עדן אויף דער ערד. דאָ האָב איך אָנגעטראָפן אַ פול הויז מיט יינגלעך און מיידלעך, גרעסערע און קלענערע פערד, קי און קעלבלעך, גענדז און הינער און צוויי הינט וואָס מען האָט גערופן ליסקע און ביסמאַרק, וואָס זינט מיין ערשטער באַגעגעניש מיט זיי זיינען געוואָרן מיינע בעסטע פריינט, אָט די צוויי שטוב־חיות, האָבן געקוקט אויף מיר מיט אַזויפיל ליבשאַפט און געטרייקייט, אַרויסגעשטעקט די

צינגער און געלעקט מיינע הענט און פּיס און ניט אָפּגעטראָטן פון מיר ביז זיי האָבן מיך באַגלייט אין וואַלד אריין. הײנט די פערד! אויך מיט די סוסים בין איך באַלד געוואָרן אַ נאָענטער מחותן. איך בין אריינגעקומען אין שטאַל און געגלעט זייערע פעל און רוקנס, און ווער שמועסט נאָך, אז איך האָב אמאָל באקומען די געלעגנהייט זיך אַרויפזעצן רייטנדיק אויף אַ פערד, ווער האָט זיך דעמאָלט געקאָנט גלייכן צו מיר; און דאָס גיין אין פעטער אליהוס וואַלד אַריין קלייבן יאַגעדעס, אין דער באַגלייטונג פון די צוויי כלבים, מעשה סטראַזשניק, דאָס, זעט איר, איז שוין געווען אַזאַ מין נחת, וואָס מען האָט ניט געקענט קויפן פאַר קיין שום געלט. שטעלט זיך נאָר פאָר! אַ קאַפּוליער חדר־ייִנגל, דערצו נאָך אַ יתום, גייט שפּאַצירן אין וואַלד מיט אַ חברה ייִנגלעך, באַגלייט פון צוויי כלבים, און פויערשע דאָרפישע „שקצים", רעדן מיט אים ווי צו זייערס אַ גלייכן, און רופן אים „פּאַני"· קאָנט איר זיך פאָרשטעלן אַ גרעסערן גליק? איין קלייניקייט! אַ ייִדיש ייִנגל, וואָס געהערט אָן דער משפחה פון ייִדישן פריץ! איז טאַקע דער נאָמען פון פעטער אליהו אויס־געוואָקסן אין מיינע אויגן צו אַזאַ הויך, אַז קיינער האָט זיך צו אים ניט געקאָנט גלייכן.

מיטן פעטערס קינדער, מיט די פערד, קי, קעלבלעך און הינט האָב איך זיך שטאַרק געפרייט, און איך בין געווען זיכער, אַז זיי האָבן זיך אויך געפרייט מיט מיר. איך בין אָבער ניט געווען אינגאַנצן זיכער צי מיין מומע חיה פרייט זיך אויך מיטן צוגעקומענעם גאַסט, מיט מיר, דעם יתום און חדר־ייִנגל פון קאַפּוליע.

איך האָב שוין פאַרשטאַנען, מיט מיין קינדערשן שכל, אז די מומע, וואָס איז שטענדיק ארומגעלאָפן אַ פאַרהאַוועטע און פאַר־שמייעטע און צוגעהערט ווי די קינדער האַלטן אין איין מאָנען:

— מאַמע! עסן! אַז זי האָט זיך וויניק־וואָס געפרייט מיט דעם וואָס אַ נייער עסערל איז צוגעקומען צום טיש. איז מילא, עסן ווי עסן! אָבער שפּילן קען מען זיך איבער געענוג, און אויב דער הונגער הייבט אָן קוועלן? דערצו איז דאָ אַן עצה. איך גיי מיר אריין אין שטאַל, קוק זיך צו ווי די פויערטעס מעלקן די קי, זע ווי די בהמות קייען זיך אַזוי רואיק דאָס שטרוי, ווי זיי וואָלטן געוואָלט וויזן, אַז עס הייבט זיי גאָרניט אָן צו קימערן, וואָס מען צאַפּט פון זייערע

איטערס די ווייסע שטראָמען מילך, — און דעמאָלט טרעפט טאַקע אַז די גוי׳אישע מעלקערין טראָגט מיר צו אַ קרוג מיט פריש־וואַרעמע מילך און זאָגט:

— טרינק, טרינק, ביסט דאָך חיה שרה׳ס זון, טרינק און זאָל דיר זיין צו געזונט...

דאָס גיין פון הויף און פון די שטאַלן אין וואַלד אריין קלייבן יאַגעדעס אין שפעט־פרילינג און שוואָמען — זומער, איז געווען אַ באַזונדער פאַרגעניגן. דאָס קלייבן שוואָמען איז געווען אַ זאַך, וואָס איז געווען פארבונדן מיט טאַלאַנט, קענטעניש און בריה׳שאפט. די שוואָמען זיינען באַהאַלטן טיף אין גראָז און מען דארף דעריבער האָבן אַ געניט אויג צו דערקענען דאָס אָרט פון זייער באַהעלטעניש. אויב איר באַמערקט איין שוואָם, זייט וויסן, אַז דאָ אַרום מוזן זיך געפינען נאָך שוואָמען. וואָס מען דאַרף איצט טאָן, איז גוט אַרום־טאַפּן די גראָזן פון אַלע זייטן ביז מען אַנטפּלעקט די גאַנצע שפע שוואָמען.. מען האָט אויך געדאַרפט זיין א מבין, אַ באַהאַוועגטער אין די פאַרשיידענע מינים שוואָמען. אָט נעמט, צום ביישפּיל, די קליינינקע שוועמעלעך, וואָס האָבן ערשט באַוויזן ארויסצורוקן די ווייסינקע קעפּעלעך פון דער ערד ארויס, אָט־די שוועמלעך זיינען דוקא די געשמאַקסטע און באַטעמטע.

דאָס אָנקלייבן שוואָמען איז פאַר אונז, קינדער, ממש געווען אַן אוצר. אויב מיר האָבן באַוויזן צונויפנעמען אַ היפּשע מאָס שוואָמען האָבן מיר שוין מיט דעם געלייזט אַ פּראָבלעם. די אייביקע פראַגע, וואָס די קינדער פרעגן דער מומע חיה: — מאַמע, עסן? — איז שוין אַ פאַרענטפערטע. קיין אַפּעטיט האָט אונדז, ברוך השם, ניט געפעלט. די אָנגעקליבענע שוואָמען האָט די מומע צוגעפּרעגלט מיט יונגע קאַרטאָפל און ציבעלקעס, און ס׳האָט זיך באַקומען אַ יום־טובדיקער מאכל, מחיה־נפשות!

דער פעטער אליהו האָט, קיין עין־הרע, געהאַט דרייצן קינדער. חוץ די קינדער האָבן זיך אויך געפונען אין זיין הויף דער מלמד, דער פאַרוואַלטער און די באָבע אסתר. האָבן טאַקע דע רפעטער און די מומע, די באָבע, דער מלמד און דער פאַרוואַלטער און די עלטערע טעכטער, וואָס זיינען שוין געשטאַנען אין שידוכים — פאַרנומען

אַלע חדרים פון דער שטוב און פּאַר אונדז, חברה קליינוואַרג, איז געבליבן די קיך און דער אויוון אין ווינטער און דער שייער — אַ גאַנץ זומער, פון נאָך־פּסח ביז איבער סוכות.

דאָס שלאָפן ווינטער אויפן־אויוון איז, דעם אמת געזאָגט, ניט געווען אַזוי אָנגענעם און באַקוועם. מען האָט זיך ניט געקענט אויסציען צוליב מאַנגל אין פּלאַץ, עס האָבן זיך געקנוילט הענט און פיס, און אינדערפרי האָט זיך אָנגעהויבן אַ זוכעניש פון העמדער און פלודערן, וואָס מען האָט פאַרביטן... אָבער וואָס פּאַר אַ ממשות האָבן די אַלע קלייניקייטן קעגן דער שמחה פון שלאָפן אינ־איינעם אויפן אויוון!

און אַז עס איז געקומען דער זומער־לעב, ווען אַלע קינדער זיינען אַוועק שלאָפן אין שייער, איז גאָר די פרייד געווען אין לשער.

דאָס הויכע אָנגעהויפטע היי אין שייער, וואָס איז געווען אָנ־געוואַלגערט ביזן דאַך, האָט אונדז געדינט פּאַר קישנס צוקאָפּנס, פאַר ליילעכער און פּאַר אַ צודעק. פּאַר קעלט האָבן מיר ניט מורא געהאַט, און טאָמער איז געווען אַ קאַלטע נאַכט, האָט מען ארויפגעטאָן אויף זיך נאָך אביסל היי. פאַרן שלאָפן גיין האָבן זיך חברה קונדסים צעטיילט אויף צוויי מחנות מיט גענעראַלן, אָפיצערן און פשוטע סאָלדאַטן, וואָס האָבן געפירט מלחמות אויפן הייאיקן שלאַכטפעלד, דאָס איז געווען אַ רעגולערע מלחמה מיט זיגער און באַזיגטע, אָבער דער באַזיגטער צד האָט חלילה קיינמאָל ניט אַרויסגעוויזן קיין שנאה דעם צד, וואָס האָט מנצח געווען אין דער מלחמה, די מפלה פון איין צד האָט ניט געשמעקט מיט געפּאַר אָדער מיט בזיון. דאָס ערגסטע וואָס האָט געקענט טרעפן דער באַזיגטער מחנה איז געווען די „געפּאַר" פאַרשאָטן צו ווערן מיט אַ קופּע היי, פון וועלכע מען האָט זיך גרינג אָפּגעטרייסלט. פלעגן מיר זיך צעטיילן אין צוויי מחנות, און ווי די אַמאָליקע יידן פון חומש געפירט מלחמות מיט די מצריים און די כנענים. עס פלעגט צו גיין אויף דעם אופן: איידער מיר האָבן אָנ־געהויבן די מלחמה האָבן מיר געוואָרפן גורל, ווער עס זאָל געהערן צו די כנענים און ווער דער מחנה ישראל.

אויסער די מלחמות האָבן מיר, חברה יונגוואַרג, זיך פאַרנומען מיט אַן אַנדער מין צייט־פאַרטרייב, וואָס האָט געצונדן אונדזערע קינדערשע פאַנטאַזיעס. מיר האָבן זיך דערציילט מעשות וועגן וואַלד־

גזלנים און שדים. דער הויפּט מעשה־דערציילער איז געווען משה, דעם פּעטערס זון, וואָס איז געווען אַ מייסטער אויף דעם געביט פון אויסטראַכטן פאַנטאַסטישע מעשות. די געשיכטעס פלעגן פליסן פון זיין מויל ווי קלאָר קוואַליק וואַסער. די מעשות וועגן די גזלנים האָבן מיר געשלונגען ווי דאָרשטיקע. פאַר גזלנים, האָבן מיר גע־וואוסט איז דאָ איין מיטל — גבורה, און גיבורים האָבן דאָ, אין פּעטער אליהו׳ס הויף ניט אויסגעפעלט. צוזאַמען מיט אונדז אין שייער זיינען געשלאָפן עטלעכע יונגע און געזונטע פּויערים און אויך הערשל דעם פּעטערס איז, קיין עין־הרע, געווען אַ יונג אַ כוואַט.

דערפאַר האָבן מיר שוין געציטערט פאַר די שדים און ניט־גוטע. דער עיקר האָבן מיר מורא געהאַט, ווייל מיר האָבן געוואוסט, אַז דאָ אין שייער איז ניטאָ קיין מזוזה אויף דער טיר, און אין אַ הויז, וואו עס איז ניטאָ קיין שמירה — אַ מזוזה — הוליען ארום „ניט-גוטע״.

דער פּחד פאַר די שדים האָט זיך אין דער קינדישער פאַנטאַזיע אויסגעדריקט אויף פאַרשיידענע אופנים, און האָט אָנגענומען פאַר־שיידענע געשטאַלטן; אַמאָל איז עס געווען דער חושך אין שייער, וואָס איז פול געווען מיט היי, א פינצטערניש, וואָס מען האָט ממש געקענט אָנטאַפּן מיט די הענט; דער ווינט, וואָס האָט אריינגעבלאָזן דורך די שפּאַרונעס מיט אַ פייף און געברום, דאָס האָבן מיר געהאַלטן, זיינען מעשים פון די „ניט־גוטע״. דאָס געשטאַלט פון אַ שד האָט זיך אין אונדזערע מוחות אויסגעמאָלן ווי אַ באַראַן מיט לאַנגע פאַר־דרייטע הערנער, און האָט געטראָפן, אַז אַ פערד האָט זיך פלוצלינג צעהירזשעט, אָדער אַ קו האָט זיך צערעוועט ביים מעלקן, איז עס געווען אַ סימן, אַז שדים רייטן ביי די בהמות אויף די רוקנס...

די פרייד און דער יום טוב פון נעכטיקן אין שייער איז אָבער געווען אַזוי שטאַרק, אַז די שמחה האָט גובר געווען און באַזיגט די מורא פאַר די בייזע רוחות און גייסטער.

# די באָבע אין ווייסע קליידער

אין בין הזמנים, די צווישן־סעזאָנען, ווען איך בין געווען פריי פון חדר פלעג איך פאָרן צו מיינע פעטערס אין דאָרף. די נסיעה אליין איז געווען אַ גרויס פאַרגעניגן. באַזונדערס האָב איך ליב געהאַט די רייזע אום ווינטער, ווען מען איז געפאָרן אויף אַ שליטן, מיט איינגעשפּאַנטע באַגלעקלטע פערד. ווען דאָס פערד איז זיך אַביסל צעלאָפן האָבן זיך די גלעקלעך צעקלונגען. אויך די גאַנצע ווינטער־דיקע נאַטור־פּאנאראַמע, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר די אויגן בעת דער רייזע פון שטאָט אין דאָרף, האָט פאַרשאַפט גרויס הנאה.

אָט פאָרן מיר פאַרביי פאַרשנייטע פעלדער, לאָנקעס, מאַסיווע שטאָלצע ביימער, איינגעהילטע אין שניי־ווייסע, ווינטערדיקע תכריכים און אָפּגעהאַקטע שטאַמען פון ביימער, וואָס זיינען אינ־גאַנצן באַדעקט מיטן ווייסן זילבער־שטויב. דער וואַלד האָט גע־מאַניעט און געצויגן, און אויך אַביסל געשראָקן מיט דער דראָענ־דיקער אימה פון גזלנים, וואָס אָט־אָט און זיי לויפן ארויס פון הינטער אַ פאַרשנייטן בוים.

עס געדענקט זיך מיר איין חנוכה אָוונט ביים פעטער אליהו אין זיין פּריצישן הויף פון קיילע. מיר האָבן געטראָפן דעם פעטער זיצן אין שטוב, אַרומגערינגלט מיט די גרעסערע קינדער שפּילן דאָמע. די מומע חיה האָט געהאַלטן אין איין צוטראָגן צום טיש די הייסע און געשמאַקע חנוכה־לאַטקעס, וואָס האָבן גערייצט דעם אַפּעטיט.

ווי נאָר איך בין אריינגעקומען האָט מיך דער פעטער געפרעגט:

— יוסף, ווי געפעלט דיר עפּעס קיילע?

— קיילע געפעלט מיר — האָב איך אים געענטפערט — איך קען זיך דאָ אַ סך שפּילן, — און האָב באַלד צוגעגעבן, — אָבער ווייניק עסן...

ווי נאָר איך האָב ארויסגעזאָגט די ווערטער האָבן זיך אַלע

איבערגעקוקט, ווי זיי וואַלטן זיך פאַרשטאַנען אויפן וואונק, און אַנדערע האָבן אראָפּגעלאָזט די אויגן צום דיל. ווייזט אויס, אַז מיין ענטפער האָט געצילעוועט וואו מען דאַרף און געטראָפן אין פּינטל אַריין. איך האָב מיט מיינע רייד אַריינגעשפּילט אין געמיט פון אַלע זיצנדיקע, ביי וועמען דאָס וואָרט, דער ענטפער, וואָס איך האָב געגעבן דעם פעטער, איז געווען טיף באַגראָבן אין האַרצן, און זיי האָבן ניט געהאַט דעם קוראַזש פון חדר־ייִנגל אים אַרויסצוברענגען אויף דער צונג...

דער פעטער אליהו האָט פאַר דער גאַנצער וועלט, דאָס הייסט פאַר זיין סביבה, געגאָלטן פאַר אַ פּריץ, אַ ייד אַן עושר, וואָס פאַרמאָגט קיין, עין הרע, אַ נחלה, זיין אייגנס פון פעלדער, אַ וואַלד, קי, עופות, געדונגענע אויפזעער און אַרבעטער; ער האָט זיך פאַרגונען צו האַלטן אַ מלמד, אַ רוסישן לערער און איז געפאָרן אין אַ קארעטע, בקיצור, אַ פאַרמעגלעכער ייד.

דאָס איז אָבער געווען בפהרסיא, פאַר דער עפנטלעכקייט. ביי אים אין הויז איז שוין געווען גאָר עפּעס אַנדערש! דאָ האָט צוגעפּייפּט דער דלות, וואָס מען האָט פאַר דער וועלט צוגעדעקט מיט זיידנס. ווען קיין פרעמדער מענטש איז ניט געווען אין הויז, פלעגן די באָרוועסע קינדער ארומלויפן מיט איין טענה אין מויל:

— מאַמע, מיר ווילן עסן!

האָט מען אָבער דערוואַרט אַ גאַסט, אַזוי האָט זיך דאָס אויסזען פון הויז באַלד געענדערט. עס איז אנטשטאַנען אַ מהומה, אַ ליארם, קינד און קייט, די גאַנצע משפּחה, זיינען געלאָפן, זיך געאיילט אָנצוטאָן די שיך, ארויפציען אויף זיך די שבתדיקע בגדים, כדי די דרויסנדיקע וועלט זאָל חלילה ניט געוואוירע ווערן, אַז ביים פעטער, ביים קיילער פּריץ אין הויז, הונגערט מען, נעבעך, אונטער און מען גייט באָרוועס...

מיינע אַנדערע צוויי פעטערס, אייזיק פון דער קרעטשמע און משה אהרן, וואָס האָט געהאַלטן די פּאָטשט, האָבן גוט געוואוסט, אַז דער פעטער אליהו איז נעבעך אַ קבצן אין זיבן פּאָלעס און מאַכט בלויז אַ נגידישן אָנשטעל, דעריבער איז מיין ערשטער אריינזאָג

יענעם חנוכה־אָוונט, וועגן „אַ סך שפּיל און ווייניק עסן״, אויפגעד כאַפּט געוואָרן אין דער משפּחה און האָט אַ סך יאָרן געגאָלטן ווי אַ געלונגענע כאַראַקטעריסטיק פאַר דער גבירישער פירעכץ פון פּעטער אליהו און זיין הויזגעזינד.

די הויפּט סיבה פאָרן אויספּיינען זיך פאַר לייט, האָט זיך, דאַכט מיר, גענומען פון דעם וואָס דער פּעטער און די מומע האָבן פאַרמאָגט בתולות, וואָס זיינען שוין געווען רייף פאַר דעם פּעריאָד, ווען מען ברעכט טעלער, דאָס הייסט פּשוט שוין ראוי לחופּה. זיי זיינען טאַקע געשטאַנען אין שידוכים. שדכנים פון די אַרומיקע שטעטלעך האָבן אָפּגעשלאָגן זייערע שוועלן און קיין איין שידוך איז ניט אויסגעפירט געוואָרן.

די עלטסטע טאָכטער, רחל, האָט זיך אויפגעפירט ווי אַן אמתע פּריצטע, זי איז געפאָרן אין אַ קארעטע, גערעדט רוסיש, געלייענט רוסישע ביכער, געשפּילט פּידל, זי איז אָבער געווען אַ גרויסע איבערקלייבערין פון חתנים. בחורים זיינען געקומען קיין קיילע אָנ־קוקן די כלה און זיינען אַוועקגעפאָרן צוריק מיט גאָרניט. אָדער דער כלה איז ניט אָנגעשטאַנען דער יחוס, אָדער זי האָט געפונען אַן אַנדער חסרון ביים חתן. אַזוי האָט געדויערט אַ שטיק צייט ביז דער שפּיל האָט מער ניט געקאָנט אָנגיין. רחל האָט אָנגעהויבן אַרויס־ווייזן סימנים פון עלטער און מען האָט זיך אָנגעהויבן זאָרגן, די בתולה זאָל חלילה ניט בלייבן קיין פאַרזעסענע מויד. דעמאָלט האָט שוין, ווייזט אויס, רחל אויך געמוזט איינגיין אויף פּשרות, אַרונטער־לאָזן אביסל פון יחוס, און די מויד איז מיט מזל געוואָרן די כלה פון אַ באַלעבאַטישן קאַפּוליער בחור. דער שידוך איז, אַזוי צו זאָגן, געווען אַ מין בעל־כרחו־שידוך. מעגלעך, אַז מיט אַ יאָר פריער, וואָלטן דער פּעטער און די מומע בשום אופן ניט איינגעגאַנגען אויף דעם שידוך, אָבער איצט — פאַרפאַלן! ווי עס זאָגט זיך אין יידישן פאָלקס־ווערטל: „אַז מען קאָן ניט אַריבער, מוז מען אַרונטער״!

רחלס חתונה אין קיילע איז שוין געווען איינמאָל אַ חתונה!

די שמחה, די חופּה און שבע ברכות, האָבן זיך געצויגן אַ גאַנצע וואָך. עס איז געווען זומער און דער גאַנצער הויף איז געווען באַצירט און אויסגעפּוצט מיט פרישע שמעקענדיקע בלומען און רויזן. די חופּה און די חתונה־מאָלצייטן זיינען פאָרגעקומען אונטערן פרייען

הימל. די צאָל מחותנים און געסט איז געווען איבער אַ צענדליק מנינים. דאָ זיינען געווען פאַרשיידענע מענטשן, פון אַלערליי שיכטן און שטאַנדן; יידן פון שטעטל און דאָרפישע יידן; פּריצים פון די אַרומיקע הויפן, פּויערים און ערד־ארבעטער פון די דערפער. יעדער קלאַס און יעדער שטאַנד, יידן און ניט־יידן, האָט זיך משמח געווען אויף זיין אופן און לויט זיין שטייגער, געזונגען זייערע ניגונים און געטאַנצט זייערע טענץ. היינט די באָבע אסתר! דער באָבעס „דריידל״־טאַנץ מיט דער כלה איז געווען דאָס געשפּרעך פון טאָג. עד היום, ווען איך הער דאָס פּאָפּולערע לידל „די באָבע טאַנצט אַ דריידל״, שווימט אַרויף אין מיין זכרון דער באָבעס ניגון און איך זע ווי זי דרייט זיך מיט דער כלה...

ווי שוין פריער דערציילט איז די גאַנצע כאַליאַסטרע קליינ־וואַרג אַ גאַנצע וואָך געווען פאַרטאָן אין זייערע אייגענע עסקים און שפּילערייען. דער איינציקער טאָג, ווען מיר אַלע זיינען געזעסן ביים טיש מיטן פעטער אליהו איז געווען שבת. די סעודה האָט זיך געווינלעך אָנגעהויבן מיטן פעטערס אויסטיילן דעם כזית המוציא וואָס ער האָט אָפּגעשניטן פון אַ גרויסער געפלאָכטענער חלה און נאָכדעם האָט די מומע אויסגעטיילט די שבתדיקע מאכלים.

נאָך פאַרן אויסזעצן זיך צום טיש איז שוין צווישן דער לעבע־דיקער כאַליאַסטרע אַוועק אַ גאַנצער מסחר מיט דער המוציא־פּאָרציע, וואָס מען האָט פאַרקויפט, פאַרשאַכערט פאַר אַ חלק מאַלינעס פון גאָרטן־ביימעל וואָס האָט געהערט צו יעדן איינעם פון דער משפחה אין הויף. היות, ווי איך, דער יתום, האָב ניט פאַרמאָגט מיין אייגנס אַ ביימל מאַלינעס, און ניט געהאַט פאַר וואָס צו טוישן, האָב איך געמוזט צופאַסטן. דער אַפּעטיט איז אָבער געווען אַ סך גרעסער פון דער פּאָרציע עסן, וואָס די מומע האָט מיר צוגעטיילט, האָב איך באַשלאָסן, אַז פאַר אַזאַ איינעם ווי איך, וואָס האָט ניט קיין חלק און נחלה אין גאָרטן פון די מאַלינעס, לוינט זיך בעסער עסן שבתים ביים פעטער אייזיק אין דער קרעטשמע.

ביים פעטער אייזיקס טיש האָב איך זיך געפילט גאָר־גאָר היימיש, סיי אין די שבתים און סיי אין די וואָכנטעג. אַ שטיקל צרה

איז נאָר געווען דער מהלך, דער גאַנג פון אַן ערך אַ ווערסט צום פעטערס קרעטשמע. די צרה איז באַשטאַנען אין דעם וואָס אויפן וועג פון פעטער אליהו׳ס הויף צו דער קרעטשמע איז געשטאַנען אַ אַלטע פאַרלאָזטע געביידע, אַ ליידיקע און פוסטע חורבה, וואָס איז אַ גאַנץ יאָר געווען פאַרלאָזט, נאָר אין שפעט־זומער, נאָכן שניט, פלעגן די אַרומיקע פויערטעס אויסקלייבן דאָרט דעם פלאַקס, וואָס זיי האָבן אראָפּגענומען פון די פעלדער.

ווי באַלד אַ פוסטע חורבה מיט צעבראָכענע פענסטער, איז שוין ביי מיר ניט געווען דער מינדסטער ספק, אַז דאָס אָרט איז א מקום־מקלט, אַ פּלאַץ וואו עס האַלטן זיך אויף שדים און ניט־גוטע. אויס־מיידן די חורבה האָב איך ניט געקענט, זי איז געשטאַנען פונקט ביים שליאַך, האָב איך געמוזט נוצן קעגן די שדים די איינציקע סגולה, וואָס איך האָב פאַרמאָגט. איך פלעג מיט אַן אימפּעט פאַרביי־לויפן די חורבה און מיינע ליפּן האָבן געפּליסטערט: „שמע ישראל, שמע ישראל ר״ל — דער איינציקער מיטל, אַז די שדים זאָלן דיך חלילה ניט מזיק זיין...

די שרעק האָט זיך אָבער געלוינט, אבי מען קאָן עסן ביים פעטער אייזיקס טיש און דערצו נאָך זיין אונטער דער באָבעס שוץ.

געקומען צום פעטער אייזיק אין קרעטשמע אַ פאַרסאָפּעטער האָב איך שוין דאָרט געמוזט איבערנעכטיקן, ווייל ווער וועט עס וואַגן גיין צוריק ביינאַכט פאַרביי דער שדים־חורבה? געשלאָפן בין איך אין דער באָבעס קאַמער, וואו זי האָט מיר צונויפגעשטעלט אַ געלעגער פון עטלעכע בענקלעך.

די באָבע אסתר האָב איך זייער ליב געהאַט, און איידער נאָך איך מאָל אָפּ מיין פעטער אייזיק, ווילט זיך מיר, כאָטש אין קורצע שטריכן, זיך טיילן מיטן לייענער מיט מיינע קינדער־געפילן און דעראינערונגען וועגן דער באָבע אסתר.

די באָבע אסתר איז געווען אַ הויכע, א שיינע און שטאַלטנע יידענע, וואָס האָט זיך שטענדיק געיחוסט מיט איר אָפּשטאַם, מיט אירע אבות און זיידעס. תשעה־באָב און אין די אלול־טעג, ווען יידן גייען אויף קבר־אבות זיך אויסוויינען אויף די קברים אָדער אויס־בעטן אַ גוט־יאָר, פלעגט די באָבע מיטנעמען מיט זיך אַן עלטער אייניקל און ער פלעגט פאַר איר, הויך אויף אַ קול, לייענען די

אויפשריפטן, די טיטולן, וואָס זיינען אויסגעקריצט אויף די מצבות. די באָבע האָט שטאָלצירט מיט איר יחוס, וואָס האָט זיך געצויגן פון די אַלטע, דורותדיקע מיט מאָך־באַדעקטע און גראָז־פאַרוואָקסענע מצבות, און אויך איך, דער אייניקל, בין געווען שטאָלץ, וואָס איך האָב אַזאַ יחסנטע פאַר אַ באָבע.

אין דער משפחה האָט די באָבע אסתר געגאָלטן פאַר דעם איינציקן אויטאָריטעט, וואָס האָט ביז אַ געוויסן גראַד באַשטימט דעם גורל פון די קינדער און אייניקלעך. איר וואָרט האָט דעצידירט צי דאָס ייִנגל אָדער מיידל זאָלן פאָרן לערנען אין שטאָט, מען האָט זיך שטאַרק גערעכנט מיט איר מבינות אויף שידוכים, און איז חלילה עמעצער פון דער משפחה קראַנק געוואָרן, האָט מען זיך גלייך שואל־עצה געווען, באַראַטן מיט דער באָבען, נאָך איידער מען האָט גערופן דעם דאָקטאָר אָדער לייבקע, דעם פעלדשער.

באַבסקע רפואות האָט די באָבע געהאַט געגוג. פאַר יעדער מחלה און קרענק האָט זי געהאַט איר סגולה. דאָס ערשטע רפואה־מיטל איז געווען אָפּשפּרעכן אַן עין־הרע. האָט עמעצער באַקומען אַ ווייטיק אין האַלדז — האָט די באָבע באַפוילן מען זאָל צולייגן אַ וואָלן טיכל מיט אַביסל אַש פונעם אויוון. פאַר אַ פאַרדאָרבענעם מאָגן איז די רפואה געווען — אַ היפּשע פּאָרציע זויער־מילך.

ביי די פעטערס אין קיילע איז זויער־מילך געווען אַ גאַנגבאַר אַרטיקל און די באָבע האָט זיך באַנוצט מיט דעם צו פאַרשיידענע קרענק. איינמאָל, געדענקט זיך מיר, איז אויסגעבראָכן אַ מגיפה אין דאָרף אויף די בהמות. די באָבע האָט באַלד באַפוילן מען זאָל אַרויספירן די בהמות פון די שטאַלן איינציוויייז, נאָכדעם אַרויסנעמען פון די קעלערס די סמעטענע־קרוגן, פון וועלכע מען האָט אויסגעשלאָגן פוטער, און איינגעבן די בהמות דאָס זויער־מילך. האָט זיך געמאַכט און אַ בהמה האָט זיך פאַר׳עקשנ׳ט און ניט געוואָלט נעמען די זויער־מילך רפואה, האָט די באָבע אַ קאָמאַנדעווע געטאָן אויף אירע זין, די פעטערס, מען זאָל מיט געוואַלד אַריינגיסן די רפואה אין דער בהמה׳ס מויל...

הכלל, די באָבע אסתר האָט געקיניגט איבער די משפחות פון קיילע, ווי די פאַרצייטיקע אסתר המלכה אין שושן הבירה...

מיר, דעם יתום, האָט די באָבע ארויסגעוויזן אַ באַזונדער אויפ־מערקזאַמקייט. זי פלעגט זיצן לעבן מיר ביים עסן, פון צייט צו צייט מיר געבן עטלעכע קאָפּיקעס, און גאָר אָפט לייגן לאַטעס אויף מיינע צעריסענע בגדים, אָפט אַ לאַטע אויף אַ לאַטע. זי איז שטענדיק געווען גרייט מיך אויסצוהערן, אויפנעמען מיט געדולד מיינע טענות און זיך אָנגענומען מיין קריוודע. אַז עמעצער האָט מיך באַליידיקט אָדער אַז איך האָב באַקומען אַ קלאַפּ פון אַ ייִנגל בין איך באַלד געלאָפן זיך באַקלאָגן פאַר דער באָבען און די באָבע פלעגט זיך אויפ־שטעלן און אַ קלאַפּ טאָן מיטן שטעקן, וואָס זי האָט קיינמאָל פון האַנט נישט אַרויסגעלאָזן, און האָט אויסגערופן מיט אַ מאָראַליש קול:

— קינדער, אַ יתום טאָר מען ניט אָנרירן! אַ יתום מוז מען שוינען און היטן ווי דאָס אויג אין קאָפּ. זיין טאַטע אין הימל וועט זיך איינשטעלן פאַר אים און ניט לאָזן טאָן שלעכטס זיין איינציקן קדיש...

פאַרשטייט זיך, אַז איך בין געווען גליקלעך צו שלאָפן ביי דער באָבען אין קאַמער. כאָטש איינמאָל איז מיין פרייד פאַרשטערט געוואָרן. אין מיטן נאַכט האָב איך זיך אויפגעכאַפּט, געעפנט די אויגן און דערזען — א מת... אָנגעטאָן אין ווייסע תכריכים שטיין אין מיטן קאַמער... איך האָב אָנגעהויבן ציטערן פאַר שרעק, און איך ווייס ניט פונוואַנען עס האָבן זיך ביי מיר גענומען די כחות אויס־צורופן: — באָבע, באָבע! — אָבער באַלד האָב איך דערהערט דאָס באַקאַנטע קול, דער באָבעס שטימע.

— שרעק זיך ניט, יוספקע, דאָס בין איך, דיין באָבע. דאָס מעסט איך אָן די אייביקע קליידער מיט וועלכע איך וועל אָנקומען אויפן עולם האמת. פון צייט־צו־צייט מעסט איך אָן די תכריכים...

עס איז זיך גרינג משער צו זיין, אַז אין יענער נאַכט בין איך שוין ניט געשלאָפן און בין געפּייניקט געוואָרן פון אַן אַ שיעור חלומות.

# דער פעטער אייזיק — אַן אַרענדאַר און „חיי אָדם״־ייִד

מיין פעטער אייזיק איז ניט געווען קיין פּריץ, נאָר אַן אַרענדאַר, וואָס האָט געהאַלטן אין אַרענדע אַ קרעטשמע. ער האָט אויך פאַרמאָגט עטלעכע אַקער פעלד און אַ סאָד מיט פרוכט. ער איז געווען אַ הויכער, פעסט־געבויטער ייִד מיט אַ פּאָר גוטמוטיקע ווייכע אויגן, אַ פּעך־שוואַרצע באָרד, וואָס האָט ארומגעזוימט אַ שטענדיק שמייכלענדיק פּנים. ווייט פון אַ נגיד איז ער אָבער געווען אַ ייִד מיט אַ גאָלדענער האַרץ און אַן אָפענע האַנט, דערצו אַ גרויסער מכניס אורח.

די אורחי ופורחי, די אָרעמע לייט, שטענדיקע שטעטל־און דאָרפס־גייער, האָבן גוט געוואוסט, אַז ביים פעטער אייזיק אין קרעטשמע, וועלן זיי ניט נאָר קריגן אַ פעטע סעודה, נאָר אויך אַ בכבודיקע מתנה, אַ זעקל קאַרטאָפל, אַ טוץ אייער און אַביסל מילכיקס. מיט ליידיקן האָט אַן אָרעמאַן די קרעטשמע ניט פאַר־לאָזט. דער פעטער האָט אויפגענומען יעדן אורח מיט ליבע, האָט אים אַנטקעגנגעטראָגן אַ וואַרעמען שלום עליכם און זיך שוין ארומ־געפאָרעט מיטן גאַסט ביז יענער איז גרייט געווען זיך פאַרנעמען אין וועג אריין, און ביים אַוועקגיין פלעגט דער פעטער באַגלייטן דעם אורח אַ שטיק וועג, ביז צו דער בריק אויפן טייך, וואָס האָט אָפּגעטיילט די קרעטשמע פון פעטער אליהו׳ס הויף.

דער פעטער האָט זיך נוהג געווען אויפצושטיין גאַנצפרי און דאַוונען מיטן ערשטן זון־שפּראָץ. פאַרן דאַווענען פלעגט ער לערנען זיינע ספרים. זיין באַליבטסטער ספר איז געווען דער „חיי אדם״, דער פּאָפּולערער, פאָלקישער שולחן ערוך, אָדער געזעץ־בוך פאַר די ליטווישע און ווייס־רוסישע ייִדן, וואָס איז דאָ אין לשון־קודשדיקן אָריגינאַל און אויך עברי־טייטש, אין פּראָסטן יידיש. ער איז אַזוי געווען אַריינגעטאָן אין „חיי אדם״, אַז דער ספר האָט אים

געדינט פאַר אַ וועג־ווייזער אין זיין לעבנס־אויפפיר, און ניט נאָר אין די פרומע דינים. אַזוי, צום ביישפּיל, פלעגט ער זיך נוהג זיין צו נעמען אַ לאַנגן שפּאַציר פאַרן דאַוונען, אָדער זיך היטן פון טרינקען ניט געזאָטענע וואַסער, פאַרופנדיק זיך אויפן „חיי אדם״. אַזוי הייסט דער „חיי אדם״, אַזוי שטייט געשריבן אין „חיי אדם!״

אַ גוטער און שטילער טאַטע איז דער פעטער אייזיק געווען. איך האָב אים קיינמאָל ניט געהערט אויפהייבן אַ הויך קול אויף די קינדער און ער איז בכלל געווען אַ ייד א שותק, וואָס האָט געשוויגן. דער דאָזיקער פרומער און שטילער ייד, איז אָבער געווען אַ גיבור. וועגן זיין שטאַרקייט האָב איך זיך אָנגעהערט מעשות און חידושים פון מיין מאַמען. נאָך פון אירע מיידלשע יאָרן, געדענקט זיך, האָט זי מיר דערציילט, אַז דער פעטער אייזיק פלעגט אויפהייבן אַ גאַנצע כאַפּטע שיכורים אין דער קרעטשמע, ווי מען הייבט אויף אַ זאַק היי, אָדער קליינע עופה׳לעך, און ארויסטראָגן די שכורע פויערים אין דרויסן, זיי אַוועקלייגן און אָנזאָגן, זיי זאָלן אַזוי ליגן ביז זיי וועלן זיך אויסניכטערן.

די גבורה האָט דער פעטער באַוויזן ניט נאָר קעגן מענטש נאָר אויך קעגן חיה. ארום קיילע האָבן זיך געפונען וועלף, וואָס פלעגן באַפאַלן בהמות און האָבן אויך ניט געשוינט די מענטשן, אָבער פאַרן פעטער אייזיק האָבן זיי געהאַט דרך־ארץ, אַ סימן ער האָט קיינמאָל ניט מורא געהאַט צו גיין אין וואַלד, ניט נאָר ביטאָג נאָר אפילו ביינאַכט, האָט מען דערפאַר צום צעטל פון זיין שטאַרקייט, פון זיין גבורה, אויך צוגעשריבן אַ מעשה נורא, אַז ער זאָל האָבן אַוועקגעלייגט אַ וואָלף מיט איין זעץ פון אַ דובינע...

דער פעטער האָט אויך געהאַט אַ מנהג פון גיין זיך טובל זיין יעדן פרימאָרגן אין דערבייאיקן טייך, האָבן יודעי חן געשמועסט וועגן גיבור, אַז ווינטער פלעגט ער אויסהאַקן אַ לאָך אין אייז און זיך טובל זיין, זיך אָפּטונקען אין פראָסטיקן און אייזיקן וואַסער...

פויערים זיינען געווען אָפטע געסט ביים פעטער אייזיק אין דער קרעטשמע. ניט נאָר האָט מען זיך אין דער קרעטשמע ניט געשראָקן פאַר אַ אַ גוי׳אישן פויער, נאָר מען האָט געוואוסט, אַז די פויערים פאַרגעטערן ממש דעם פרומען אַרענדאַר.

איך האָב שטאַרק ליב געהאַט צו זיצן ביים לאַנגן הילצערנעם טיש, ארום וועלכן עס זיינען געזעסן פּויערים און האָבן געשמועסט.

די שמועסן האָבן זיך אָנגעהויבן פון היימישע, דאָרפישע ענינים און פלעגן שטענדיק איבערגיין אין אַ שמועס וועגן מלחמה, וואָס גרייט זיך, און געענדיקט האָבן זיי זיך מיט מעשות וועגן שדים און וואַלד־רויבער.

דער פעטער אייזיק האָט געהאַט ארום זיך אין דער קרעטשמע אַ קלענערע משפּחה ווי דער פעטער אליהו. ער האָט געהאַט צוויי אויסגעגעבענע זין. איינער האָט געוואוינט אין שטעטל טימקעוויטש און אַ צווייטער — אין אַמעריקע. אין קרעטשמע זיינען געבליבן צוויי קלענערע זין, צוויי טעכטער, די באָבע אסתר און די מומע דבורה.

די פּויערים האָבן זיך שטענדיק נאָכגעפרעגט ביים פעטער אויף זיינע צוויי זין און וועגן פאַרשיידענע געשעפטן. זיי האָבן אים פּשוט געהאַלטן פאַר אַ הייליקן. געווען פאַלן, ווען די פּויערים האָבן בכיון פאַרנאַרט דעם פעטערס אַ קו אָדער אַ פערד אויף זייערע פעלדער, כדי ער אליין, בכבודו ובעצמו, זאָל קומען ארונטערטרייבן די בהמות, און דערוויל באַטרעטן זייער ערד, וואָס האָט באַדאַרפט אין זיין זכות געבן אַ גרעסערע שפע פון זיך ביים שניט.

מער פון אַלץ האָב איך ליב געהאַט צו עסן ביים פעטער אייזיק. ווי נאָר איך פלעג קומען צו לויפן פון פעטער אליהוס הויף (אַ פאַרסאָפּעטער צוליב דער חורבה מיט די שדים), און זיך באווייזן אויף דער שוועל, האָט מיך שוין די מומע באַגעגנט מיטן זאָג:

— „גיי זיך וואַשן"! — גלייך ביים דערהערן דאָס וואָרט איז מיר געוואָרן פריילעך אויפן האַרצן, ווייל דאָס האָט געמיינט זיך זעצן צום טיש עסן. קיין גרויסער מפונק, איבערקלייבער אין הלכות אכילה בין איך ניט געווען, קיין אַפּעטיט האָט מיר קיינמאָל ניט אויסגעפעלט. איך האָב יעדער מאכל געגעסן מיט די אויגן...

אַנדערש פון זיינע ברידער, פון פעטער אהרן, וואָס איז געווען אַ פּשוטער האָרעפּאַשנער ייד, און פון פעטער אליהו, וואָס האָט שוין פון צייט צו צייט אַריינגעקוקט אין אַ השכלה־ספר, איז דער פעטער אייזיק געווען שטאַרק פרום.

ביים שבת'דיקן טיש איז דער עיקר געווען דעם פעטערס קידוש און די זמירות. געערדט האָט ער זייער וויניק. די געציילטע

ווערטער, וואָס ער האָט יאָ ארויסגערעדט, זיינען געווען דברי תורה און רייד וועגן מצוות, וואָס דער מענטש דאַרף זיך מיט זיי אָנגרייטן אויף דער וועלט, כדי ער זאָל חלילה ניט קומען מיט ליידיקע הענט אויף יענער וועלט, וואָס איז ענלעך צו שבת, ווי עס שטייט געשריבן אין די הייליקע ספרים, ווער עס איז זיך ניט מטריח און גרייט ניט צו ערב שבת האָט ניט וואָס צו עסן שבת...

אין מיין זכרון האָט זיך איינגעקריצט איין שאַרפע פּאַסירונג, אַ סכסוך, אַן איבעררייד צווישן מיר און דעם פעטער אייזיק, וואָס איז געווען צוליב מיינעם אַ זאָג, וואָס איז דעם פעטער דעמאָלט זייער ניט געפעלן געוואָרן. ער האָט איינמאָל זיך צערעדט פאַר די בני בית וועגן משיח׳ן, וועגן תחית המתים, אַז די טויטע וועלן צוריק לעבעדיק ווערן, האָב איך געזאָגט, אַז מיר איז גאָרניט ניחא, אויפ־צושטיין נאָכן טויט און ווידעראַמאָל לעבן אַזאַ לעבן, וואָס איך לעב איצט. אויב אַזאַ לעבן, לוינט זיך ניט דער גאַנצער תחית המתים... שווייגנדיק האָט מיר דער פעטער אַראָפּגעלאָזט אַ פּאַטש. נאָכן עסן האָט ער מיך צוגערופן, מיר געהייסן זיך זעצן און מיר געגעבן אַ פאַרציע מוסר:

— יוסף, — האָט ער געזאָגט — האָסט אָפּגעטאָן אַ גרויסע עבירה. אַ יידיש קינד טאָר גאָר אַזעלכע ווערטער פון מויל ניט אַרויסברענגען. דעם רבונו של עולם, דעם האַר פון דער וועלט טאָר מען ניט זאָגן קיין דעות ווי אַזוי ער זאָל פירן זיין וועלטל. אַלץ וואָס אונדז איז דערלויבט, איז מתפלל זיין צו אים, אים בעטן, און זאָל מיין פּאַטש — האָט ער פאַרענדיקט — זיין אַן אָפּקומעניש פאַר דיינע זינד...

דעם פעטער אייזיק׳ס פרומקייט האָט זיך אויסגעדריקט ניט נאָר בין אדם למקום, צווישן אים און גאָט, נאָר אויך אין די מצוות פון בין אדם לחברו, אין די צווישן־מענטשלעכע באַציאונגען. דאָס האָט מען געזען פון זיין שטענדיקן געפינען אַ זכות אויף יעדן מענטשן, אפילו אויף אַ זינדיקן.

אַנטקעגן דער קרעטשמע איז געווען דאָס הויז פון אַנדרעי דעם ציגיינער, וואָס האָט דעם גרעסטן טייל פון יאָר געפּוסטעוועט, ווייל די ציגיינער פאַמיליע האָט געוואַנדערט אין איר בויד מיט די

אַנדערע ציגיינער. אָפט פלעגט זיך אַנדרעי׳ס ווייב, די ציגיינערטע מאַרטע, אומקערן אַהיים אָן איר מאַן, וואָס איז ערגעץ געבליבן פאַרשפאַרט אין תפיסה פאַר גנבענען פערד, וואָס איז אגב געווען זיין איינציקע באַשעפטיקונג, ווען ער איז געווען אויף דער פריי.

די ציגיינער־משפחה, וואָס איז באַשטאַנען פון דער מאַמען מיט צוויי טעכטער, האָט זיך אָפּגעגעבן מיט „וואַראָזשען״, דאָס הייסט מיט אַרויסלייענען די צוקונפט אויף דער האַנט פון די קליענטן און פאַר אַ צולאָג אויך פון אביסל אונטער׳גנב׳ענען, אויב ניט קיין פערד, ווי דער באַלעבאָס פון דער פאַמיליע, אַנדרעי, — איז אַ פאָר הינער...

דער פעטער אייזיק האָט אויף די ציגיינער מלמד זכות געווען, ער האָט גע׳טענה׳עט, אַז זיי זיינען אויך מענטשן, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן בצלם אלהים, אין גאָטס געשטאַלט, און האָבן אויך אַ רעכט צו לעבן. עס פלעגט טרעפן, אַז דער פעטער האָט אריינגערופן מאַרטען און מיט איר איינגע׳טענה׳עט, זי זאָל ניט גנב׳ענען, נאָר אויב זי וועט זיך אין עפּעס נויטיקן, ווי א שטייגער מילכיקס, אָדער פרוכט פון סאָד, זי זאָל בעטן וועט ער איר געבן מיט פאַרגעניגן. אויפן מאָמענט האָט עס אויסגעזען, ווי דעם פעטערס רייד האָבן אַ ווירקונג אויף דער ציגיינערטע. זי איז גרייט געווען צו טאָן תשובה. און האָט צוגעזאָגט, אַז זי וועט שוין מער ניט גנב׳ענען, נאָר נעמען וואָס מען וועט איר געבן. זי פלעגט זיך כאַפּן קושן דעם פעטערס האַנט, וואָס ער האָט אַוועקגעכאַפּט פון איר, און זי האָט אָפּגעגעבן אַ שבועה, אַז מער וועט זי זיך ניט לאָזן ציען צו פרעמדס. די תשובה האָט אָבער לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. אויף מאָרגן האָט מען זיך געכאַפּט, אַז עס פעלן אויס אַ פאָר הינער אין דער קרעטשמע...

# אַ זינדיקער בעל קורא

די יום טובדיקע טעג ביי די פעטערס אין קיילע זיינען גיך פאַראיבער און דאָס חדר־יינגל האָט זיך געדאַרפט פאַרנעמען אַהיים, קיין קאַפּוליע.

עס זיינען אַוועק טעג, וואָכן, חדשים און מיט זיי — וואוקס. און אַט לערן איך שוין אין אַ נייעם חדר ביים חומש־און רש״י־מלמד וועלוול מיכל איצעס, אַ ייד אַ גיבור און אַ מייסטער פון פאַרשיידענע מלאכות. קיין קאַנטשיק האָט דער מלמד ניט גענוצט און ער האָט זיך שטענדיק געפלייסט צו באַווייזן זיין גבורה און מייסטערשאַפט.

אַט נעמט דער מלמד אין זיין האַנט אַ צוויי־קאָפּיקע מטבע און צעבייגט זי מיט די פינגער, ווי זי וואָלט געווען פון ווייכן וואַקס, און אַט צענעמט ער אַ זייגער אויף קליינע טיילעכלעך און שטעלט אים צוריק צונויף פאַר די אויגן פון די תלמידים, אָדער ער פאַרריכט אַ שלאָס. טוענדיק די אַלע קונציקע מלאכות דערקלערט ער פאַר אונדז, תלמידים, דעם שכל פון יעדער מלאכה; ווי אַזוי אַ זייגער גייט צו דער סעקונדע, אָדער ווי אַזוי אַ שלאָס עפנט זיך און פאַרמאַכט זיך. די באַלעמעלאָכישע פּעולות פונעם מלמד פלעגן מיך ממש באַצויבערן. איך האָב ליב געהאַט צו בלייבן נאָכן לערנען מיטן רבי׳ן און צוקוקן ווי ער פאַרקעט זיך ביי די זייגערס און די שלעסער. אין מיינע אויגן האָט דער מלמד דעמאָלט אויסגעזען ווי אַ מין וואונדער־מענטש, וואָס קען מחיה מתים זיין, לעבעדיק מאַכן טויטע זאַכן. ....

ביי וועלוול מיכל איצעס האָבן מיר געלערנט אין די אָפּדער־נאַכטן. די איינציקע צייט פון ליידיק גיין אָדער זיך שפּילן, איז געווען דער בין־השמשות, צווישן מנחה און מעריב.

אַז מיר פלעגן נאָכן לערנען אין די אָוונטן א היימגיין פלעגן מיר מיטנעמען לאַמטערנעס צו באַלויכטן דעם וועג. די לאַמטערנעס זיינען געווען געמאַכט פון קאַרטאָן אויסגעקלעפּט מיט פּאַפּיר,

אינעווייניק האָט געברענט אַ ליכטל און די לאָמטערנע האָבן מיר געהאַלטן פאַר אַ שטריקל. דאָס פאַרבייגיין די שול האָט אַלעמאָל אויף אונדז אָנגעיאָגט אַ פחד, און האָט אַמאָל געטראָפן און די לאַמטערנע האָט זיך אויסגעלאָשן דווקא ביים פאַרבייגיין די שול, איז שוין בא אונדז קיין ספק ניט געווען, אַז דאָס איז די ארבעט פון די שדים, וואָס דרייען זיך ארום מקום קדוש, ווייל אינעווייניק, וואו עס שטייען די ספרי־תורה האָבן דאָך די ניט־גוטע קיין שליטה ניט..

מיין חשד אַז די שדים טוען אונדז אָפּ דעם שפיצל און זיי לעשן אויס דאָס ליכט איז באַשטעטיקט געוואָרן פון דער מאַמען, וועלכע האָט נאָך צוגעגעבן, אַז ניט נאָר שדים, נאָר אויך מתים קומען אין די נעכט דאַווענען אין שול. עס טרעפט — פלעגט זי זאָגן — אַז די מתים רופן אריין אַ לעבעדיקן מענטשן, וואָס גייט פאַרביי דער שול, אינעווייניק, און זיי זיינען אים מכבד מיט אַן עליה, רופן אים אויף צו דער תורה. דער לעבעדיקער מוז אויספאָלגן, ער מוז אָבער אין זינען האָבן, אַז ער דאַרף זיך אויפפירן אַנדערש ווי געוויינלעכע לעבעדיקע מענטשן. ער טאָר ניט גיין מיטן פּנים געווענדט צום מזרח, נאָר אויף צוריק, און זיך ניט אומקוקן, נאָר אָפּזאָגן די ברכות און פאַרלאָזן די שול.. טאָמער, חס־וחלילה, גייט ער גלייך צום מזרח, ווי יעדער לעבעדיקער מענטש, אָדער ער קוקט זיך ארום, קאָן ער געניזוקט ווערן, בלייבן אַ מת אויפן אָרט...

אַזעלכע און ענלעכע מעשות האָב איך זיך געגוג אָנגעהערט פון דער מאַמען, און אַז איך האָב די דאָזיקע שרעק־געשיכטעס איבערדערציילט פאַרן רבין, האָט דער מלמד זיי ניט אָפּגעלייקנט און אויך ניט באַשטעטיקט. ער האָט בלויז דערקלערט, אַז אַ יידיש קינד, וואָס לערנט תורה דאַרף פאַר די מתים ניט מורא האָבן.

בכלל האָבן די מתים געוועלטיקט אויף די יידן פון קאַפּוליע. אלמנות וועמען די מענער די האָבן איבערגעלאָזט מיט קליינע קינדער, פלעגן אָפּט גיין אויפן בית־עולם זיך אויסוויינען און אויס־טענה׳ען ביי די קברים פון זייערע מענער. איז עמיצער קראַנק געוואָרן איז דאָס ערשטע געווען צו גיין אפן קבר פון א קרוב מתפלל צו זיין. איז דעם חולה ערגער געוואָרן פלעגט מען זיך ארויסלאָזן אויפן בית-עולם „רייסן קברים״, דאָס האָט געמיינט פראַווען יללות, זיך פאַנאַנדערגיין אין אַ קלאָגעניש און אַ געיאָמער אויף די קברים, האָט

דאָס אויך ניט געהאָלפן איז מען אַוועק אין בית־מדרש, אויפגעריסן דעם פּרוכת פון ארון־קודש און זיך אויסגעוויינט פאַר די הייליקע רייניקייטן, די ספרי־תורהס.

און אַז מען האָט גאָרניט געפועלט מיט דער קברים־רייסעניש און מיט די קלאָגערייען פאַרן אָפענעם ארון קודש, האָט מען זיך גענומען צום לעצטן מיטל — זוכן די זינדיקע בעלי עבירות, וואָס צוליב זייערע חטאים שטאַרבן קליינע קינדער, ווייל עס שטייט געשריבן: כל ישראל ערבים זה בזה — איין ייד טראָגט דאָס אחריות, די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן אַנדערן, און קינדער אין די וויגן, וואָס האָבן ניט פאַרזוכט דעם טעם פון זינד שטאַרבן צוליב די עברות פון די גרויסע.

בעלי עבירהניקעס, זינדיקע, וואָס מען האָט געמאַכט פאַראַנט־וואָרטלעך פאַר אַלע קרענק, שלעק און פורעניות׳ן פון דער קאַ־פּוליער עדה, זיינען געווען מכל המינים, ווי צום ביישפּיל, אַ יונג ווייבל, וועמענס מאַן איז געווען אין אמעריקע, און זי האָט געוואַגט ארויסצוגן אויף אַ שפּאַציר מיט אַ בחור — פאַר אַזאַ עבירה שטאַרבן קליינע קינדער.

איך געדענק גוט אַן אינצידענט, וואָס האָט אויפגערודערט דאָס גאַנצע שטעטל. דער חוטא, דער פאַרברעכער, איז געווען דאָס געשפּרעך פון טאָג און זיין נאָמען האָט גורם געווען, אַז דאָס שטעטל זאָל גיין כאַדאָראָם.

עס האָט דעמאָלט אויסגעבראָכן אַן עפּידעמיע אָדער כאָליעריע און קליינע קינדער האָבן זיך געפּעלט. קאַפּוליער יידן, גאַטס קאָזאַקן, האָבן זיך אַרויסגעלאָזט זוכן בעלי־עבירות. אַז מען זוכט געפינט מען! האָט מען דערטאַפּט יעקב לייב׳ן, דעם שמש און בעל־קורא פון דער אַראָפּבאַרגער שול, אַ ייד וואָס האָט געשטאַמט פון אַ שיינער משפּחה און אַ פאָטער פון דריי קינדער, און מען האָט אים אַוועק־געשלעפּט אין בית דין שטוב, צום רב.

אין וואָס איז באַשטאַנען יעקב־לייב׳ס געפערלעכער חטא? ער איז געווען אַ ליידנשאַפטלעכער רויכערער, פלעגט רויכערן איין ציגאַר נאָכן אַנדערן. הקיצור, יעקב לייב האָט ביים פאַרהער צו־זאַמענגעבראָכן און האָט זיך מודה געווען, אַז אין איין שבת האָט ער ניט געקענט בייקומען דעם יצר הרע פון רויכערן, און האָט

פּאַרויכערט אַ פּאַפּיראָס... וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן נאָך יעקב לייבס מודה זיין זיך, פרעגט שוין ניט! גאַנץ קאַפּוליע האָט זיך געוויגט ווי אויף רעדלעך; קינד און קייט האָבן געזידלט און גע־שאָלטן דעם זינדיקן מיט טויטע קללות, אַזאַ בעל-עבירהניק! צוליב אים גייען אומשולדיקע קינדער פון דער וועלט; ער האָט געבראַכט אַ אומגליק אויף כל ישראל, אַזאַ איינער איז ווערט, מען זאָל אים עוקר מן השורש זיין.

דער רב און די שיינע באַלעבאַטים, קהל-פירער און סתם „קליאַמקעס" האָבן פאַררופן אַן אסיפה און מען האָט אַרויסגעטראָגן אַ פּסק־דין, אַז די שטראָף פאַר דעם חוטא איז ניין־און־דרייסיק מלקות, און אַז פון היינט אָן טאָר ער מער ניט זיין קיין בעל-קורא. כדי ער זאָל להבא, אין דער צוקונפט חלילה ניט נכשל ווערן און מער ניט רויכערן שבת, איז דער רב געפאַלן אויף אַ המצאה און אים געגעבן אַן עצה, ער זאָל ערב שבת אריינבלאָזן רויך אין פלעשער, זיי פארחתמנען, און אַז עס וועט זיך אים פאַרגלוסטן אַביסל רויך אין דעם הייליקן מנוחה־טאָג, זאָל ער עפענען די פלעשער און אריינעטעמען אביסל רויך...

ווי שוין פריער דערמאָנט איז מיין מאַמע יונגערהייט געוואָרן אַן אלמנה, ווייל מיין פאָטער איז געשטאָרבן אין עלטער פון אַכט און צוואַנציק יאָר און איך בין געבוירן געוואָרן דריי חדשים נאָך זיין אַוועקגיין פון דער וועלט.

פון מיין טאַטן איז אונדז געבליבן אַ גרויס הויז און אַ שטיקל נחלה. מיר האָבן געהאַט קי און אַ מאַשין צום שניידן שטרוי, וואָס מען האָט צעמישט מיט קלייען, אַ מאכל פאַר בהמות. די מאַמע האָט אויך אונטערגעהאַנדלט שטילערהייט מיט בראָנפן אַזוי אַז אויף חיונה איז זיך ניט געווען וואָס צו באַקלאָגן.

אַזוי ווי די מאַמע איז אָבער געווען אַ יונגע אלמנה האָבן זיך שוין אין קאַפּוליע געפונען גענוג שדכנים וואָס זיינען גרייט געווען צו פאַרשלייערן די אלמנה. עס האָבן זיך אויך אָפּגעפונען גענוג באַשערטע, וואָס האָבן זיך געקוואַפּעט אויף דער אלמנה און איר ירושה. די שדכנים האָבן פאַרקנסט דער מאַמען מיט אַן אַלמן, אַ בן הרב, פון דערבייאיקן שטעטל מאָהילנע. ער איז געקומען אין

אונדזער הויז מיט פיר זין. אינאיינעם מיט מיר און מיין עלטערער שוועסטער האָט שוין אונדזער קינדער־משפחה צענויפגעשטעלט אַ היפּש געזינדל.

עס האָט לאַנג ניט גענומען און דער שטיף־טאַטע האָט גענומען דערגיין דער מאַמען די יאָרן. ער האָט גע׳טענה׳עט, אַז לויטן געזעץ דאַרף דאָס הויז און דאָס גאַנצע האָב און גוטס איבערגעשריבן ווערן אויף זיין נאָמען, און ער האָט געסטראַשעט אויב די מאַמע וועט אויף דעם ניט איינגיין וועט ער בשום אופן ניט לאָזן האַלטן די קינדער אין שטוב.

מיין פעטער שמעון, דעם טאַטנס ברודער, וואָס איז געווען דער אַפּוטרופּוס איבער דער משפחה און געהיט איר פאַרמעגן, האָט דעם שטיף־טאַטן ניט געוואָלט נאָכגעבן, האָט דער בן הרב אונדז קינדער, פּשוט און פּראָסט זיך געהייסן פאַרנעמען פון הויז. דעמאָלט זיינען מיינע שוועסטער אַוועק וואוינען ביי קרובים, און איך, דער זיבן־יעריקער חדר־ייִנגל, האָב אָנגעהויבן עסן טעג ביי די שטאָט־באַלעבאַטים.

אַ שטיק צייט איז אָנגעגאַנגען אַ שטילע מלחמה צווישן מיין שטיף־טאַטן און מיינע פעטערס. ביידע צדדים זיינען געווען פאַר־עקשנט און זענען ניט איינגעגאַנגען אויף קיין פּשרה. אין משך פון דער צייט האָט מיין שטיף־טאַטע געהאַלטן אין איין אויספּארקויפן זאַכן פון שטוב. און אין איין שיינעם טאָג האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז אוועקגעפאָרן קיין יעקאַטערינאַסלאַוו, וואו ער האָט זיך באַשעפטיקט מיט מלמדות. פון דאָרטן האָט ער אפילו קיין איין פּרוטה ניט געשיקט און די מאמע אליין האָט געמוזט קאָרמענען זיינע און אירע קינדער.

ער איז נאָכן מלמדות־זמן אהיימגעקומען אויף יום טוב און האָט אַלץ גאָרניט געפּועלט ביי די פעטערס מען זאָל לאָזן אָפּשרייבן די ירושה אויף זיין נאָמען, האָט ער זיך ווידער אויפגעהויבן און איז אוועקגעפאָרן קיין לאָנדאָן. א צייט האָט מען פון אים גאָרניט געהערט. אין איין ערב ראש השנה איז אָנגעקומען צום קאַפּולער רב אַ בריוו פון זיינעם אַ זון, וואָס איז געווען אַ רב אין לאָנדאָן, און אין דעם בריוו איז געשטאַנען שוואַרץ אויף ווייס, אַז אליהו נאָוואָגראָדסקי,

מיין שטיף־טאַטע, גייט באַלד אַוועק צו די מיסיאָנערן, וואָס וועלן אים אָפּ׳שמד׳ן און ער וועט חתונה האָבן מיט אַ גויה...

מען קען זיך שוין פאָרשטעלן וואָס פאַר אַ ימים נוראים עס זיינען געווען, צוליב דער „בשורה״... יענע ראש־השנה און יום־כפור זיינען געווען פאַרשטערט. מיין אָרעמע מאַמע, די אלמנה! איר גאַנץ לעבן האָט זי ניט געוואוסט פון קיין איין גוטן טאָג!

עס האָט אָבער לאַנג ניט גענומען און עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז די גאַנצע מעשה איז אויסגעטראַכט, פון אָנהויב ביזן סוף. לא דובים ולא יער, ניט געווען קיין שמד און ניט געווען קיין גויה. דאָס האָט דער שטיף־טאַטע אויסגעטראַכט די מעשה ווי אַ סטראַשונאָק וואָס זאָל אים העלפן אַרויסבאַקומען די ירושה. דאָס האָט אויך ניט געהאָלפן, און דער בעל־דבר אליין, איז נאָך אַ פּאָר חדשים אַהיימ־געקומען, און האָט שטאַרק געלאַכט פון דעם שפּיצל וואָס ער האָט אָפּגעטאָן אין לאָנדאָן...

# ביי פרעמדע טישן

עסן „טעג״ ביי פרעמדע טישן איז ביי יידן נישט געווען, חלילה, קיין בזיון פֿאַר אַ ישיבה־יינגל, וואָס איז געקומען פון דער פרעמד, כדי צו לערנען אין דער שטאָטישער ישיבה. דאָס איז געווען אַן איינגעשטעלטער סדר אין אַלע יידישע שטעט, וואָס האָבן געהאַט ביי זיך ישיבות. די יינגלעך האָבן זיך נישט געפילט דערנידעריקט, ווייל זיי האָבן געהאַט דעם באַוואוסטזיין, אַז זיי צאָלן אָפּ פֿאַר דעם עסן מיט זייער תורה לערנען, וואָס וועט ביישטיין די מכניס־אורחים־ניקעס אויף יענער וועלט.

אָבער עסן „טעג״ ביי פרעמדע טישן אין דער אייגענער שטאָט, וואו יעדער איינער ווייסט ווער דו ביזט, און פונוואַנען דו שטאַמסט איז שוין געווען גאָר עפּעס אַנדערש, ווייל אין דעם פֿאַל איז שוין געווען דאָס רחמנות־געפיל צו דיר, און דאָס איז געווען פֿאַר אַזאַ סענסיטיוון יינגל, ווי איך בין געווען, ביז גאָר פיינלעך.

אָבער פֿאַרפֿאַלן, אַזוי איז געווען די לאַגע. די מאַמע — אַ אָרעמע אלמנה, איז דאָך געווען הילפלאָז אפילו נאָכדעם, ווי זי האָט חתונה געהאַט נאָכאַמאָל.

עס זיינען אפילו געווען פעטערס, ביי וועלכע מען האָט זיך געקאָנט אויפהאַלטן, אָבער זיי האָבן געוואוינט אין אַ דאָרף, עטלעכע ווערסט אַוועק פון קאַפּוליע, און איך האָב געדאַרפט צוליב לערנען תורה זיין אין שטעטל.

פֿאַרשטייט זיך, אַז איך האָב איבער מיין לאַגע זיך נישט געקאָנט פֿאַרגינען זיין אַ יינגל, ווי אַלע אַנדערע יינגלעך אין מיין סביבה.

שטענדיק איז געהאָנגען איבער מיר דער באַוואוסטזיין, אַז מען איז אַ יתום, און אַז מען עסט ביי פרעמדע טישן, און מען האָט זיך געמוזט האַלטן סטאַטעשנע.

איז טאַקע דאָס יונגע האַרץ אויסגעגאַנגען אַ שטיף צו טאָן, ווי אַלע יינגלעך ארום מיר, אָבער איך בין דאָך נישט געווען, ווי אַלע אַנדערע.

— מ׳שטיינס געזאָגט, די עולם־הבא, וואָס איך וועל האָבן דערפון, וואָס איך קאָרמע אים! — וואָלט דאָך זיכער געזאָגט דער, אָדער יענער באַלעבאָס, ווען ער וואָלט מיך געזען שטיפן, וואָרים איך האָב דאָך פאַרן ביסל עסן געמוזט אומבאַדינגט אָפּצאָלן מיט עולם הבא.

אין בית־מדרש, וואו מען האָט געלערנט גמרא מיט די אַלע מפרשים, איז מען שטענדיק געווען אונטערן וואַכזאַמען אויג פונעם שמש, וואָס איז געווען א מין משגיח אויף דער אויפפירונג פון די יונגע לערנער. אַודאי איז זיין השגחה געווען איבער אַלע יינגלעך, אָבער בשעת זיי, — קינדער פון טאַטע־מאַמעס אין שטעטל, האָבן זיך געקאָנט פאַרגינען שטיפערייען, איז פאַר אַזאַ, ווי איך בין געווען, אַזוינס אוממעגלעך.

— עסט יענעמס ברויט, און בטלט אָוועק די צייט, — וואָלט ער זיך אוודאי געבייזערט.

געווען איז נאָך אַ באַזונדער גרויסע אחריות, וואָס איך האָב דעמאָלט געטראָגן אויף מיינע יונגע פּלייצעס, און דאָס איז געווען דער טאַטע מיינער, ווען מען איך האָב מיט מיין תורה־לערנען באַדאַרפט אויסהאַלטן אין גן-עדן, ווייל אַ יתום, נאָך וווּט פון בר־מצוה, פאַר ווען דער טאַטע זיינער אפילו שוין אויף יענער וועלט, טראָגט די אחריות.

אין די ווינטער חדשים איז נאָך געווען צו דערליידן. דער פראָסט אין דרויסן האָט געמאַכט גרינגער דאָס זיצן איינגעשלאָסן צווישן די פיר ווענט פון וואַרעמען בית־המדרש.

אמת, אויך אין די ווינטער־חדשים האָט דער יצר הרע נישט אינגאַנצן צורו געלאָזט.

דער שנייאיקער באַרג האָט געמאַניעט צום שפּיץ, פון וועלכן מען האָט זיך געקאָנט הענדום־פּענדום אַרונטערגליטשען, אָבער אַזוי ווי איך האָב עס ניט געקאָנט צו־אָפּט באַוויייזן, האָט מען זיך שוין געמוזט באַגנוגענען אמאָל, ווען דער שמש איז אין בית־מדרש נישט געווען, מיט אַ צונויפגעדרייטן האַנטוך, וואָס מען האָט אַ וואָרף געטאָן אַן אַנדער יינגל אין פּנים אַריין.

און גאָר שווער איז געווען, ווען עס איז געקומען דער פרילינג און נאָך אים — דער זומער.

די גרין־באַבלעטערטעביימער מיט זייער וויגנדיקן גערויש פון די מילדע ווינטעלעך אין דעם גאָלדענעם שיין פון דער זון, האָבן געוועקט און געצערטלט די יונגע בלוטן. די קאָלירנדיקע קווייטעלעך, און דאָס פרישע גרינס איבער די בייטן פון די שכנהשע קריסטלעכע גאָרטנס, — היינט די זינגענדיקע פייגעלעך מכל המינים, וואָס האָבן געשוועבט אין די הויכן!

צו שטאַרק איז געווען דער נסיון און נישט גרינג איז אָנגעקומען אים בייצושטיין.

אין דעם גאָלדענעם האַרבסט, ווען די ביימער פון די פרוכט־סעדלעך זיינען געווען באַלאָדן מיט רייפע, זאַפטיקע עפּל און באַרן, און ייִנגלעך האָבן באַוויזן אַלערליי קונציקע איינפאַלן זיי ארונטער־צורייסן, איז ווי האָט מען געקאָנט זיך איינהאַלטן און נישט נאָכטאָן אמאָל זייער ביישפּיל?

נישט ווייט פונעם בית־מדרש, וואו איך האָב געלערנט, איז גע־שטאַנען אַ שיינער באַרנבוים פאַר זיך ביחידות. האָב איך פון אים געהאַט אַ סך פרייד, און נאָך מער — פּיין.

די פרייד איז געווען אין דעם קוקן אויף זיין שיינקייט און באַלאָדנקייט, און די פּיין איז געווען, ווייל צו אָט דעם בוים האָב איך באַזונדער מורא געהאַט זיך צוצורירן, ווייל געהערט האָט ער צו אשר דעם בעקער, ביי וועמען איך האָב געגעסן שבת.

אַ וואוילער ייד געווען אשר דער בעקער, כסדר מיך געזעצט לעבן זיך און געהאַט גרויס פאַרגעניגן אַלע ווייל אונטערצוואַרפן נאָך אַ שטיקל פליש אין מיין טעלער.

אָבער ווי גוט ער איז געווען, אַזוי שטרענג איז ער אויך געווען צו יעדן איינעם, וואָס האָט געוואַגט ארונטעררייסן אַ באַרעלע פון זיין בוים.

יעדעס מאָל, ווען דער יצר־הרע האָט זיך געשטאַרקט אין מיר, און איך האָב זיך אַ ציי געטאָן צום בוים איז אויפגעגאַנגען פאַר מיינע אויגן אשר דער בעקער. איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, וויאַזוי פרייטיק־צונאַכטס נאָכן דאַווענען, ווען איך וועל עפענען די טיר צו זיין שטוב, וועט ער אויף מיר אַ בייזן קוק טאָן, און ווער ווייסט, צי ער וועט גאָרנישט אַ געשריי טאָן אויף מיר:

— אַרויס פון מיין שטוב, דו שייגעץ!

בכלל, וויפֿיל די געשמאַקע באַרעלעך האָבן נישט געררייצט מיין אַפּעטיט, און וויפֿיל דער בוים אַליין האָט מיך נישט איינגעלאַדן ארויפֿצוקריכן אויף איינעם פֿון זיינע צווייגן, בין איך געצוואונגען געווען צו צאַמען אין זיך דעם באַגער, ווייל אַ יתום, ווי איך בין געווען וואָס איז אָנגעקומען צו פֿרעמדע טישן, האָט געמוזט זיין געהיט.

# אַ שבתדיקער פּאַפּיראָס

צווישן די ברידער איז מיין פעטער אליהו געווען אַ מענש פון גייסט און אפילו, אויף זיין אופן, אַ וועלטלעכער, צוזאַמען מיט די רעליגיעזע ספרים האָט נישט איינמאָל פאַרבלאָנדזשעט אַ ספר פון דער דעמאָלטיקער השכלה־ליטעראַטור.

— אליהו פון קיילע איז געכאַפּט אין דער מעשה, — פלעג איך אַמאָל הערן וועגן אים אַ מורמל טאָן. און געכאַפּט זיין אין דער מעשה האָט געמיינט, אַז ער איז נישט אַזוי אָפּגעהיט אין פרומקייט. ווי עס באַדאַרף צו זיין צווישן פרומע יידן.

און עס איז טאַקע געווען אַזוי. דער שאַרפסטער באַווייז איז געווען, וואָס זיינע קינדער האָבן זיך געלערנט אין דער גרויסער שטאָט אין דער גימנאַזיע, און געטראָגן אוניפאָרמס. ווען איך פלעג אין די סוף־זומער־חדשים זיך אריבערכאַפּן קיין קיילע צו די פעטערס און דערזען מיינע שוועסטער־קינדער אין די אוניפאָרמס מיט די געשייערטע מעשענע קנעפּלעך, האָט זיך אין מיר דערוועקט צו זיי סיי דרך־ארץ און סיי אויך אַ היפּש ביסל קנאה.

עס איז געווען די צייט פון ידישן אידייען־אויפבלי, וואָס האָט זיך צעטיילט אין פּאַרטייען, און זעלבסט פאַרשטענדלעך זיינען אין דער כאַליאַסטרע געווען פאַרטראָטן אַלע פּאַרטייען. מען האָט דיסקוטירט, זיך געקריגט, זיך איבערגעבעטן און געשאַפן אַ פּאַר־אייניקטן פראָנט, ווען עס איז געקומען צו זינגען.

לידער, — נאַציאָנאַליסטישע, ציוניסטישע און סאָציאַליסטיש־רעוואָלוציאָנערע האָבן זיך צונויפגעמישט, און עס איז געווען גאַנץ רוישיק און פריילעך.

איך האָב זיך צוגעהערט צו די דיסקוסיעס, און כאָטש איך בין אין יענער צייט נאָך געווען דורכגעדרונגען מיט רעליגיע, האָב איך דאָך דערשפּירט עפּעס אַ נייע קדושה אין זיך, באַזונדערס בין איך דערהויבן געוואָרן פון דעם געזאַנג. מיין יונג האַרץ האָט מיט־

געזונגען, ווייל איך האָב געאַנט אין די טענער און אין די קלאַנגען די טריט פון משיחן.

קיין פחד פאַר דער פּאָליציי איז אין דעם דאָרף קיילע נישט געווען, ווייל אַזוינס איז דאָרטן נישט געווען. טאָמער האָט זיך גע־טראָפן, אַז דער פּריסטאַוו פון קאַפּוליע איז געקומען אין זיין קאָליאַסקע צו דער אָרענדע פון דעם פעטער אליהו, וואו די כאַ־ליאַסטרע פלעגט זיך געווינלעך צונויפקומען, האָט דער פעטער אליהו, ערשטנס, אים מכבד געווען מיט אַביסל שאַרפן געטראַנק און געשמאַקן צובייס, און, צווייטנס, אָנגעפילט די קאָליאַסקע מיט פרישע פעלד־פּראָדוקטן וואָס יענער האָט אָפּגעפירט צו זיין ווייב אין קאַפּוליע מיט גרויס צופרידנקייט.

פאַר די אויגן שטייט מיר שטענדיק גאַנץ באַזונדער דער איין־און־איינציקער פון מיינע קאָזינס, וואָס כאָטש ער איז געווען פול מיט וויסן און געדאַנקען, האָט ער זיך דאָך כמעט שטענדיק געהאַלטן אין אַ זייט און זיך נישט באַטייליקט אין די דיסקוסיעס און נישט אינעם געזאַנג.

— וואו איז ערגעץ יודל ?

אָט־די פראגע האָט מען אָפט געהערט אַ פרעג טאָן, כאָטש געוואוסט האָט מען, אַז ער איז מסתמא ערגעץ פאַרשטעקט אין אַ ווינקל ביחידות מיט אַ בוך. מערסטנס איז אָט דאָס ווינקל געווען אין פעטער אליהו׳ס גרויסן שייער.

איך געדענק, ווי איינמאָל האָט חברה זיך אַ לאָז געטאָן צום שייער מיט רוישיקן געזאַנג. מסתמא איז דעמאָלט ביי אלעמען געווען דער באַגער אים אריינצוציען אין קרייז אריין. ווען די חברה האָט זיך באַוויזן נאָענט פון שייער, איז פּלוצלונג איר יודל אַנטקעגנ־געקומען מיט זיין בוך אין האַנט, און מיט תחנונים אין אין זיין קול :

— איך בעט אייך, גייט אַוועק פון דאַנען !

— וואָס איז געשען, יודל ? — האָט מען געוואָלט וויסן.

דאָ האָט יודל מיט ציטער אין זיינע שטילע ווערטער פון מויל דערקלערט :

— עס איז טראַכים, — דער אָרעמער פויער טראָכים, וואָס איז באַלאָדן מיט אַ סך קינדער און זיי הונגערן ביי אים.

— איז וואָס־זשע מיט טראָכימען ? — האָט מען זיך געוואונדערט.

— עס איז גאָרניט, גאָרנישט! — האָט ער אָנגעהויבן מורמלען און דערביי דאָך געלאָזט וויסן:

— איך האָב אים פאַרבעטן אין שייער אַריין און אים געהייסן אָנפילן אַ פּאָר זעקלעך קאָרן, וועט זיין ברויט פאַר זיינע הונגעריקע קינדער.

און מיט אַ באַנייטן געבעט אין זיין קול אָפּעלירט:

— גייט אַוועק פון דאַנען, וואָרים ער וועט זיך פילן פאַרשעמט, ווען איר וועט עס צוזען.

אַז איך האָלט שוין ביי אָט־דעם יודלען, ווילט זיך שוין דערציילן וועגן אים ביזן סוף.

מיט יאָרן שפּעטער האָבן מיר ביידע געוואוינט אין אַ קליין צימערל פון אַ טענעמענט־הויז אין ניו־יאָרק.

איין מאָל, אין אַ זונטיק פרימאָרגן, ווען מען האָט זיך פאַרגינען שלאָפן אַביסל שפּעטער, זיינען מיר געלעגן אויף אונדזערע גע־לעגערס, יעדער איינער פאַרזונקען אין זיינע מחשבות. פּלוצלינג שפּרינגט ער אויף פון זיין בעטל, כאַפּט דאָס ביסל קליינגעלט, וואָס איז געווען, עפנט אויף דאָס פענסטער, און הייבט אָן ארונטערוואַרפן צום דרויסן.

— יודל, יודל, וואָס טוסטו? — האָב איך אויסגערופן אַ דער־שטוינטער.

— וואָס־זשע, דו הערסט נישט? — האָט ער זיך געווענדט צו מיר, און מיט גרויס עקסטאַז אָנגעהויבן נאָכברומען די יידישע פאָלקס־טענער, וואָס אַ קאַטערינקע אין דרויסן האָט געשפּילט.

איצט רוען די ביינער פון אָט־דעם יודל אין דער ערד פון דעם לאָס־אַנדזשעלעסער בית־עולם, טרעפט זיך אַ פאַרבייגייער כאַפּט אויף דעם נאָמען אויף דער מצבה און לייענט אין דער הויך „יודל שאַפּיראָ״, און ער ווייסט דאָך נישט, ווער אָט־דער יודל שאַפּיראָ איז געווען.

נו, טאַקע, וואָס? אַ נאָמען, ווי נאָך אַזעלכע נעמען. און וואָס איז אַ נאָמען?

אַז איך פאַרטראַכט זיך אַמאָל וועגן אים, טראָג איך זיך ווידער איבער אין דעם דאָרף קיילע, וואָס לעבן קאַפּוליע, וואו מיינע פעטערס האָבן געלעבט, צו וועלכע איך פלעג זיך פון צייט צו צייט אריבע־

כאַפּן און זיך באַפרייען פון דעם געפיל, אַז איך בין אַ יתום, וואָס עסט „טעג" ביי פרעמדע טישן.

עס דערמאָנט זיך משהלע, — מיין שוועסטערקינד, מיט מיר אין די זעלבע יאָרן, וואָס איז געווען אַ ליידנשאַפטלעכער רויכערער, און יעדעס מאָל, ווען איך בין אריבערגעקומען קיין קיילע, איז זיין ערשטע פראַגע געווען, צי איך האָב נישט מיטגעבראַכט פאַר אים פון קאַפּוליע אַביסל טיטון. אין זיין נאַאיווער יוגנטלעכקייט האָט ער נישט באַנומען, אַז איך, וואָס מוז אָנקומען אין קאַפּוליע צו פרעמדע טישן קאָן זיך צו אַזאַ לוקסוס נישט דערשלאָגן. פונדעסטוועגן האָט זיך נישט איינמאָל געטראָפן, אַז איך פלעג אָפּשפּאָרן אַ קאָפּיקע, וואָס איינע פון די באַלעבאָסטעס האָט מיר געגעבן אויף צו קויפן פאַר זיך עסן און זי אויסגעבן אויף טיטון, כדי אים צו מחיה זיין. און עס איז געווען אָט־דער משהלע, וואָס האָט מיך געפירט צו דער ערשטער גרויסער עבירה, וואָס האָט מיך אריינגעוואָרפן אין גרויס ציטערניש.

עס איז געווען אַ זומערדיקער, שיינער שבת נאָכמיטיק, ווען איך בין געווען אין קיילע. משהלע האָט מיך פאַרבעטן צו גיין מיט אים שפּאַצירן צווישן דעם הויכן גאָלדענעם קאָרן אויף די פעלדער. פּלוצלינג נעמט ער אַרויס פּאַפּיראָסן-פּאַפּיר און טיטון און הייבט אָן פאַרדרייען אַ ציגאַרל, — און — הימל עפן זיך! — ער רייבט אָן אַ שוועבעלע און צינדט דאָס טאַקע אָן.

— משהלע, עס איז דאָך שבת! — דערמאָן איך אים און ער, מעשה שטן, קוקט אויף מיר, ווי איינער זאָגט:

— זיי נישט קיין יאָלד!

און אַפּנים, כדי אים ווייזן, אַז איך בין נישט קיין יאָלד, האָב איך אויך פאַררויכערט.

— וואָס וואָלטן געזאָגט די באַלעבאָטים ביי וועמענס טישן איך עס? — איז מיר דורכגעלאָפן אַ מחשבה אין מוח, און ווי דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, האָב איך דעם זעלבן טאָג געהערט אַזאַ זאָג.

קומענדיק צוריק פון פעלד, האָט אונדז דער פעטער באַגעגנט אויפן גאַניקל פון שטוב, און מיט אַ שטעכיק שמייכעלע אויפן פנים אַ זאָג געטאָן:

— נו, האָט מען זיך געגנוג אָנגערויכערט צווישן קאָרן אום שבת ?

די ערד האָט אַ ציטער געטאָן אונטער מיר. די איינציקע טרייסט איז פאַר מיר געווען, וואָס ס'איז דער פעטער און ער וועט דאָס אוודאי נישט דערציילן אין קאַפּוליע, וואו איך מוז אָנקומען צו פרעמדע טישן.

איך האָב געגעסן טעג ביים רב ר' איסר דיניעס, ביי שמערל דעם סטאָליאַר, ביי פּעשע חיה שרהס און ביי נאָך אַנדערע. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב אָפּגעצאָלט פאַר עסן מיט לערנען תורה, אָבער דאָס לערנען תורה האָט נישט פאַרשטעלט דעם וועג צו וועלטלעכקייט. צוזאַמען מיט מיינע יוגענטלעכע חברים, זאב גאָלד, נח ליפשיץ און ברוך קאָזאַק, האָבן מיר אין אונדזער פריער יוגנט געגרינדעט אַ ציוניסטישע גרופּע מיט דעם נאָמען „פּרחי ציון”, און די פּראָגראַם איז געווען אַ טאָפּלדיקע: ערשטנס זאַמלען געלט פאַרן דעם קרן־קימת־לישראל, נאַציאָנאַל־פאָנד, און, צווייטנס, אויפשטעלן אַ ביבליאָטעק אין שטעטל, אַז די יוגנט זאָל לייענען, לערנען און זיך אַנטוויקלען.

קיין געלט אויף צו קויפן ביכער האָבן מיר נישט געהאַט, האָבן מיר אויפגעזוכט וואו נאָר עס איז געווען אַ בוך, אָדער ביכל אין אַ יידישער שטוב, און צווישן אָט די אויפגעקליבענע ביכער און ביכעלך איז געווען „די קליאַטשע”, וואָס איך האָב געלייענט אויף מיין דרייצנטן יאָר מיט אַזאַ געוואַלדיקן פלייס.

איצט, נאָך אַזויפיל יאָרן, ווען אַלע ווערק פון מענדעלען זייענען מיר אַזוי אייגן, שפּאַן איך נישט איינמאָל אַוועק אין מיין דמיון קיין קאַפּוליע, — אין דעם אַלטן הילצערנעם הויז, וואָס איז געשטאַנען האַרט לעבן אונדז. איך גיי דורך אַלע צימערן, קוק אויף יעדן ווינקעלע אויף וועלכן ער האָט אין זיין צייט געקוקט און דורך דעם געזען אַזוי קלאָר און קלוג די טראַגיק פון אונדזער גאַנצן יידישן לעבן. איך זע אויך אין מיין דמיון די באָד, פון וואַנען ער האָט גענומען זיין "פישקע דעם קרומען”, די פינף שולן, פון וועלכע ער האָט אָפּט אויסגעקליבן אַזויפיל טיפּן פאַר זיינע ווערק. איך שפּאַציר אַוועק אין דעם גרינעם יאַנאָצקער וואַלד, וואו ער האָט אין זיין יוגנט אַזוי אָפט געשפּאַצירט, — זיך צוגעהערט צו די כל המינים פייגל

און געשמעקט די גרינע פרישע ריחות פון גראָז און בוים, כדי דערנאָך איבערצוגעבן דעם געשמאַקן ריח אין די שורות פון זיינע פּרעכטיקע נאַטור־באַשרייבונגען.

זייענדיק נאָך אַמאָל אין מיין פאַנטאַזיע אין מענדעלעס שטעטל דערזע איך זיך אויך נאָך אַמאָל מיט מיינע חברים פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע.

סאַראַ לויטערע און חלומדיקע ייִנגלעך דאָס זיינען געווען! וואָס איז געוואָרן פון ברוך קאָזאַק? צי לעבט ער נאָך ערגעצוואו, ווייס איך נישט, אָבער מיר ווערט גוט אויפן האַרצן צו וויסן, אַז דאָס ייִנגל זאב גאָלד פון קאַפּוליע, — דער יוגענטלעכער חבר מיינער איז נאָכדעם געוואָרן אַן אָנגעזעענער רב אין ברוקלין און אויך אַן אָנגעזעענער פירער אין דער רעליגיעזע־ציוניסטישער „מזרחי״־באַוועגונג. נח ליפשיץ איז אַ דערפאָלגרייכער פאַבריקאַנט פון עלעק־טרישע מכשירים אין מענספילד, אָהייאָ, און איז פאַרוועבט אין יידישע כלל־טעטיקייטן.

די פען איז אָנגעפילט מיט אַ באַגער צו דערציילן מער וועגן אָט די יוגנט־חברים. זי האָט אויך שטאַרק חשק צו שילדערן די יידישע מענשן, ביי וועלכע איך האָב געגעסן טעג און פון צייט צו צייט אפילו אויך צום ברויט אַ קאָפּיקע באַקומען, וועלכע איך האָב מערסטנס אָפּגעגעבן פאַרן נאַציאָנאַל־פאָנד.

אַזעלכע יידן, ווי דער רב פון קאַפּוליע, ר׳ איסר דיניעס, וואָס האָט געהאַט אַ למדנישן אויסזען און זיך געיחוסט מיט משפּחהשאַפט צו דעם באַרימטן טיי־פאַבריקאַנט קלונימוס זאב וויאָסצקי, פון וועמען ער האָט אגב, געצויגן זיין חיונה. און שמואל דער סטאָליאַר, צי די ביז גאָר וואוילע פעשע חיה־שרה׳ס, ביי וועמענס טיש איך האָב יאָרן געגעסן ביז איך בין צו מיינע פערצן יאָר אָפּגעפאָרן קיין סלוצק און געוואָרן אַ תלמיד אין דער באַרימטער נחמקה׳ס קלויז.

# פון קאַפּוליע קיין סלוצק

פאַר אַ יידיש ייִנגל, וואָס האָט געמוזט אָנקומען צו פרעמדע טישן אין אייגענעם געבורט־שטעטל איבער דעם האַרטן שטיף־טאַטן, וואָס האָט נישט געוואָלט שפּייזן דעם ווייבס קינדער איז די נאָענטע שטאָט סלוצק, מיט אירע ישיבות, געוואָרן אַ גרויסע צוציִ־אונגס־כח.

אויב שוין יאָ „עסן טעג״ ביי פרעמדע טישן, זאָלן זיי זיין נישט אין קאַפּוליע, וואו יעדער איינער קען אים, נאָר אין סלוצק, ווי ייִנגלעך, וואָס קומען אַהין לערנען פון די ווייטע שטעטלעך טוען.

דערצו האָט די שטאָט סלוצק געשמט מיט אירע ישיבות. און אין סלוצק, האָב איך געהאָפט, וועל איך קומען מיט מיין לערנען צו עפּעס, וואָס זאָל זיין אַ שטיקל תכלית.

די פערציק ווערסט פון קאַפּוליע קיין סלוצק האָב איך און מיין חבר נוח, אַ ייִנגל אין מיין עלטער, דורכגעמאַכט אויף אַ בעל־עגלהשן וואָגן אין דער ענגשאַפט פון נאָך פּאַרשוינען, וואָס זיינען געפאָרן קיין סלוצק צוליב זייערע עסקים. אַ שיינע נאַטור איבער אָט־די פערציק ווערסט, און באַשרייבן זי איז פאַר מיר נישט נויטיק, ווייל אונדזער גרויסער „זיידע״ מענדעלע, האָט זי שוין פאַר מיר אַזוי מייסטערהאַפט אָפּגעקאַרטינעוועט אין זיינע טייערע ביכער, וועל איך דערפאַר גלייך אריבערגיין צו סלוצק גופא און צו מיינע פערזענלעכע איבערלעבונגען אין איר.

איך און מיין חבר נוח האָבן זיך, קודם־כל, דערשלאָגן צו נחמקה׳ס קלויז.

נחמקהס קלויז איז געווען אַ שם־דבר, נישט נאָר איז זי געווען אַ ישיבה פאַר זיך אַליין, וואו בחורימלעך האָבן זיך געוויגט איבער צעעפנטע גמרות דורך די טעג און די נעכט — זי איז אויך געווען א מין רעזערוו־סטאַנציע פאַר אַלע, וואָס האָבן געדאַרפט אָן אָרט, וואו דעם קאָפּ אַנידערצולייגן.

כדי זיך צו באַזאָרגן מיט „טעג״ האָט מען געדאַרפט אָנקומען

צו ר׳ ישראל׳ן, וועלכער האָט געפירט דעם חשבון פון אַלע באַ־לעבאַטישע הייזער, וואָס האָבן אזוינע „טעג" געגעבן צו די ישיבה־יינגעלך פון דער פרעמד.

די „טעג" האָט אַ ישיבה־יינגל נישט געקראָגן פון ר׳ ישראל גלאָט אזוי — מיר נישט דיר נישט.

פאַר יעדן „טאָג", וואָס ר׳ ישראל האָט באַוויליקט פאַר דעם זמן, האָט אַ ישיבה־יינגל אים געדאַרפט אָפּצאָלן גאַנצע פופצן קאָפּיקעס אין מזומן. כדי א יינגל זאָל זיין באַזאָרגט מיט אַלע זיבן טעג דורך דער וואָך פאַרן זמן, האָט ער געדאַרפט אָפּצאָלן ר׳ ישראלן אַ רובל מיט פינף קאָפּיקעס. און ווען אַ יינגל האָט אַזאַ סומע נישט פאַרמאָגט, איז אים טאַקע, נעבעך, געווען גאָרנישט גוט.

דערפאַר האָט א יינגל, וואָס האָט יאָ פאַרמאָגט ביי זיך אַביסל מזומן געקאָנט זיך איינהאַנדלען ביי אים מער ווי די זיבן טעג.

די מעשה דערפון איז געווען, וואָס נישט אַלע „טעג" זיינען געווען „עסנדיקע". געווען אויך אַזעלכע, וואָס מיר, יינגלעך, האָבן זיי גערופן „מזומענע".

די לעצטע זיינען געווען ביי באַלעבאָסטעס־קרעמערקעס, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין צייט אויפצונעמען דאָס ישיבה־יינגל אין שטוב ביים טיש, האָט מען דעם יינגל אויפגענומען אין קרעמל מיט עטלעכע קאָפּיקעס, פאַר וועלכע ער האָט זיך געדאַרפט אַליין קויפן זיין טאָג־שפייז.

מיט אָט אַזעלכע „טעג" האָט ר׳ ישראל געפירט אַ גאַנצן האַנדל. איך האָב זיך איינגעהאַנדלט גאַנצע ניין „טעג". זיבן עסנדיקע און צוויי מזומענע, די לעצטע צוויי, וואָס האָבן מיר געקאָסט גאַנצע דרייסיק קאָפּיקעס, האָבן דורכן זמן מיר געבראַכט פיל מער. עס האָט געטראָפן אַמאָל, אַז מען איז אריינגעפאַלן אין אַ שטיקל צרה.

דאָס איז געווען, ווען אַזאַ קרעמערקע האָט אַמאָל באַשלאָסן יאָ קומען אַהיים און אָפּקאָכן אַ מאכל פאַר דער משפחה און פאַר דעם ישיבה־יינגל. אין אַזאַ פאַל האָט דאָס יינגל געגעסן צוויי מאָלצייטן, און זיך געטרייסט דערמיט, וואָס ער האָט יענעם טאָג געמאַכט טאָפּלדיקע ברכות, פאַר וועלכע ער וועט קריגן צוויי מאָל עולם-הבא.

דאָס שלאָפן אין נחמקה׳ס קלויז וואָלט געווען נישט שלעכט, ווען נישט די אַנשיקעניש מיט די משוגעים.

געווען אַ גרויסע צאָל שטאָט־משוגעים אין סלוצק, מען האָט זיי געטראָפן אין די געסלעך. געהערט זיי אויפן מאַרק שעלטן די באַלעבאַטישע מענטשן, און דורך די נעכט פלעגן אייניקע פון זיי געפינען זייער מקום מנוחה אין נחמקהס קלויז.

עס איז אַמאָל געווען אַ קאַלטע פראָסטיקע ווינטער־נאַכט. די פענסטער פון נחמקהס קלויז זיינען געווען שווער פאַרקאָוועט מיט שנייאיקן אייז. אין אַזאַ נאַכט האַלט מען זיך, פאַרשטייט זיך, נאָענט פונעם אויוון, וואָס האָט געשלאָגן מיט אַביסל וואַרעמקייט, אָבער אין שכנות איז געזעסן איינער פון די משוגעים, און גיי ווער פון אים פטור! מילא, נו, אַז דער שלאָף באַצווינגט דיך, ווערסטו אַנטשלאָפן אויך לעבן אַזוינעם. אָבער ווען איך האָב זיך אויפ־געכאַפּט גאַנץ פרי פון די ערשטע געקומענע מתפללים, האָב איך דערפילט אַ מוראדיקע בייסעניש איבער אלע מיינע גלידער, ממש נישט צום איבערטראָגן.

איך וואָלט אַזוי גיך נישט געווען באַנומען, וואָס מיט מיר איז געשען, ווען נישט מיין חבר נוח, וואָס האָט אויסגעשריגן אויפן קול:

— זע נאַר, דו טראָגסט דאָך פרעמדע, אָפּגעריסענע קליידער אויף זיך.

ווען איך האָב זיך געכאַפּט אַז דער משוגענער האָט איבערגעביטן מיינע מלבושים, האָבן מיר אים געגומען זוכן, אָבער קיין סימן פון אים איז שוין אין קלויז נישט געווען.

מיין חבר נוח האָט זיך נישט געקאָנט באַרואיקן, אַזוי אויך אַן אַנדער ישיבה־בחור, וועמען מיר האָבן גערופן דער קלעצקער. מיר האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אין דרייען איבער די סלוצקער געסלעך, געפונען דעם משוגענעם, און דורך פאַרשיידענע איינפאַלן פאַרנאַרט אים אויף דער אייבערשטער שול פון דער קלויז, און זיך גענומען צו אים.

עד היום גרילצן מיר נאָך אין די אויערן די מוראדיקע קולות, וואָס ער האָט פון זיך אַרויסגעלאָזט, ווען מיר האָבן פון אים מיט גוואַלד אַרונטערגעריסן מיינע קליידער.

# קאַפּוליע בייט איר פּנים

געווען אַ שווערער זמן פֿאַר מיר אין סלוצק. ער האָט זיך געצויגן ווי פֿון פּעך, און ווי נאָר ער האָט זיך פֿאַרענדיקט האָב איך זיך אומגעקערט צוריק קיין קאַפּוליע.

אין יענער צייט בין איך געוואָרן למזל אַ בר־מצוה בחורל, און פּלוצלינג דערפֿילט אין זיך דעם נאַטירלעכן געפֿיל פֿון בושה צו עסן טעג.

איז וואָס־זשע טוט מען טאַקע מיט זיך? — האָב איך נישט אויפֿגעהערט ביי זיך צו פֿרעגן.

עס איז מיר געקומען צו הילף מיינער אַ פֿעטער, שמעון האָט ער געהייסן, און געהאַט האָט ער אויפֿן מאַרק אַן אייזן־קראָם, וואו מען האָט געקאָנט נוצן מיין הילף.

הכלל, איך האָב אָנגעהויבן צו פֿאַרדינען מיין טעגלעך ברויט פֿאַר דער אַרבעט אין מיין פֿעטערס אייזן־געשעפֿט, אָבער די מומע ברײַנע איז געווען אַן אויפֿגערעגטע.

— אינדערוואָכן פֿאַרדינסטו דיין עסן, אָבער שבת אַרבעטסטו נישט, איז פֿאַרוואָס זאָל איך דיך קאָרמענען?

איז זי דאָך טאַקע געווען גערעכט אָט־די מומע ברײַנע, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל זי האָבן! און איך האָב געפּראַוועט שבתים אַ הונגעריקער.

אין די אָוונט־שעהען האָב איך געלערנט אין בית־מדרש אונטער דער השגחה פֿון ר׳ שלמה שוויזיצער.

אַ מאָדנער ייד געווען אָט־דער ר׳ שלמה שוויזיצער. ווען ער האָט געלערנט מיט אונדז, אָרעמע ייִנגלעך, די בלאַט גמרא, האָט ער געהאַט אַ פֿול קול, אָבער אַזוי גיך ווי ער האָט פֿאַרענדיקט דאָס לערנען, האָט קיינער נישט געהערט פֿון אים קיין קלאַנג אפֿילו, ווי ער וואָלט געווען אַ שטומער.

און נישט נאָר זיין שטומעניש, נאָר באַזונדער דער גרויסער טרויער, וואָס האָט פֿון אים געשלאָגן.

אַ הויכער, אויסגעדאַרטער, איינגעצויגענער האָט ער זיך אָרומ־געדרייט, ווי אַ פרעמדער.

איך האָב אַ שטיק צייט נישט געקאָנט באַנעמען, וואָס איז די סיבה, און געהאַט אַ ווידערגעפיל צו אים. ווען איך בין שפּעטער געוואויר געוואָרן די סיבה פון זיין טרויער, איז מיין האַרץ אָנגעפילט געוואָרן מיט רחמנות צו אים.

גערופן האָט מען אים שוויזיצער, ווייל געקומען איז ער קיין קאַפּוליע פון דעם נאָענטן דאָרף שוויזיץ, וואו ער האָט געלעבט לאַנגע יאָרן מיט זיין ווייב, פיר זין און א בת־יחידה, ווי עס האָבן געלעבט אַרענדאַרן אין די דערפער.

זייענדיק אַ ייד א למדן, האָט ער געלערנט מיט זיינע קינדער יידישקייט, זיך געפרייט, ווען אַ ייד האָט פאַרבלאָנדזשעט צו אים און ער האָט געקאָנט מקיים זיין די מצוה פון הכנסת אורחים. אויף יום־טובים איז ער געקומען אין שטעטל, ווי אַלע אַנדערע אַרענדאַרן פון דער סביבה, און געהאָפט, אם ירצה השם, חתונה צו מאַכן די קינדער ווי גאָט האָט געבאָטן.

אָבער גאָר פּלוצלינג איז אים געשען אַ גרויס אומגליק, וואָס האָט אים איינגאַנצן צעבראָכן.

די בת־יחידה, וואָס איז געווען ביי אים ווי אַן אויג אין קאָפּ, האָט זיך פאַרליבט אין אַ פּויערשן שכנס זינדל, און עס האָט גאָרנישט געהאָלפן זי צו ראַטעווען.

ווען זי האָט חתונה געהאַט אין קלויסטער ביים גלח מיט איר געליבטן, האָט ער איבערגעלאָזט שוויזיץ מיט דער משפחה און זיך באַזעצט אין קאַפּוליער בית־מדרש.

ביז היינט קאָן איך נישט פאַרגעסן אָט־דעם ר' שלמה שוויזיצער. שפּעטער איז געקומען די משפחה און ער איז מיט איר אַוועק קיין אַמעריקע, און מער האָט מען אין קאַפּוליע פון אים נישט געהערט.

די צייט איז זיך דערווייל געגאַנגען איר וועג, און מיטגעבראַכט, אומבאַמערקט, אין קאַפּוליע גרויסע ענדערונגען.

עס איז געווען, ווי מענדעלעס וועלט האָט זיך פּלוצלינג אַ ריר געטאָן און אָנגעהויבן רודערן.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַוויזן אויף קאַפּוליער געסלעך

בחורים אין רוסישע בלוזעס און אין אַזעלכע אַנדערשדיקע היטעלעך. דאָס לשון, כאָטש זאַפטיקער יידיש — אויך עפּעס גאָר אַנדערש.

דאָס זיינען געווען אַריבערגעבראַכטע בחורים פון פרעמדע מקומות, מערסטנס פון ביאַליסטאָק, פאַר פּיוול ריקלס גאַרבאַרניע. וואָס האָט זיך אין יענער צייט צעוואָקסן אויף אַ גרויסן פאַרנעם.

די לופט פון קאַפּוליע איז פול געוואָרן מיט אַזעלכע ווערטער ווי „סאָציאַליזם״, „סטאַטשקע״ „בורזשואַזיע״ און ענלעכע. לידער אויך אַזעלכע אַנדערשדיקע, ווי „שוועסטער און ברידער״, „אַז עס פאַלט, פאַלט דער בעסטער״, און „ברוך שולמאַן דער גרויסער העלד״.

איך אליין בין דווקא געווען שטאַרק אַדורכגענומען מיט דעם ציוניסטישן אידעאַל.

גלייכצייטיק מיט די נייע רייד און לידער פון אָט־די אריבער־געבראַכטע בחורים, זיינען אויך געווען גאָר אַנדערע רייד און לידער.

דער ראש המדברים פון אָט־די רייד איז געווען דער יידישער אַפּטייקער פון קאַפּוליע, וואָס פלעגט אויסשרייבן פון ווילנע די טעגלעכע העברייאישע צייטונג „הזמן״. איך פלעג יעדן טאָג לויפן צו אים געוואויר ווערן, צי מען האָט שוין געשלאָסן דעם האַנדל, און צי מען קאָן זיך שוין לאָזן קיין ארץ־ישראל.

דער ענין ארץ־ישראל פאַר יידן, וואָס זאָלן זיך אומקערן אהין פון קאַפּוליע, פון סלוצק און פון אַלע אַנדערע שטעטלעך, האָט פאַרכאַפּט מיין יונג האַרץ אַזוי, אַז איך האָב זיך אָנגעשלאָסן אין אַ יוגנט־גרופּע, וואָס האָט געקליבן קאָפּיקעס ביי זיך און ביי וועמען מען האָט נאָר געקאָנט קריגן, כדי צו געבן צושטייער די גבירים וואָס פאַרהאַנדלען מיטן טערק.

— זאָלן זיי וויסן, אַז מיר, אָרעמע יידן, שטייען אויך נישט פונדערוויטנס, — האָבן מיר גערעדט מיט גרויס באַגייסטערונג צווישן זיך.

אין יענער צייט איז דערגאַנגען צו אונדז, אַז אין דער שטאָט מינסק איז פאַרגעקומען אַ צוזאַמענפאָר פון ציוניסטן, איז די שטאָט מינסק אויסגעוואָקסן אין מיינע אויגן צו אַ געוואַלדיקער **גרויסקייט**, און זי איז געוואָרן מיין חלום.

— אַ קלייניקייט, מינסק! — האָב איך נישט אויפגעהערט אי־

בערצוהזרן סיי צו מיינע חברים און סיי צו זיך אליין, ווען איך האָב געחלומט פאַר זיך אליין.

מינסק, האָט זיך מיר אָנגעהויבן פאָרצושטעלן, ווי דער גרעסטער צענטער פון דער וועלט. דאָרטן שפּרודלט דאָך ממש מיט אַלע אי־דעאַלן פון דעם פאָלק. ציוניזם און סאָציאַליזם אויך. אין מינסק, זאָגט מען, זאָגן זיך אָפּ יידישע זין און טעכטער פון דער עשירות, וואָס זייערע גבירישע עלטערן פאַרמאָגן, און גייען קעמפן פאַרן פאָלק און פאַר אַ בעסערער און פרייערער וועלט.

אין דער הערלעכסטער און לויטערסטער שיין איז אויפגע־גענגאַנגען פאַר מיר דאָס געשטאַלט פון דעם באַרימטן רעוואָלוציאָנער גערשוני. דער נאָמען גערשוני איז געוואָרן פאַר מיר ממש, ווי עפּעס אַ געזאַנג.

עס האָט מיך זייער שטאַרק געצויגן צו דער גרויסער ביב־ליאָטעק, וואָס געפינט זיך אין מינסק, און די ביכער אין איר זיינען פריי פאַר אַלעמען, וואָס ווילן זיך מיט זיי באַנוצן.

אַ קלייניקייט די ביכער, וואָס האָבן אין זיך אַזויפיל וויסן און זיינען פריי פאַר אַלעמען!

איך האָב דערפילט אין זיך אַ געוואַלדיקן באַגער צו פאָרן קיין מינסק און דאָרטן לעבן, און דאָרטן פון זיך עפּעס מאַכן. געהאָט האָב איך דאָרטן מיין קאָזין יודל שאַפּיראָ און נאָך אַ פּאָר קאָזינס, וועלן זיי אוודאי מיר העלפן, און איך וועל דאָרט נישט פאַרפאַלן ווערן.

הכלל, מינסק — אין אַלע מיינע מחשבות — מינסק, און איך האָב אָנגעהויבן צו מאַכן פּלענער, ווי אַזוי זיך צו דערשלאָגן קיין מינסק.

# מינסק און מלאָכה

ווי אַזוי איך האָב זיך אַריבערגעפּעקלט פון קאַפּוליע קיין מינסק, איז אויך אַ קאַפּיטל ,וואָס עס וואָלט זיך געלוינט צו באַשרייבן, אָבער

אַז איך האָלט שוין ביי מינסק, ווילט זיך נישט אַוועקגיין אין אַ זייט.

איך האָב זיך נישט אָפּגעגעזעגנט אין מיינע האָפענונגען אויף מיינע צוויי קאָזינס, וואָס האָבן אין יענער צייט געלערנט אין דער מינסקער גימנאַזיע.

די צוויי גימנאַזיסטן, יודל שאַפּיראָ און פייוול גינזבערג, זיינען מיר אַנטקעגנגעקומען מיט דער ליבשאַפט פון הארציקע ברידער. נישט נאָר האָבן זיי געמאַכט פּלאַץ פאַר מיר אין זייער געמיינזאַמען ענגן האַלב־פינצטערן בוידעם־שטיבל, נאָר זיי האָבן מיר אויך גענומען היפּש אין דער אַרבעט, אין דעם לימוד פון דער רוסישער שפּראַך און אַנדערע געגנשטאַנדן. זיי וואָלטן אַוודאי זיך אויך געטיילט מיט מיר דעם אָרעמען און מאָגערן שטיקל ברויט, אָבער דאָס האָב איך בשום אופן נישט געוואָלט אָננעמען.

איך האָב זיך איינגעשאַפּט דריי „טעג" עסן דורך דער וואָך ביי ווייטלעכע קרובים, און די איבעריקע טעג האָט מיר צוגעוואָרפן אַ ביסן ברויט דער משגיח פון דער „שואבי מים־שול", אָדער די שול פון די „וואַסער־טרעגער", ווי מען האָט זי גערופן אין מינסק.

פאַרשטייט זיך, אַז צוליב אָט־דעם ביסן ברויט האָב איך באַדאַרפט זיין איינער פון די לערנער־בחורים אין אָט־דער שול, און דאָס איז ביי מיר נישט געווען איבעריק שווער. ערשטנס, האָב איך נישט בדעה געהאַט אויפצוגעבן אינגאַנצן דאָס גמרא־לערנען, און צווייטנס, נישט האָבנדיק קיין היים, איז די שול, וואו עס איז געווען וואַרעם, דאָך געווען אַ מקום מנוחה פאַר מיר.

שפּעטער האָט מיין קאָזין יודל שאַפּיראָ מיך אָנגעהויבן אריינפירן צווישן לייטן, וואו עס האָט געשפּרודלט מיט וועלטלעכקייט, השכלה, און די אַלע אידייען, וואָס האָבן אין יענעם פּעריאָד פאַרכאַפּט די יוגנט.

אַ באַזונדערע געשעעניש אין מיין דעמאָלטיקן לעבן, ווען יודל האָט מיך געבראַכט צו דעם זייער חשובן דר. גערשוני, וואָס איז געווען דער ברודער פון דעם לעגענדאַריש־באַרימטן רעוואָלוציאָנער גריגאָרי גערשוני, וואָס איז געווען דאַן ממש אויף אַלעמענס ליפּן.

צווישן אַלע טייערע זאַכן, וואָס דר. גערשוני האָט פאַר מיר געטאָן, איז געווען דער סאַמע עיקר, וואָס ער האָט מיר געגעבן אַ בריוו צו נויפּח׳ס ביבליאָטעק, אַז מען זאָל מיר אַרויסגעבן די ביכער,

וואָס כ׳וויל נעמען מיט זיך אויף צו לייענען און צו שטודירן, און דעם חשבון פאַר זיי זאָל מען שיקן צו אים.

אַ זעלטענער מענטש געווען, אָט־דער דר. גערשנוי. ער האָט מיט זיינע מידות טובות נישט פאַרשעמט זיין גרויסן וועלט־באַרימטן ברודער.

שפּעטער בין איך געוואויר געוואָרן, אַז איך בין ניט דער איינציקער, וואָס האָט געפילט זיין חסד אויף זיך. יעדער אָרעם בחור, וואָס האָט געהאַט אַ באַגער נאָך וויסן, איז געהאָלפן געוואָרן דורך אים.

איך האָב זיך צוגעכאַפּט צו אָט־די ביכער מיט אַן אומגעהויערן פלייס. איך האָב זיי געשלונגען ווי אַ הונגעריקער, און גאָרניט גע־קענט זאַט ווערן. קיין חידוש איז דאָס נישט געווען. צו־לאַנג האָב איך געטרוימט פון אַזאַ מעגלעכקייט. און פּלוצלינג האָבן זיך אויפ-געעפנט פאַר מיר אַזעלכע רייכע קוואַלן.

אַ געוואַלדיקן איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט פּרץ סמאָ־לענסקיס בוך „התועה בדרכי החיים". איך האָב אין אָט־דעם ספר געזען בוכשטעבלעך די אָפּשפּיגלונג פון מיין אייגענעם לעבן. אפילו דער נאָמען פון דעם הויפּט העלד יוסף בן יוסף איז דאָך געווען דער זעלבער ווי מיינער.

אָט־דאָס טייערע בוך האָט מיך אַזוי פאַרכאַפּט, אַז איך בין דורך אים דערגאַנגען כמעט צו אַ קאַטאַסטראָפע... די מעשה איז געווען אַזאַ, וואָס נישט קאָנענדיק זיך אָפּרייסן פון דעם בוך, האָב איך עס געהאַלטן צעעפנט איבער דער אָפענער גמרא אויפן שטענדער פון דער „שואבי מים־שול" און דאָס געלייענט מיטן גמרא־ניגון זיך וויגנדיק איבער דעם אין דערהויבענער פרומקייט.

פּלוצלינג, אַ ליאַרעם און אַ געוואַלד! איידער איך בין געקומען צו זיך, איז דאָס בוך שוין געווען געפאַנגען אין די הענט פון דעם צע׳כעס׳טן משגיח.

— גיט מיר אָפּ דעם ספר! — האָב איך זיך צעשריען אויפן הויכן קול, און ער צו מיר:

— אַ ספר רופסטו דאָס?

אַ געשריי אויף אַ געשריי, און עס איז געוואָרן דער אמתער טומל אַרום מיר.

דער סוף פון דער מעשה איז געווען אַ זייער ביטערער פאַר מיר. מען האָט מיך גאַנץ פיין משלח געווען פון דער „שואבי מים־שול". איך האָב דערביי פאַרלוירן דעם ביסן ברויט, וואָס האָט מיך דערהאַלטן די פיר טעג אין דער וואָך.

מיט וואָס־זשע פאָרט האָב איך זיך אין יענע טעג דערנערט?

ווען איך שטרענג אָן מיין זכרון אויף יענער צייט, זע איך די איינציקע דערנערונג פון די מחיהדיקע ביכער, וואָס איך האָב נישט אויפגעהערט צו שלינגען דורך יענע טעג און נעכט. אַדאַנק מיינע שוועסטער־קינדער, האָב איך אָנגעהויבן פאַרברענגען אין קרייזלעך פון סטודענטן, עקסטערניקעס, אינטעליגענטע ארבעטער, וואָס זיינען געווען איינגעטיילט אין פאַרשיידענע ריכטונגען און פאַרטייען.

איך בין געווען דורכאויס אויער און אויג. מיין געמיט און מיין האַרץ זיינען געווען אָפן מיט אַ געוואַלדיקן אינטערעס פאַר אַלץ און אַלעמען אַרום זיך.

איך זע זיך נאָך איצט שטייענדיק אין אַ ווינקל פון דער נופח'ס ביבליאָטעק מיט צעעפנטע אויגן. יעדער אריינקומער האָט פאַר־כאַפּט און געהאַלטן געשפּאַנט מיין פאַנטאַזיע.

אין מיין נייגער האָב איך איינגעטיילט לויט דעם אויסזען און מאַנירן יעדן איינעם: שיין־אָנגעטאָנענע סטודענטן האָב איך גע־האַלטן פאַר סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, יונגעלייט מיט צע־שויבערטע קעפּ־האָר — פאַר איסקראָווצעס, און פשוטע יידישע אַר־בעטער זיינען ביי מיר שטענדיק געווען בונדיסטן.

אָבער ליב געהאַט האָב איך זיי אַלע, — אפילו יענע, וועלכע האָבן מיך אידייאיש נישט אַזוי פאַרכאַפּט, האָב איך ליב געהאַט, ווייל אַלע זיינען מיר אויסגעקומען, ווי מענטשן, וואָס לעבן נישט פאַר זיך, נאָר פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

פלוצלינג האָט אין מיר אויפגעוואַכט אַ שטאַרקער חשק זיך אויסצולערנען אַ מלאכה, און ווערן אַן אַרבעטער.

עס איז געווען נישט בלויז דער פיזישער הונגער, וואָס האָט מיך כסדר געפּייניקט און קלאָר געמאַכט פאַר מיר, אַז מיט אַ מלאכה אין די הענט, וואָלט איך פון אים פּטור געוואָרן, — עס איז געווען

מער די חשיבות, וואָס איך האָב אָנגעהויבן צו דערזען אינעם אַרבעטער־מענטשן.

איך האָב זיך צוגעקוקט צו די שפּאַצירנדיקע אַרבעטער אויף דער בירזשע איבער דעם הויכן מאַרק אין די שבתדיקע נאָכמיטאָגס, און איך בין אָנגעשטעקט געוואָרן מיט דער זיכערקייט אין זייער האַלטונג. אַ סך האָבן צוגעהאָלפן די באַלעבאַטיש-נגידישע קינדער, וואָס זיינען געוועזן אַרבעטער, כדי צו קאָנען לעבן אין די רייען פון דעם קלאַס, פאַר וועלכן זיי האָבן אַזוי העראָאיש געקעמפט.

מיינער אַ לערער האָט איינמאָל אויף אַזאַ שבתדיקן שפּאַציר געצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט אויף אַ שטאָלצער אַרבעטער־מיידל, וואָס האָט געשפּאַצירט צווישן די אַרבעטער, און געזאָגט:

— דו זעסט? דאָס איז מאַניאַווילבושעוויטש!

אַ קלייניקייט מאַניאַ ווילבושעוויטש! ווער האָט נישט געהערט פון אָט־דער קעמפערין, וואָס איז געווען אַ נגידישע טאָכטער אין שטאָט? און איז זי דען געווען די איינציקע אַזאַ? עס זיינען געווען נאָך און נאָך. אָט אַ שטייגער די טאָכטער פון דעם גרעסטן מינסקער עושר לוריע, וואָס איז געווען אַ שם דבר אין דער גאַנצער סביבה.

הכלל, צו ווערן אַן אַרבעטער איז געוואָרן מיין טיפסטער באַגער, אָבער וויאַזוי דערגרייכט מען דאָס? היינטיקע צייטן, ווען די אַרבעט איז אַ צעטיילטע אויף פאַרשיידענע סעקציעס, איז די זאַך זייער פּשוט. מען זוכט אָפּ אַן אַרבעט אין אַ פאַבריק, אין אַ שאַפּ, און מען ווערט אַן אַרבעטער. אָבער אין יענער צייט איז דאָס געווען גאָר אַנדערש. צו ווערן אַן אַרבעטער האָט מען געדאַרפט זיך אָנדינגען אויף דער לערע ביי אַ מייסטער באַלעמעלאָכע. נישט נאָר האָט מען געדאַרפט אַרבעטן אומזיסט גאַנצע צוויי יאָר, נאָר אין מערסטע פאַלן נאָך צוצאָלן דעם באַלעבאָס אַביסל מזומן, און דערצו אויך זיין אַן ארויס־העלפן דער באַלעבאָסטע אין שטוב.

אַ באַלעמלאָכע! אומבאַדינגט אַ באַלעמאָלאָכע! — האָב איך נישט אויפגעהערט צו חלומען אין דער הויך.

איך האָב זיך דערמאָנט אָן מיין פעטער שמעון אין קאָפּוליע, וואָס איז דער אָפּעקון פון דער ביסל ירושה, וואָס מיין פאָטער האָט נאָך זיך געלאָזן. ביז איצט האָט ער בלויז געגעבן אַביסל מלמד-געלט

פאַר מיר אין קאַפּוליע, איצט וועל איך פאָדערן פון אים — ער זאָל מיך אָנדינגען ביי אַ מייסטער באַלעמעלאָכע.

— קיין אַנדער וועג איז פאַר מיר נישטאָ, ווי נאָר זיך אומקערן קיין קאַפּוליע און אויפנעמען אָט־דעם וויכטיקן ענין מיטן פעטער שמעון.

נישט לאַנג געטראַכט, האָב איך צונויפגענומען מיין ביסל באַגאַזש, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ פּאָר אַלטע העמדעלעך און אַן אָפּגעטראָגן מאַנטעלע, און זיך געלאָזט צום מינסקער וואָקזאַל.

וואָס עפּעס צום וואָקזאַל, ווען איך האָב נישט פאַרמאָגט קיין גראָשן אין קעשענע? דער ענטפער אויף אָט־דער פראַגע איז אויפן עכט־יידישן שטייגער מיט אַן אַן אַנדער פראַגע: — וויאַזוי בין איך געקומען פון קאַפּוליע קיין מינסק? האָב איך דען דעמאָלט יאָ געהאַט אויף הוצאות?

די רוסישע באַנען האָבן געהאַט פאַר אַזעלכע, ווי איך בין געווען בענק, און אַז מען איז אַרונטער צווישן דעם געפּעק אונטער אַזאַ באַנק און עס איז נישט איינגעפאַלן דעם קאָנדוקטאָר אַ קוק צו טאָן, האָט מען געקאָנט אַזוי פאָרן געזונטערהייט ביז מען איז דערפאָרן וואוהין מען האָט געדאַרפט אָנקומען.

בין איך זיך אַזוי געלעגן, ווי אַ קיסר אונטער דער באַנק, ווען די באַן האָט זיך גערירט פון מינסק. נישט מער, דאָס מאָל איז דער קיסרשער געלעגער געווען אביסל דאָסיק. אַ פּנים צופיל פּעקלעך געווען, און עס איז געווען אוממעגלעך זיך אַ דריי צו טאָן פון איין זייט אויף דער אַנדערער כדי צו כאַפּן דעם אָטעם פון דער טרייסלע־ניש און געזשום און בראַזגעריי פון די רעדער.

איז ווי איך ליג זיך אַזוי, פאַלט מיר איין אַ געדאַנק, וואָס פאַר־כאַפּט מיך וואָס־וויטער אַלץ שטאַרקער. דער געדאַנק איז געווען:

היות צווישן מינסק און דער סטאַנציע גאָראָדייע, וואו איך דאַרף ארונטערגיין, איז בלויז דאָ די סטאַנציע סטאָלפּצי, וואו די באַן שטעלט זיך, וועל איך בלויז ליגן דאָ ביז די באַן וועט זיך רירן פון סטאָלפּצי און דעמאָלט וועל איך אַרויסקריכן. איי, דער קאָנדוק־טאָר? וואָס־זשע וועט ער דען טאָן אָט־דער קאָנדוקטאָר מיט מיר? ער וועט דאָך מיך נישט ארונטערוואַרפן, ווען די באַן גייט. טאָן וועט

ער דאָס יאָ, ווען מען וועט אָנקומען קיין גאָראָדייע, און דאָרטן איז דאָך שוין אַלץ אין אָרדענונג.

— אַ גוטער איינפאַל! — באַגריס איך זיך, און בין גאָר שטאָלץ אויף מיין פּלאַן, וואָס איז אַזוי קלאָר און טאַקע שכלדיק.

— אַ גאָלדענער געדאַנק! בפירוש אַ גאָלדענער! — הער איך נישט אויף איבערצוחזרן צו זיך, און אין דער באַגייסטערונג מיט מיין גאָלדענעם געדאַנק בין איך דערוויל אַזוי באַרוישט געוואָרן, אַז ווען איך האָב דערהערט דעם קאָנדוקטאָרס אויסרוף: „סטאַנציע סטאָלפּצי‟, האָב איך נישט געוואָרט ביז די באַן וועט אָנהייבן אַוועקצוגיין, און איך בין אַרויסגעקראָכן פון מיין באַהעלטעניש.

ווען איך האָב דערזען פאַר זיך דעם קאָנדוקטאָר, האָב איך זיך אפילו געכאַפּט אין מיין טעות, אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט.

פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט מיך אַ כאַפּ געטאָן פאַרן קאָלנער, און איידער איך בין געקומען צו זיך, בין איך שוין געווען אין דרויסן, און אַז די באַן האָט אָנגעהויבן אָפּציען, האָב איך, צו מיין אומגליק דערזען, אַז נישט נאָר בין איך נישט דערפאָרן קיין גאָראָדייע, נאָר אַז איך בין אויך געבליבן אָן דעם ביסל באַגאַזש, וואָס איך בין נישט באַוויזן מיטצונעמען מיט זיך.

וויאַזוי אַ יינגל אין מיין מצב האָט געפילט, איז דאָ ניט שייך צו שילדערן. עס איז געווען אָך און ווי, און די איינציקע טרייסט, וואָס איך האָב געקענט האָבן פאַר זיך, איז געווען, וואָס איך בין ניט צעשאָטן געוואָרן פון דעם קאָנדוקטאָרס אַרונטערשליידערן מיך.

ווען איך בין געקומען אַביסל צו זיך, און זיך אָנגעהויבן אַרומצוקוקן, איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז דאָס וואָקזאַלכל איז נאָך גאַנץ ווייט פון שטעטל.

— איז וואָס־זשע טוט מען איצט? — האָב איך זיך ניט אויפגעהערט צו פרעגן אין מיין פאַרצווייפלונג. צו מיין אויער האָט זיך דערטראָגן אַ צערטלעכער שמועס אין יידיש. איך קוק זיך ארום און זע — נישט ווייט פון מיר שפּאַצירט אַ יונג פּאָרל.

זיי האָבן מיך מיטגענומען צופוס אין שטעטל אַריין. דאָס פּאָרל איז געגאַנגען פאָראויס, און איך — הינטער זיי אַ גוטע פּאָר וויאָרסט. אין שטעטל האָבן זיי מיך צוגעפירט צו דער שול און זיי זיינען זיי זיך אַוועק זייער וועג.

איך האָב זיך דערפרייט מיט דער שול, ווייל איך בין געווען מוראדיק מיד, און זיך אויסציען אויף אַ באַנק איז דאָך שוין פאַר מיר געווען אַ געוויינלעכע זאַך, אָבער צו מיין „גליק" איז די שול געווען פאַרשלאָסן.

— וואָס־זשע טוט מען איצט?

האָב איך אָנגעיאָגט דאָס אָפּגייענדיקע פּאָרל, און זיי האָבן מיר אָנגעוויזן אויף דער איינציקער אכסניא, וואָס האָט זיך געפונען אין שטעטל סטאָלפּצי.

— גיי אריין און דערצייל דעם באַלעבאָס דיין לאַגע, וועט ער דיך לאָזן איבערנעכטיקן.

אַ ברירה האָב איך געהאַט? האָב איך אָנגענומען די עצה.

דערוויל איז צוגעפאַלן די נאַכט, כ'האָב געמוזט האָבן אַן אָרט, וואו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן, האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און בין אריין אין דער אכסניא. דער באַלעבאָס האָט אָפּנים, נישט געהאַט קיין גרויס חשק אויפצונעמען אַזאַ אורח, וואָס האָט נישט קיין מזומנים, האָט ער געפונען אַ תירוץ: — היות איך האָב נישט קיין פּאַספּאָרט, קאָן ער נאָך האָבן צרות פון דער פּאָליציי, איז לכן, זאָל איך זיך גלייך אָפּטראָגן פון דאַנען.

בין איך אַרויס אין דעם נאַכטיקן דרויסן, און געבליבן שטיין אַ פאַרלוירענער. די שיין פון דעם באַלויכטענעם פענצטער האָט מיר אָנגעוויזן אויף אַ ברייטער לאַך פונעם גאַניק ביים ארייננאַגאַנג צו דער אכסניא, און איך בין אויף אַלע מיינע פיר אַריינגעקראָכן. ווען איך בין שוין געלעגן אין דער פינצטער אויף דער האַרטער ערד, בין איך געווען צופרידן, וואָס איך האָב נישט קיין הינט און חזירים פאַר מיינע שכנים, ווייל זיי, האָב איך געוואוסט, האָבן אַ טבע זיך מאַכן נאַכטלעגערס אין אַזעלכע ערטער.

איך געדענק שוין נישט צי איך בין יענע נאַכט געשלאָפן. איך געדענק נאָר, אַז ווען דער ערשטער פּאַס ליכט פון דעם קאַיאָר האָט זיך באַוויזן דורך דער שפּאַרונע, בין איך אויף די זעלבע פיר מיינע ארויסגעקראָכן און זיך געלאָזט צום וואָקזאַל מיט דער האָפענונג זיך אריינבאַקומען אויף אַ באַן קיין גאַראַדייע, און זיך אַרונטערשאַרן אונטער דער באַנק אין וואַגאָן.

צו מיין שלים־מזל האָב אויסגעפונען, אַז די באַן קיין גאַראָדייע

וועט ערשט זיין דאָ פּאַרנאַכט, איז וואָס־זשע טוט מען מיט זיך, אַ הונגעריקער, אַ צעבראָכענער, אַ גאַנצן טאָג אין אַ קאַלטן וואָקזאַל?

מיינע אויגן האָבן אויפגעכאַפּט אויף אַ באַנק אַן אָרעמען, איינגעהויקערטן יידן מיט אַ טאָרבע, און איך האָב באַנומען, אַז אָט־דער בעטלער זוכט אויך, נעבעך, אַן אָרט אונטער אַ באַנק פון אַ וואַגאָן, וואָס זאָל אים ערגעץ ברענגען.

איך האָב זיך צוגעשאַרט צו אָט־דעם יידן, און עס איז געווען גוט, וואָס איך האָב זיך צוגעטוליעט צו אים, אַח לצרה, אַ ברודער אין דער נויט. צוויי אומגליקלעכע! עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויך ער ציט קיין גאָראָדייע.

— ביסטו, הייסט עס, פון גאָראָדייע — האָט ער געוואָלט וויסן. — ניין, איך בין פון קאַפּוליע, — האָב איך זיך פאָרגעשטעלט.

— נו, אין גאָראָדייע וועסטו שוין קריגן אַ קאַפּוליער בעל־עגלה און ער וועט דיך שוין מיטנעמען אַהיים.

אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, און מיר האָבן זיךביידע דערטראַכט, אַז היות אין וואקזאַל איז זייער קאַלט, און די באַן וועט ערשט דורכגיין פאַרנאַכט, איז אפשר אַ פלאַן זיך גאָר לאָזן צופוס.

— גיין איז וואַרעמער, — האָט ער אַרויסגעזאָגט מעשה דער־פאַרענער גייער איבער די וועגן.

— איך מיין אויך אַזוי! — האָב איך אַרויסגעזאָגט מיין מיינונג, און דערביי צוגעלייגט:

— ביז די באַן וועט אָנקומען אַהער, קאָנען מיר אָנציען קיין גאָראָדייע.

דער ייד מיט דער טאָרבע און איך לעבן אים האָבן זיך געלאָזט אין וועג אריין. ער האָט געשפּאַנט אַ שווייגנדיקער, און איך לעבן אים מיט מיינע מחשבות וועגן מיינע איבערלעבונגען אין מינסק.

מיר איז געווען גוט צו טראַכטן וועגן מינסק. כאָטש די חדשים זיינען דאָרטן געווען שווערע, איז מיר געווען גוט צו טראַכטן וועגן מיינע קרובים יודל שאַפּיראָ און פייוול גינזבערג און דעם גייסטיקן פאַרמעג, וואָס זיי האָבן מיר מיטגעגעבן. איך האָב געטראַכט מיט באַזונדער באַגייסטערונג וועגן דעם דר. גערשוני, און וועגן די קרייזלעך, אין וועלכע איך האָב פאַרקערט, — און דער עיקרשט

וועגן דעם, וואָס גאָר בקרוב וועל איך ווערן אַ באַלעמעלאָכע, און זיין אַ שטאָלצער אַרבעטער צווישן ארבעטער־מענטשן.

צום אָוונט זיינען מיר בשלום אָנגעקומען קיין גאָראָדייע. איך האָב זיך דערשלאָגן צו אַ קאַפּוליער בעל־עגלה, וואָס האָט מיך געקענט, און איך בין דעם זעלבן אָוונט אָפּגעפאָרן קיין קאַפּוליע צום פעטער שמעון, מיט מיין פעסטן באַשלוס אים צווינגען מיר העלפן דורכפירן מיין פּלאַן, וואָס איך האָב אָנגענומען אין מינסק, אומבאַדינגט זיך אויסלערנען אַ מלאָכה, וועלכע מלאָכה — איז ביי מיר נאָך נישט געווען קלאָר. אָבער דער עיקר — זיך דערשלאָגן צו דער חשיבות פון אַן אַרבעטער צווישן יידישע אַרבעטער־מענטשן.

# אין וואַרשעווער תפיסה

און אַט בין איך שוין ווידער אין קאַפּוליע, און, פאַרשטייט זיך, גאָר אַן אַנדערער, ווי איך בין פון דאָרט אָפּגעפאָרן קיין מינסק.

דאָס ביסל וויסן אויפן געביט פון אַלגעמיינע לימודים, וואָס איך האָב איינגעזאַפּט אין זיך פון יהודה לייב גאָרדאָן, פּרץ סמאָ־לענסקין, מענדעלע מוכר ספרים און אַנדערע, האָט אויפגעוועקט אין מיר אַ זעלבסט־חשיבות, וואָס האָט נישט דערלאָזט, איך זאָל אָנהויבן אויפסניי עסן טעג ביי פרעמדע טישן.

—אַ באַלמעלאָכע! אומבאַדינגט אַ באַלמעלאָכע! — איז ביי מיר געווען אַ פעסטער באַשלוס, אָבער דורכצופירן אים איז נישט געווען אַזוי גרינג.

דאָס געמיט איז געווען אָנגעפילט מיט די אַרבעטער און רעוואָלוציאָנערע לידער פון דער מינסקער באַוועגונג. אַזעלכע ווערטער, ווי „בונד״, „סטאַטשקע״, האָבן געקלונגען אין מיינע אויערן זייער „ראָמאַנטיש״, און כדי צו ווערן אַ טייל פון אָט־דעם אַלעם, באַדאַרף מען אומבאַדינגט וואָס־גיכער זיך אויסלערנען אַ מלאכה.

נו, יאָ, אַ מלאכה! אָבער וועלכע מלאכה?

שוסטעריי אָדער שניידעריי זיינען באַטראַכט געוואָרן אין מיין באַלעבאַטישער סביבה פאַר אַ זייער נידעריקער מדרגה, און ווי וועל איך קאָנען באַוועגן מיין פעטער שמעון, ער זאָל דערצו מסכים זיין? און עס איז נישט געווען בלויז דער פעטער שמעון אַליין. כדי צו דערגרייכן מיין ציל, האָט זיך געפאָדערט, קודם־כל, די הסכמה פון מיין באָבע אסתר, וועלכע האָט געהאַט די הויפּט־דעה איבער דער גאַנצער משפחה, וואָס איז באַשטאַנען פון קינדער און אַרום פערציק אייניקלעך.

איך האָב גוט געוואוסט, אַז פון דער באָבע וועל איך אויף שניידעריי אָדער שוסטעריי קיין הסכמה נישט קריגן, איז מיר איינ-געפאַלן זיך צו לערנען סטאָליעריי.

פאַרוואָס עפּעס סטאָליערײַ? ערשטנס, דערפאַר, ווײַל אַ סטאָליער איז דיר ניט קיין שוסטער אָדער אַ שניידער, און, צווייטנס, איז אין קאַפּוליע געווען אברהם דער סטאָליער, וואָס האָט פאַרנומען אַ בכבודיקן אָרט אין קלויז און איז בכלל פאַררעכנט געווען אין שטעטל ווי אַ לייטישער און אָנגעזעענער באַלעבאַטישער ייד.

— אַ שיינער ייד — האָט מען גערעדט וועגן אים, און מיינע האָפענונגען זיינען געוואַקסן אין מיר, אַז די באָבע וועט מסכים זיין, בפרט, ווען איך וועל איר דערציילן, אַז אַברהם סטאָליער איז וויליק מיך צו האַלטן ביי זיך דאָס ערשטע יאָר אויף קעסט. דאָס צווייטע יאָר וועל איך שוין קריגן אַ פינף־און צוואַנציקער אויף הלבשה, און דאָס דריטע — וועל איך קריגן אַ גאַנצן פופציקער וואָס אזוינס צוזאַמען מיט דער מלאכה אין האַנט וועט דאָך מיך פשוט אַוועקשטעלן אויף די פיס.

אָט אַזוי האָב איך געטראַכט, ווען איך בין געקומען נאָך דער הסכמה צו דער באָבען.

וויי, וויי, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן, ווען די באָבע האָט דערהערט, וואָס אירס אַן אייניקל וועט טאָן!

עס איז געווען, ווי דער הימל וואָלט פּלוצלינג ארונטער־געפאַלן צו דער ערד, און איר גאַנץ לעבן וואָלט געהאַלטן ביים פאַנאַנדערפאַלן.

— סטייטש? סטייטש? אַ באַלמעלאָכע אין איר משפחה? אַזוינס איז דאָך נישט געהערט געוואָרן! ניין! ניין און נאָך אַמאָל ניין! וואָרים אַזאַ בזיון וועט זי פשוט ניט אַריבערטראָגן.

ווי איך האָב זיך געפילט נאָך אָט־דעם מענה־לשון פון מיין באָבען, איז ניט שייך צו דערציילן. אָבער וואָס טוט מען איצט?

דער פעטער שמעון האָט, פאַרשטייט זיך, געהאַלטן מיט דער באָבען. ער האָט פאָרגעשלאָגן, אַז איך זאָל ווערן אַן אָנגעשטעלטער אין אַ געשעפט, — אַ „פריקאַשטשיק", ווי עס האָט ביי אונדז געהייסן.

— אַ פריקאַשטשיק איז גאָר עפּעס אַנדערש, — האָט דער פעטער שמעון געטענהט, און דערביי אויסגעלייגט פאַר מיר אַ גרויסאַרטיקע צוקונפט, וואָס איך קאָן דערגרייכן דורך ווערן אַ פריקאַשטשיק.

— אַ פּריקאַשטשיק איז שוין גלייך אויף דער שוועל צו ווערן אַ סוחר פאַר זיך אַליין, — האָט ער גערעדט צו מיר, און דערביי מיר דערציילט פון אַ צאָל פּריקאַשטשיקעס, וואָס זיינען איצט גרויסע סוחרים.

— אַי ווערסטו ביי מיר פרעגן, וואו דו ווערסט נעמען געלט, ווען דו ווערסט שפּעטער קומען צו דער מדרגה פון ווערן אַ סוחר? — האָט ער געפרעגט, און טאַקע גלייך מיר געגעבן דעם ענטפער:

— נדן! דו פאַרשטייסט? פּריקאַשטשיקעס זיינען זייער געזוכטע חתנים, און אַז גאָט העלפט, מען קריגט אַריין דעם אמתן נדן, איז דאָך שוין נישט שייך זיך צו זאָרגן וועגן דעם ביסל מזומן צו עפענען אַן אייגן געשעפט, און ווערן אַ סוחר פאַר זיך אַליין.

זיינען דאָס געווען דער באָבע אסתר׳ס געוויינען צוזאַמען מיט דעם פעטערס איינרעדן מיך, אָדער איך אַליין האָב אָנגעהויבן איינ־צוזען, אַז עס וועט מיר זיין שווער זיך אַנטקעגנצושטעלן דעם ווילן פון דער משפּחה? איך געדענק שוין נישט אַקוראַט, וואָס עס האָט אויף מיר שטאַרקער געווירקט, אָבער איך בין סוף כל סוף איינגע־גאַנגען צו ווערן אַ פּריקאַשטשיק. אביסל דערפאַרונג אויף דעם געביט האָב איך געהאַט פון אַרויסהעלפן אין די פריערדיקע יאָרן, ספּעציעל אין די בין־הזמנים־צייטן, אין דעם אייזנגעשעפט פון מיין פעטער. בקיצור, עס איז געבליבן אַז איך פאָר קיין וואַרשע.

דאָס אַוועקלאָזן זיך קיין וואַרשע איז אויך געווען דעם פעטער שמעונס געדאַנק. ער האָט דאָרטן געהאַט פאַרבינדונגען מיט סוחרים, און ער האָט מיך טאַקע מיטגעגעבן אַ בריוו צו איינעם פון זיי.

מיר צו געבן אויף הוצאות איז דעם פעטער אפילו נישט איינגעפאַלן, און טאַקע צו וואָס אויסגעבן געלט, ווען אַ יינגל, ווי איך, ווייס שוין דעם טעם פון פאָרן אונטער דער באַנק אינעם וואַגאָן?

האָב איך זיך טאַקע אַוועקגעלאָזט קיין וואַרשע אויפן זעלבן אופן, ווי איך פלעג מאַכן מיינע רייזעס. איך בין בשלום אָנגעקומען אויפן וואַרשעווער וואָקזאַל, וואו איך האָב קודם זיך געקויפט אַ בולקע, כדי זיך צו קרעפטיקן, און באלד נאָכדעם זיך גענומען פרעגן דעם וועג צו דעם סוחר, צו וועלכן מיין פעטער האָט מיר אַ בריוו געגעבן.

עס איז געווען אַ העלער פרימאָרגן. די הויכע מויערן, און די באַוועגונג פון מענטשן האָבן מיך איינגעשלונגען אין זיך. לויט דער אָנווייזונג פון אַ יידן האָב איך זיך געצויגן אין דער ריכטונג, וואו דאָס גרויסע אייזנגעשעפט, צו וועלכן איך האָב באַדאַרפט האָבן, האָט זיך געפונען. פלוצלינג איז, ווי פון דער העלער הויט אויס־געוואָקסן אַרום מיר אַ מאַרשירנדיקע דעמאָנסטראַציע פון הונ־דערטער יוגענטלעכע אַרבעטער-מיידלעך און בחורים, צווישן וועלכע עס זיינען געווען אַ היפשע צאָל סטודענטן אין זייערע אוניפאָרמעס און איך בין אין מיין יוגענטלעכער באַגייסטערונג גלייך געוואָרן איינער פון די דעמאָנסטראַנטן.

— אָט וואָס וואַרשע איז! — האָב איך צו זיך געהאַלטן אין איין זאָגן הויך אויפן קול. מיין קול האָט אָנגעהויבן מיטזינגען מיט זיי און אויך מיטשרייען מיט זיי אַלעמען די אויסגעשרייען:

אַרונטער מיט דער זעלבסטהערשאַפט! ארונטער! הוראַ! און נאַכאַמאָל הוראַ!

ווי לאַנג אָט דער מאַרש האָט געדויערט איז מיר איצט שווער צו זאָגן. איך שטעל זיך פאָר, אַז געווען זיינען דאָס נישט מער, ווי בלויז געציילטע מינוטן, אָבער פאַר מיר איז דאָס געווען אַזאַ דער־הויבונג, וואָס איז פאַר זיך אַליין געווען אַן אייביקייט.

פלוצלינג — ווי אַ דונער פון לויטערן הימל. אַ רגע — אָ גע־וואַלדיקע געפלעפטקייט, אַז דער אָטעם פון דעם גאַנצן אַרום האָט זיך אָפּגעשטעלט, און באַלד נאָכדעם וואָרנענדיקע אויסגעשרייען:

— פאָליציי! פאָליציי!

די מאַסע האָט זיך אַ ריר געטאָן. עס איז געוואָרן אַ געלויף, אַ געיעג, כוואַליעס איבער כוואַליעס, און פלוצלינג בין איך אין דער לאַפּעדיקער האַנט פון אַ הויכן, געזונטן זשאַנדאַר. איידער איך בין געקומען צו זיך פון דער ערשטער איבעררעשונג, האָב איך דערפילט אַז אַלצדינג איז שוין קלאָר געווען, האָט מען פאַנאַנדערגעפּראַלט אַ ברייטע טיר פון גרויסן טונקעלן קאַמער, וואָס האָט געדאַרפט ווערן פאַר מיר אַן אכסניא ביז ווייטערדיקע פאַראָרדענונגען.

באַלד נאָכדעם האָב איך זיך דערפילט אַ צוגעקייטלטער מיט אַן אייזערנעם קייטל צו נאָך אַ בחור, וואָס איז געווען עלטער און

פיל גרעסער פון מיר, און מיר זיינען געווען אויפן וועג אונטער אַ שטרענגער שמירה צום פּאָליציייִשן „אוטשאַסטאָק".

דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַן אויספאָרשונג: — ווער ביז איך? וואָס בין איך? פון וואַנען קום איך? צו וועלכער פון דער קראַמאַלע געהער איך? און אַז מען איז ענדלעך דערגאַנגען, אַז קומען קום איך פון דער שטעטל קאַפּוליע, וואָס אין מינסקער גובערניע, האָט מען מיך, צוזאַמען מיט אַ צאָל אַנדערע אַרעסטירטע, דערווייל אָפּגעמאַרשירט אין דער „פּערעסילנער" טורמע, וואו עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע אויספאָרשונג מיט אַ זוכעניש פריער אין די קעשענעס, און דערנאָך אין אַלע ווינקעלעך פון מיינע קליידער, צי עס זיינען נישט באַהאַלטן אין עפּעס פאַרבאָרגענע פאַלדן אַזוינס, וואָס קאָן שטעלן די צאַרישע מאַכט אין געפאַר.

שפּעטער האָט מען מיך גענומען אויף אַ נייעם פאַרהער. מען האָט דורך אַלערליי פראַגן געזוכט צו דערגרונטעווען מיין יחוס.

עס האָט גענומען לאַנג ביז מיינע אויגן האָבן זיך צוגעוואוינט צו דער טונקלקייט. אַז זיי האָבן ענדלעך אָנגעהויבן צו זען, האָבן זיי זיך אָנגעשלאָגן אויף אַ גרויסער קופּע ליגנדיקע מענטשן צוגעדריקטע איינע צו די אַנדערע, און פאַר מיר איז שוין קיין שטיקל פּלאַץ נישט געבליבן.

די בליקן פון די ליגנדיקע מענטשן אויפן האַרטן דיל האָבן זיך אַריינגעשטאָכן אין מיר, ווי זיי וואָלטן מיך געוואָלט דורכפאָרשן. באַלד זיינען געקומען פראַגן אויף רוסיש, פּויליש און אויף יידיש, און די פראַגן זיינען געווען געווענדט אויפן חשבון פון מיין יחוס:

— אַ גנב, צי אַ פּאָליטישער?

פון די פראַגן צו מיר איז קלאָר געוואָרן, אַז צווישן דעם היפּשן עולם אין קאַמער געפינען זיך פון ביידע מינים.

מען האָט זיך צענויפגעדריקט און געמאַכט פאַר מיר אַ שטיקל פּלאַץ. דערביי האָט מען מיר געלאָזט וויסן, אַז איך קאָן זיך נישט אָוועקלייגן אין די בגדים. איך האָב אַפילו נישט געהאַט קיין חשק אויסצוטאָן מיינע שיך, וואו עס איז געלעגן מיין אוצר, — דאָס פאַרמעגן פון צוויי רובל. אָבער איך האָב קיין ברירה נישט געהאַט און געמוזט נאָכגעבן די אַלגעמיינע פאַראָרדענונג.

איך האָב די שיך, וואו ס'איז געווען מיין גאַנץ פאַרמעגן, זיך

אונטערגעלייגט צוקאָפּנס, אָבער סיי ווי האָט דאָס מיין פאַרמעגן נישט געראַטעוועט.

שפּעטער מיט אַ פּאָר שעה, ווען אַלץ איז געווען איינגעזונקען אין אַ כראָפּענדיקן שלאָף, האָב איך געפילט, ווי מען נעמט זיך צו מיינע בגדים, און אויך צו מיינע שיך. דער אינסטינקט פון דער־האַלטן זיך ביים לעבן האָט מיך אָפּגעהאַלטן פון אויסצושרייען. נישט נאָר האָב איך נישט אויסגעשריגן, נאָר, אַדרבה, זיך געמאַכט, אַז איך שלאָף, און הער נישט קיין זאַך.

— זאָל מען נעמען, אבי מיך פּערזענלעך נישט שעדיקן! — האָב איך זיך געטראַכט.

שפּעטער בין איך געווען אין ספק, צי האָב איך גוט געהאַנדלט אין יענעם מאָמענט. סוף־כל־סוף זיינען דאָך אין קאַמער געווען געצוג פּאָליטישע, וואָס וואָלטן נישט דערלאָזט מיר טאָן שלעכטס די גנבים, אָבער צופיל צום האַרצן האָב איך זיך דאָך נישט גענומען איבער דעם פאַרלוסט פון מיינע צוויי רובל.

די קומענדיקע פיר וואָכן, וואָס איך האָב געלעבט אין אָט־דער קאַמער, זיינען פאַר מיר געווען אַן אוניווערזיטעט. איך האָב זיך זייער גיך איינגעהיימישט אין דער גרופּע פּאָליטישע, און נישט געבענקט נאָך דעם דרויסן. די דעבאַטעס צווישן די פאַרשיידענע גרופּירונגען האָבן מיך געהאַלטן געשפּאַנט. זייער אָפט האָב איך אויך אָנטייל־גענומען אין זיי, און אוודאי האָב איך מיט גרויס התלהבות מיט־געזונגען די דערהויבענע רעוואָלוציאָנערע לידער, וואָס האָבן אַלעמען פאַראייניקט.

דורך אָט־די פיר וואָכן האָב איך זייער אַ סך געלערנט. עס האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן אויפגיין אין מיר די אידייען־פאַרשיידנקייט צווישן דעם „בונד", דעם „פּ. פּ. ס." און דער „איסקראַ". איך האָב געהאַט פיל נאָכצוטראַכטן און זיך קלאָר מאַכן, ווער עס איז אויף דעם סאַמע ריכטיקסטן וועג, און ווער עס בלאָנדזשעט.

איך האָב זיך געפילט ווי איך וואָלט זיך געוויגט איבער כוואַליעס פון אַ ברויזיקן ים. אָט האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס ליכט איז דאָרט און אָט שוין אויף אַן אַנדער אָרט. איך האָב געהאַט אַן אָפן אויער און וואַך האַרץ. און נישט נאָר איך, אַלע אַנדערע אויך — איינער צו דעם

אַנדערן; אפילו די גנבים און קרימינאַלניקעס האָבן זיך צוגעהערט צו אַלץ מיט גרויס אינטערעס.

עסן האָט מען אונדז געגעבן צוויי מאָל אַ טאָג, אינדערפרי — שוואַרץ ברויט מיט הייס וואַסער, און נאָכמיטיק — נאָך אַמאָל ברויט, געקאָכטע קאַשע, אָדער קרויט, — „קאַפּוסטאַ“, ווי מען האָט דאָס גערופן.

אין די שבתים האָב איך געגעסן גאָר גוט, ווייל אין אָט די טעג פלעגן קומען באַזוכן די קרובים פון די פּאָליטישע אַרעסטירטע, — מערסטנס — באַלעבאַטישע יידן, און מיטברענגען חלות, טאָרטן, פיש און עוף. און אַזוי ווי מען האָט געלעבט אין דער קאַמער אַ קאָמונע־לעבן, האָב איך אויך געקראָגן מיין חלק, און טאַקע אויפגעלעבט אַביסל פון אָט־די מאכלים.

פּלוצלינג איז געקומען אַ פּרימאָרגן, ווען מען האָט מער קיין פּאָרציע עסן נישט געגעבן. דאָס איז געווען אַן אָנזאָג, אַז היינט וועט מיט מיר עפּעס פּאַסירן, און אַזוי איז טאַקע געווען.

אין אַ פּאָר שעה שפּעטער איז מען געקומען נאָך מיר און מיך ארויסגעפירט אויפן הויף. אינאיינעם מיט מיר האָט מען געפירט פון אַנדערע קאַמערן נאָך און נאָך אַרעסטאַנטן.

אַז עס האָבן זיך צונויפגעקליבן אַרום אַ הונדערט מענטשן, האָט זיך באַוויזן אַן אָפיציר מיט אַ צאָל סאָלדאַטן, באַוואָפנט מיט געווער. עס איז געקומען אַ באַפעל זיך אויסצושטעלן אין רייען, וואָס מיר האָבן גלייך אויסגעפאָלגט. דאַן איז געקומען אַ באַפעל צו די סאָלדאַטן צו אַנטבלויזן די באַיאָנעטן. מען האָט אונדז אַרומגערינגלט, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ מאַרש איבער די וואַרשעווער גאַסן, וואָס האָט געדויערט אַריבער אַ שעה, ביז מען האָט אונדז געבראַכט צום וואָקזאַל און אונדז אָנגעהויבן אַריינצוזעצן אין פּראַכט־וואַגאָנען.

זייענדיק אין וואַגאָן, האָב איך אויסגעפונען פון די פּאַפּירן, וואָס מען האָט פאָרגעלייענט, אַז איך ווער געשיקט מיטן פּאָליציייאישן עטאַפּ קיין מינסק. דער פאַקט, וואָס מע פירט מיך קיין מינסק, האָב איך באַטראַכט פאַר אַ גליק, און ווירקלעך איז געווען פאַר מיר אַ גליק, וואָס די מאָרגנשטערן־משפּחה, כאָטש וואוינענדיק אין קאָ־פּוליע, איז אָבער געווען, לויט די אָפיציעלע דאָקומענטן, פאַרשריבן אין מינסק, ווען נישט אָט דער צופאַל, וואָלט מען מיך פון מינסק

געווען געפירט ארומגערינגלט פון פּאָליציאַנטן מיט אַנטבלויזטע שווערדן צופוס קיין קאַפּוליע.

# מיטן עטאַפּ קיין מינסק

אינעם וואַגאָן קיין מינסק איז ווידער געווען ביז־גאָר פריילעך. איך האָב זיך געפילט ווי אַ טייל פון אָט־דער פריילעכקייט מיט דער טייערער חברה רעוואָלוציאָנערן קעגן דעם פינצטערן און שווערן צאַרישן רעזשים.

דעם גאַנצן וועג האָט מען געפירט רוישיקע דיסקוסיעס, וואָס זיינען באַגלייט געוואָרן מיט הארציקע לידער.

ספּעציעל האָט מען זיך צעזונגען, ווען די באַן האָט זיך אָפּ־געשטעלט אינמיטן וועג אויף די סטאַנציעס, ווייל עס איז נישט געווען קיין איין סטאַנציע, אויף וועלכער מיר זאָלן נישט באַגעגענט ווערן פון מאַסן, וואָס האָבן אונדז אויסגעדריקט מיטגעפיל און סאָ־לידאַריטעט. ביים געזעגענען זיך האָט אונדזער עולם פון וואַגאָן אויסגעשריען אויף קולי־קולות.

— נידער מיט דער זעלבסטהערשאַפט!

— הוראַ! — האָבן נאָכגעשריען די קולות, וואָס זיינען געבליבן הינטער אונדז.

עס איז געווען אַ באַזונדערע באַפרידיקונג צו זען, ווי די סאָלדאַטן מיט זייער פעלדפעבל בראש, האָבן זיך נישט וויסנדיק געמאַכט, ווי זיי וואָלטן גאָרנישט געזען און גאָרניט געהערט.

אָפּטמאָל האָב איך אפילו געהאַט דאָס געפיל, אַז זיי האָבן גאָר הנאה פון דעם אַלעם, וואָס קומט אָרום זיי פאַר.

אויפן וועג מיטן עטאַפּ האָט יעדער אַרעסטאַנט געקראָגן פופצן גראָשן אַ טאָג זיך צו קויפן עסן, אָבער אַזוי ווי צו קויפן דאָס עסן האָט מען געמוזט אָנקומען צו אַ סאָלאַדט, וואָס איז אַליין אויך

געווען גאַנץ הונגעריק, איז פון דעם געקויפטן נישט געווען מיט וואָס דעם הונגער צו שטילן.

איך געדענק, אַז פּאָר מיינע פופצן גראָשן פלעגט מיר דער סאָלדאַט ברענגען צוויי בייגל, מיט וועלכע איך האָב געדאַרפט איבערקומען אַ גאַנצן מעת־לעת. און דאָס איז אויך געווען גוט. וואָרים ווען ער ברענגט מיר בלויז איינעם, וואָלט איך אויך גאָרניט געקענט טאָן.

ווען די באַן איז אָנגעקומען קיין מינסק, האָט מען מיך אָפּגעפירט אין דער מינסקער טורמע, וואו איך האָב איבערגענעכטיקט אַ היפּש הונגעריקער, אָבער אינדערפרי האָט מען מיר, אַנשטאָט געבן עסן געזאָגט, אַז איך זאָל מיטגיין אין דער שטאָטישער „דומע", וואו עס זאָלן באַשטעטיקט ווערן, אַז איך בין אַ מינסקער, און איך זאָל קאָנען באַפרייט ווערן.

די בשורה פון באַפרייט ווערן איז מיר אַוודאי געווען צום האַרצן. אָבער אַנשטאט מיר גלייך אָפּפירן, האָט מען מיך געלאָזט וואַרטן ביז שפּעט נאָכמיטיק אָן עסן. און אַז עס האָבן זיך שוין שפּעט נאָכמיטיק ענדלעך באַוויזן צוויי זשאַנדאַרן, און מיך געבראַכט צו דער שוועל פון דער „דומע", האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז שוין צו שפּעט, און מען וועט מיך מוזן ברענגען מאָרגן אינדערפרי נאָך אַמאָל.

איך האָב באַטראַכט פּאַר אַ גוטן סימן דאָס, וואָס אַנשטאָט מיך פירן צוריק אין דער טורמע, האָבן זיי מיך אַריינגעפירט אין אַ פּאָליצייאישן אוטשאַסטאָק, וואו איך זאָל געהאַלטן ווערן ביז איב־דערפרי, ווען זיי וועלן קומען און מיך נעמען דאָס צווייטע מאָל אין דער שטאָטישער „דומע" אריין.

וואָלט דאָס שוין נישט געווען אַזוי שלעכט, ווען נישט דער הונגער, וואָס האָט מיך מוראדיק געפּייניקט. אין דעם ענגן, טונקעלן קעמערל, וואוהין מען האָט מיך אַריינגעפירט און צוגעשלאָסן הינטער מיר די טיר, האָב איך געטראָפן נאָך אַן אַרעסטאַנט, וועלכער האָט אָנגעהויבן רעדן צו מיר, אָבער אַ געפּייניקטער פון דעם הונגער, האָב איך אַנשטאָט אַריינלאָזן זיך מיט אים אין אַ שמועס זיך גאָר צעוויינט.

— וואָס איז דיר, בחורל? — האָט דער אַרעסטאַנט געפרעגט נישט אָן מענטשלעכן מיטגעפיל.

איך האָב אים דערציילט, אַז עס איז שוין פולע צוויי טעג, וואָס כ'האָב גאָרנישט געהאַט אין מיין מויל, און איך פיל אינגאַנצן אַן אויסגעשעפּטער — ממש פון די פיס צו פאַלן.

דער אַרעסטאַנט האָט זיך צוגעבויגן צו מיר און געגעבן אַן עצה:

—דו, בחורל, קלאַפּ אין דער טיר, קלאַפּ שטאַרק, אָן אַן אויפהער האַלט אין איין קלאַפּן!

איך האָב אים געפאָלגט, און אָנגעהויבן קלאַפּן אין דער טיר מיטן גאַנצן כח, און דערהערט אַ גראָבן „מי שברך" אויף מיין חשבון.

— שרעק זיך נישט, בחורל, קלאַפּ! קלאַפּ שטאַרק! — האָט דער שכן מיינען מיר צוגעגעבן מוט.

עס האָט געהאָלפן. עס האָט זיך באַלד באַוויזן אַ זשאַנדאַר, און גראָב געפרעגט, וואָס איך וויל.

ווען איך האָב אים דערציילט, אַז איך האָב צוויי טעג נישט געגעסן, און אַז איך ווער געפייניקט פון אַ שרעקלעכן הונגער, האָט ער געוואָלט וויסן, צי איך האָב עמיצן אין מינסק פון מיין משפחה. איך האָב אים אָנגערופן דעם נאָמען פון איינעם אַ קרוב, וואָס האָט געהייסן מענדל כאַרוץ.

— ער האָט אַ גרויס גאַלאַנטעריי־געשעפט אויפן הויכן מאַרק, און ער איז מיינער אַ קאָזין.

— כאַראָשאָ, — האָט ער געזאָגט, —און אַוועקגייענדיק, האָט ער איבערגעחזרט צו זיך:

— מענדל כאַרוץ! אַ גאַלאַנטעריי־געשעפט אויפן הויכן מאַרק!

איך בין געבליבן וואַרטן, און איך האָב זיך טאַקע דערוואַרט. עס האָט זיך באַוויזן דער זעלבער זשאַנדאַר און מיר געבראַכט דריי גרויסע, פרישע קוכנס מיט אַ צוגאָב פון אַ גרויסן הערינג.

עס איז אוממעגלעך צו באַשרייבן דעם טעם, וואָס איך האָב דעמאָלט געפילט פון דעם קוכן מיט דעם הערינג, בלויז דער, וואָס האָט אַמאָל געפילט אַ מוראדיקן הונגער, און האָט זיך פּלוצלינג דערזען ביי אַ טיש מיט מאכלים, וועט דאָס קאָנען באַנעמען.

פֿאַרשטייט זיך, אַז דער שכן מיינער אינעם קעמערל האָט אויך פֿאַרזוכט און שטאַרק הנאה געהאַט.

אויף מאָרגן אינדערפֿרי האָט מען מיך געבראַכט אין דער ביוראָ פֿון דער „דומע", וואו איך האָב געטראָפֿן וואַרטן אויף מיר דעם זעלבן מענדל כאַרוץ, וועלכער האָט פֿאַרגרינגערט מיין באַפֿרייאונג פֿון דער פּאָליציי. ער האָט מיר, אגב, דערציילט, ווי אַזוי עס איז גע-קומען צו אים נעכטן ביינאַכט דער זשאַנדאַר און אים דערציילט, אַז זיינער אַ משפּחהניק איז אין אוטשאַסטאָק אַ הונגעריקער.

— איך האָב אים געגעבן אַ פּאָר רובל, — האָט ער מיר דערביי געלאָזט וויסן, אַז ער האָט מיר, דעם באַפֿרייטן, אריינגעשטופּט אין דער האַנט אַריין אַביסל מזומן.

איך האָב זיך דערפֿילט אַ באַפֿרייטער, און אין מוח האָט גע־בויערט די פֿראַגע:

— נו, און וואָס ווייטער?

# פאַגראָם־שטימונג אין מינסק

נו, אַט בין איך שוין ווידער אין דער גרויסער שטאָט מינסק, — די שטאָט וואו עס האָט זיך אָנגעהויבן אויסצופאָרמירן מיין באַוואוסטזיין, איך בין שוין ווידער אין מינסק, און ווידער האָט זיך פאַר מיר געשטעלט אין איר פולער שאַרפקייט די פראַגע: וואָס טוט מען ווייטער?

ווען איך דערמאָן זיך איצטער יענעם געמיט־צושטאַנד, ווערט מיר אויך איצט גאַנץ שווער אויפן האַרצן.

איך בין נאָך געווען אַלץ אונטערן איינדרוק פון מיין אומגעלונגענעם פרואוו איינצואָרדענען זיך אין וואַרשע, וואו איך בין געפאָרן צו ווערן אַן אָנגעשטעלטער אין אַן אייזנגעשעפט, און בין אַריינגעפאַלן אין אַ פאָליטישער דעמאָסטראַציע, און פון איר — אין די אָרעמס פון דער פאָליציי, וואָס האָט מיך געבראַכט מיטן עטאַפּ אַהער.

— אַן אָנגעשטעלטער אין אַן אייזנגעשעפט? איז פאַרוואָסזשע מוז דאָס זיין דווקא וואַרשע, און נישט דאָ אין מינסק? — האָב איך זיך געפרעגט, און פּלוצלונג איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז דאָ, אין מינסק, וואָלט פאַר מיר געווען אַ סך בעסער אין פיל פּרטים.

ערשטנס, איז מיר די שטאָט מינסק שוין אַן אייגענע און אַ נאָענטע. דאָ זיינען דאָ קרובים און באַקאַנטע, און פעלן דען דאָ אין מינסק אייזנגעשעפטן, וואו איך זאָל קאָנען אַרבעטן?

— אָט אַ שטייגער דאָס גרויסע אייזנגעשעפט פון די שאַבאַדס, מיט וועלכע מיין פעטער שמעון טוט געשעפטן!

עס איז מיר געקומען אויפן גדאַנק די טאָכטער פון די שאַבאַדס, וואָס איז געווען באַקאַנט אין שטאָט, ווי איינע צווישן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן. און צו אַזאַ, ווי זי איז, קאָן איך אַריבערגיין. איך וועל איר דערציילן, אַז איך בין שמעון מאָרגענשטערנס אַ פּלימעניק, און איר בכלל באַקאַנט מאַכן אַלץ וועגן זיך, וועט זי זיכער מיר העלפן קריגן די געזוכטע שטעלע.

דער געדאַנק איז זיך צעוואָקסן אין מיר, וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער, און איך האָב זיך דערזען שוין אין דער ראָלע פון אַ „פּריקאַזטשיק” צווישן די אומצייליקע פּריקאַזטשיקעס אין שטאָט, וועלכע זיינען פאַראייניקט אין אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין און איך בין אין אים טעטיק, ווי אַן אַרבעטער צווישן אַרבעטער. מיר איז געוואָרן גרינג אויפן געמיט, ווייל איך האָב זיך דערזען אַן אָנגעקומענעם צום ציל, וואָס האָט מיך געצויגן.

איך האָב זיך דערפילט אַ דערמוטיקטער פון דעם פּלאַן, וואָס האָט זיך אויסגעלייגט אין מיין קאָפּ. איך בין דערווייל אַוועק אויסצוזוכן מיינע צוויי גוטע קאָזינס יודל און פּייזול — די גימנאַזיסטן, וועלכע האָבן געהאַט אַ חלק אין מיין דערציאונג. איך האָב זיי געפונען אין אַ צימערל ביי אַ יידישער אַרבעטער־משפחה אין אַ זייער אויפגעשרויפטן צושטאַנד.

דאָס איז געווען אין יאָר 1903.

זייער אויפגעשרויפטקייט האָט געהאַט צו טאָן מיט די פּרטים, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו דעם פּאָגראָם, וואָס איז פאָרגעקומען אין קעשענעוו. מען איז געווען ביז גאָר אַלאַרמירט פון די באַריכטן, וואָס זיינען געקומען פון די „אונטער־ערדישע” קאַנאַלן, אַז די רעאַקציע מיט דער הילף פון די „שוואַרץ־מאה׳ניקעס” גרייטן צו אַן ענלעכע שחיטה אויף יידן אויך דאָ אין מינסק.

פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב שוין אפילו נישט פּרובירט צו דערמאָנען מיין פּערזענלעכן פּראָבלעם, ווייל וואָס האָט שוין געמיינט מיין אייגן ביסל ווייניקייט לגבי דער געפאַר פון גאַנצן יידישן פאָלק.

עס איז קלאָר געוואָרן, אַז עס איז נישט מינסק אַליין ,אַז די געפאַר דראָט אַלע יידישע ישובים איבער דעם צאַרישן רוסלאַנד. און וואָס זאָל מען טאָן?

אַוודאי האָט געמוזט עפּעס געטאָן ווערן. חיים נחמן ביאַליקס צאָרנדיקע ווערטער, זיינע לידער, וואָס האָבן זיך אריינגעריסן אין די יידישע געמיטער, פאַרוואָס מען האָט זיך געלאָזט שעכטן, ווי די שאָף אָן קיין ווידערשטאַנד, האָבן געטראָפן אויף אויפגערייצטע געמיטער, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אומדערמידלעכע שטאַרקע טעטיקייט.

די הויפּט־טוער זיינען געוואָרן די אַרבעטער און די סטודענטן,

און אונטער זייער רוף און פירערשאַפט זיינען געקומען אויך אַנדערע עלעמענטן.

— אַ יידישע זעלבסטשוץ! — איז געוואָרן דער רוף פון דער שעה, אַ שטאַרקע דערמוטיקונג האָט אַריינגעבראַכט אין יידישע קעמפנדיקע הערצער דאָס, וואָס אויך ניט־יידישע אַרבעטער און סטודענטן און פאָלקס־מענטשן האָבן אַרויסגעוויזן גרייטקייט זיך צו באַטייליקן אין דער יידישער זעלבסטשוץ באַוועגונג.

איצט איז ביי מיר שוין גאָר קיין שום פראַגע נישט געווען וועגן עפּעס אַ שטעלע פאַר זיך. איך האָב געזען פאַר די אויגן אַ סך וויכטיקערע טעטיקייטן, וואָס שטייען פאַר מיר.

מען דאַרף ווערן אַ טייל פון דער זעלבסטשוץ! — האָט אַלץ אין מיר געשריגן אויף קולי־קולות. און אין ליכט פון די פּאַסירונגען וואָס קאָנען געשען היינט, און אפשר טאַקע באַלד, איז די זאָרג פאַר מיין אייגענעם מאָרגן אינגאַנצן פאַרשוואונדן געוואָרן.

עס האָט מיך אַ צי געטאָן צו מענטשן, צו מאַסן־יידן, זיך אויסמישן און זיי העלפן צעשטרייען דעם פּחד, וואָס האָט זיך געטראָגן פון אומעטום. אָבער נישט נאָר דעם שרעק, נאָר אויך דעם פּראָטעסט, וואָס האָט זיך געקליבן אין די הערצער.

איך בין אוועק אין דער ריכטונג פונעם „שול־הויף", ווייל איך האָב געוואוסט, אַז דאָרטן וועל איך זיך טרעפן מיט יידישע מאַסן־מענטשן, און איך האָב זיך נישט אָפּגענאַרט.

דער שול־הויף אין מינסק איז געווען דעמאָלט דאָס זאַמל־פּלאַץ פון יידן מכל־המינים. אינעווייניק אין דער שול, האָבן יידן געדאַוונט און געלערנט, ווי געוויינלעך, אָבער אין שול־הויף האָבן די ארבעטער און סטודענטן אָנגעפירט מיט זייערע טעטיקייטן. דאָרטן רעדט מען פראַנק און פריי, מען פירט אָן פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע. די פּאָליציי האָט נישט געוואָגט צו באַפאַלן דעם שול־הויף, מען האָט געהאַט אָפּשיי פאַר דעם מקום קדוש, און אפשר האָט מען נישט חושד געווען, אַז אַרום דעם בית־המדרש זאָל מען גאָר אָנפירן מיט אַנטי־מלוכהשע טעטיקייטן. אַזוי אַרום איז דער שול הויף אין יענער צייט געווען אַ זיכער אָרט פאַר רעוואָלוציאָנערע טעטיקייטן.

ווען איך בין געקומען צום ערשטן מאָל אויפן שול־הויף, בין איך געווען גליקלעך איבערראַשט צו טרעפן דאָרטן דעם באַוואוסטן

מאָרגענשטערן, — אַ קאָזין פון מיין פאָטער. אָט דער מאָרגענשטערן איז געווען דער באַקאַנטסטער מענטש אין מינסק, קינד און קייט האָבן אים געקענט, און זיין נאָמען איז געווען ביי אַלעמען אויף די ליפּן. ער איז געווען באַזונדערס באַליבט און פאַרערט צוליב זיין סאַרקאַזם, צוליב זיינע שאַרפע אַרויסזאָגונגען. און דעריבער — וואו נאָר ער האָט זיך באַוויזן, האָט מען אים גלייך ארומגערינגלט און מען איז געווען גרייט צו הערן זיינע גלייכווערטלעך, זיינע טרעפלעכע רייד קעגן דער רעגירונג, קעגן דער פּאָליציי. ער האָט אויך נישט געשוינט די רייכע, די פאַרמעגלעכע יידן, די שיינע באַ־לעבאַטים פון דער שטאָט. פאַר יעדן האָט ער געהאַט אַ שאַרף וואָרט, וואָס איז דערגאַנגען ביז דער זיבעטער ריפּ.

אין דער איצטיקער פּאָגראָם־שטימונג, וואָס האָט געהערשט אַרום, האָט ער אויך נישט פאַרלוירן זיין הומאָר און געשיקט זיינע שאַרפע פיילן צו די, וואָס גרייטן און פירן אַדורך די פּאָגראָמען. אַזאַ אופן פון רעדן און פירן די פּראָפּאַגאַנדע האָט שטאַרק אויסגענומען ביים עולם. מען האָט געהערט אויפמערקזאַם און אָנגעקוואָלן פון די גלייכווערטלעך און איינפאַלן.

דערנאָך ביי מיינע שפּעטערדיקע באַזוכן, האָב איך אין שול־הויף אָנגעטראָפן אַ גאַנץ אַנדערע שטימונג. מען איז געווען טיף ערנסט און שטאַרק געשפּאַנט, און פון מויל צו אויער האָט מען שטילערהייט איבערגעגעבן וויכטיקע אומרואיקע נייעס, און פאַר־לאַנגט, מען זאָל עס האַלטן בסוד־סודות... מען האָט דערציילט, אַז עס טראָגן זי ארום קלאַנגען וועגן צוגרייטן אַ פּאָגראָם אויף די יידן אין מינסק, לויטן מוסטער פון קעשענעוו. און ווייטער האָט מען געהיימניספול איבערגעגעבן, אַז ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ פאַר־איייניקטער קאָמיטעט, אין וועלכן ס׳זיינען אַריין סאָציאַל־דעמאָקראַטן, סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, די מינסקער „פּועלי ציון״ און „בונד״, — אַ זעלבסטשוץ־קאָמיטעט.

אָט־די אַלע ידיעות האָבן געהויבן די שטימונג ביים עולם און דערמוטיקט די געמיטער, וואָס זיינען געווען דערשלאָגן פון די טרויעריקע דערדריקטע שטימונגען נאָכן קעשענעווער פּאָגראָם.

און עס זיינען איבערגעגעבן געוואָרן יעדעס מאָל נייע ידיעות: די מינסקער קצבים גרייטן צו אַ ווידערשטאַנד די פּאָגראָמשטשיקעס.

איך האָב דערהערט אַזעלכע רייד און באַמערקונגען, וואָס אַפריער האָב איך עס קיינמאָל נישט געהערט.

— זאָלן זיי נאָר פּרובירן! מיר וועלן זיי געבן אַ לעקציע, וואָס זיי וועלן האָבן צו געדענקען! מיר וועלן זיי ווייזן, אַז יידן לאָזן זיך נישט אויסקוילן ווי שאָף!

איך, ווי יונג און אומדערפאָרן איך בין נישט געווען, בין מיט אַמאָל אָנגעפילט געוואָרן מיט זעלבסט־ווירדע און נאַציאָנאַלן שטאָלץ. אַ פאַרגאַפטער, באַגייסטערטער בין איך אַרומגעגאַנגען פון ווינקל צו ווינקל, זיך צוגעהערט וואָס מ׳רעדט און זיך צוגעקוקט צו די פּנימער פון די אַרבעטער, אַרבעטער־טוער און סטודענטן. איך בין ווי דערהויבן געוואָרן אין מיינע אייגענע אויגן, וואָס איך בין אַ שותף צו דעם אַלעמען. .. שוין קרוב צו זעכציק יאָר איז פאַראיבער זינט יענער צייט, און ביז איצט ווערט וואַרעם און ליכטיק אויף דער נשמה פון יענער דערהויבנקייט, פון יענעם עקסטאַז, וואָס האָט אַלעמען און יעדן איינעם פאַרכאַפּט. עס איז געווען ביי אַלעמען דער באַוואוסטזיין, אַז עס איז פאָרגעקומען אַ טיפער איבער־בראָך אין די געפילן און אין די מוחות פון יידן אין רוסלאַנד...

זייענדיק אַזוי באַגייסטערט פון מינסק, האָב איך באַשלאָסן אָנ־צונעמען אַלע מיטלען צו פאַרבלייבן לעבן און אַרבעטן אין אָט־דער רעוואָלוציאָנערער יידישער שטאָט, וואו מען זעט און מען הערט אַזעלכע וואונדערלעכע זאַכן און מען באַגעגנט אַזעלכע דרייסטע קעמפער.

האָב איך זיך געלאָזט צו דער פאַמיליע שאַבאַד. איך האָב זיי דערציילט ווער איך בין, דערמאָנט מיין פאַרמעגלעכן פעטער שמעון, מיט וועמען די שאַבאַדס האַנדלען, און געבעטן אַ שטעלע פאַר זיך אין זייער אַייזנגעשעפט. אָבער זיי האָבן מיר אָפּגעזאָגט. בין איך אַוועק פרוואוון דאָס מזל אין אַנדערע געשעפטן, מיט וועמען מיין פעטער האָט געפירט עסקים, אָבער אומעטום האָב איך געקראָגן דעם זעלבן ענטפער: — ניין, מען באַדאַרף נישט!

אין אַ געדריקטער שטימונג און פאַרצווייפלט, וואָס פון מיינע פּלענער איינצוואָרדענען זיך אין מינסק קומט גאָרנישט אַרויס, בין איך אַוועק צוריק צו מיינע קאָזינס. איך האָב ביי זיי פאַרבראַכט אַ פּאָר טעג אין אַ שווערן געמיט־צושטאַנד. מיינע געדאַנקען האָבן מיך

געטראָגן, און כ׳האָב קיין רו נישט געהאַט. איך האָב געפרעגט ביי זיך אַליין: אפשר מוז איך צוריקפאָרן קיין קאַפּוליע? אָבער פון אָט־דעם געדאַנק איז מיר שווער געווען אויפן האַרצן: וואָס פאַר אַ תכלית איז עס פאַר אַ יונגן מענטשן צו לעבן און מאַטערן זיך אינעם אָרעמען קליינעם שטעטל?

און אָט קומט צו מיר אַ געדאַנק, וואָס לכתחילה האָב איך זיך אַליין דערשראָקן פאַר אים: אַזוי פיל יידן פאָרן קיין אַמעריקע, וואו זיי הייבן אָן אַ ניי לעבן, פאַרוואָס זאָל איך אויך נישט פאָרן אַהין?

אָט־דער געדאַנק האָט מיך גענומען פּלאָגן און מאַטערן און מיך כסדר פאַרפאָלגט. פאַרשיידענע פּלענער האָבן מיין יונגן מוח געעקבערט און אפילו אָפּגעשטויסן די אַלע מעשות און ידיעות, וואָס די שטאָט מינסק איז פול געווען מיט זיי, — דער געפּלאַנטער פּאָגראָם און די פאָרבערייטונגען צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד און אָנ־לערנען די פּאָגראָמשטשיקעס. אָפּטמאָל האָב איך צו זיך אַליין געזאָגט: איך טאָר נישט אַוועקפאָרן אין אַזאַ אומרואיקער צייט. ס׳איז נישט שיין צו אַנטלויפן פון דעם שלאַכטפעלד...

און דערווייל איז אַלצמער געוואַקסן דער אומרו אַרום. איינער דעם אַנדערן האָט בסוד, שטילערהייט, איבערגעגעבן, אַז אָט־אָט און דער פּאָגראָם הייבט זיך אָן. די שטימונג איז געוואָרן אַלץ גע־שפּאַנטער און גערייצטער, און אין איינעם אַ שיינעם פרימאָרגן האָט מען גענומען פאַרשפּרייטן קלאַנגען, וואָס זיינען געוואָרן אַלץ דראָ־ענדיקער און פעסטער:

אויף דער זאַכאַרעווסקער גאַס ברעכט מען שוין די שויבן פון די געשעפטן, און דער פּאָגראָם הייבט זיך אָן!

און פּלוצלינג זיינען, ווי פון אונטער דער ערד, אויסגעוואַקסן די קצבים מיט העק און מעסערס. סטאָליערס האָבן זיך באַוויזן מיט שווערע געצייגן און ס׳זיינען אויך אָנגעקומען סטודענטן. די גאַסן זיינען שוואַרץ געוואָרן פון די „סאַמאָ־אָבראָנשטשיקעס" (זעלבסט פאַרטיידיקער). אַלע האָבן זיך געלאָזט צו דער זאַכאַרעווסקער גאַס, וואָס איז געווען פול־איבערפולט מיט פּאָליציי. דער וועג אַהין איז אָבער געווען פאַרשטעלט, פאַרצאַמט...

לסוף האָט מען זיך דערוואוסט, אַז אַ שיכור האָט אויסגעבראָכן די שויבן אין לוריעס געשעפט. און דאָס גאָר! איז מען אָפּגעקומען

אין יענער צייט בלויז מיט דער שרעק. דער דרייסטער אַרויסטריט פון די מאַסן יידן אויף די גאַסן פאַר זעלבסט־פאַרטיידיקונג האָט געהויבן די שטימונג ביי דער מינסקער יידישער באַפעלקערונג. ס'איז געווען ביי אַלעמען די איבערצייגונג, אַז מינסקער יידן וועלן זיך נישט לאָזן מאָרדן און קוילענען.

צוביסלעך האָבן די געמיטער זיך איינגעשטילט און ביסלעכווייז האָט זיך דאָס אלטעגלעכע לעבן געגומען איינשטעלן, און די שווערע טאָג־זאָרגן האָבן צוריק פאַרנומען יעדן איינעם.

און אויך איך, וואָס כ'בין געווען אין אַן אומקלאָרן צושטאַנד און נישט געפילט אונטער זיך קיין שום באָדן, אויך מיר איז ווידער באַפאַלן די זאָרג: וואָס טוט מען? ווי אָרדנט מען זיך איין? און ווידער איז געקומען דער ענטפער: אזוי פיל יידן פאָרן קיין אַמעריקע, פאַר־וואָס זאָל אויך איך נישט לאָזן זיך אַהין?... און טאַקע — וואו מען שטייט און וואו מען גייט האָט מען געהערט איין וואָרט: אַמעריקע! — אַ וואָרט, וואָס קאָן פאַרענטפערן אַלע שווערע פראַגן.

ווייזט אויס, אַז קיין אַנדערע ברירה איז נישטאָ, קיין אַנדערער וועג ווי צו געפינען אַ באַשעפטיקונג האָב איך ניט געהאַט, האָב איך פאַרלאָזט מינסק, וואוהין איך בין געקומען מיט אַזעלכע פיינע האָפענונגען, און זיך געלאָזט פאָרן צוריק אַהיים, קיין קאַפּוליע.

אויפן וועג אַהיים האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אין נעסוויזש, די שטאָט פון די ראַדזיוווילס, וואָס איז באַקאַנט אין דער געשיכטע פון יידן אין פוילן. אין מינסק אין דער נופח־ביבליאָטעק, האָב איך געלייענט אַ בוך וואו ס'איז דערציילט געוואָרן ווי אַן אַמאָליקער גראַף ראַדזיוויל האָט געוואָלט אומברענגען און פאַרטיליקן זיינע יידן... אָבער לסוף איז ער געשטאָרבן און די יידן זיינען פאַרבליבן לעבן. בין איך געווען נייגעריק אָנצוקוקן די שטאָט און באַזונדערס דעם שיינעם פּלאַץ פון די ראַדזיווילס, אָבער מיין האַרץ און מיין געמיט זיינען נישט געווען דערביי...

איך בין איינגאַנצן געווען פאַרנומען מיטן געדאַנק — מ'מוז זיך לאָזן אין ווייטן וועג, קיין אַמעריקע! און אזוי, איינגאַנצן אונטערן איינדרוק פון אָט־דעם געדאַנק, בין איך צוריקגעקומען אין מיין היימשטעטל.

פרעגט גאָרניט, ווי איך האָב זיך דעמאָלט געפילט: ווידעראַמאָל

אין מיין שטעטל קאַפּוליע, און ווידעראַמאָל אַ פּאַרצווייפלטער, אָן אַ זיכערן באָדן אונטער די פיס און אָן וואָסער ס'איז אויסזיכט איינצואָרדענען זיך אין לעבן ווי אַ מענטש.

יאָ, שווער איז געווען דער מצב און די באַדינגונגען פונעם לעבן אין אַמאָליקן צאַרישן רוסלאַנד פאַר אַ יידישן יונגנמאַן, אַ זון פון נישט פאַרמעגלעכע עלטערן! אָבער דאָס דאָזיקע שווערע לעבן איז גלייכצייטיק אויך געווען אַ גוטער לערער און דערציער. עס האָט געמאַכט אַ יונגן מענטשן באַוואוסטזיניקער, רייפער און אים אויך פאַרהאַרטעוועט פאַר ווייטערדיקע קאַמפן און שטרייטן פאַרן קיום.

# מיר גנב׳ענען די גרענעץ

איך בין צוריקגעקומען אין מיין היימשטעטל קאַפּוליע מיטן פעסטן באַשלוס צו פאָרן קיין אַמעריקע. דאָרט, האָב איך געטרוימט, וועל איך ווערן אַן ארבעטער, לעבן פון אייגענער פראַצע און כ'וועל נישט באַדאַרפן מער אָנקומען צו מיין משפחה נאָך הילף. איך האָב שוין דאַן געהאַט די זיכערקייט, אַז אין אַמעריקע איז אַן אַרבעטער אַ מיוחס, און קיינער שעמט זיך נישט דאָרטן מיט אַרבעט.

עס איז גרינג געווען ביי זיך צו באַשליסן, אָבער מיין פעטער שמעון, וואָס איז געווען דער אפטרופּוס און געהאַלטן ביי זיך מיין ביסל ירושה־געלט, האָט פיינט געהאַט בתכלית השנאה אַמעריקע און ער איז אויפגעציטערט געוואָרן, ווען ער האָט דערהערט פון מיר, אַז איך קלויב זיך נאָך אָוועקפאָרן אין יענער ווייטער מדינה. זעענדיק אָבער, אַז איך האַלט זיך פעסט ביי מיינס און עס העלפן נישט זיינע אַלע טענות און אָפּשרעקענישן, האָט ער מיר ענדלעך פאָרגעשלאָגן, מיר זאָלן גיין צום קאַפּוליער רב און הערן וואָס ער האָט צו זאָגן וועגן מיין באַשלוס צו פאַרלאָזן די היים.

דער קאַפּוליער רב, אַ יינגערער מאַן, האָט געהאַט אַ זון, מיט

ווענמען איך האָב אַמאָל צוזאַמען געלערנט אין בית־המדרש, און דערצו האָב איך געגעסן ביי אים אַ „טאָג”. האָט ער מיך גוט געקענט. און אַז ער האָט דערהערט פון מיין פעטער, אַז איך טראָג זיך אַרום מיט אַזעלכע ווילדע געדאַנקען, צו פאָרן קיין אַמעריקע, האָט ער מיר אָנגעהייבן אויסלייגן אַ לאַנג ביטער צעטל, וואָס מיך דערוואַרט אין דעם דאָזיקן לאַנד, קודם־כל וועל איך אַריינפאַלן אין אַ פאַבריק, וואו איך וועל מוזן אַרבעטן שבת, און כ׳וועל דערצו פאַרגעסן אין יידישקייט און פאַרלאָזן די תורה... און איז דאָס נאָך ווייניק, האָט ער מיך געגומען שרעקן, אַז ווען איך וועל עלטער ווערן און וועל דאַרפן חתונה האָבן, וועל איך, רחמנא ליצלן, אָנטרעפן אַ נישט־ערלעך מיידל, און אפשר גאָר — אַ נישט־יידיש מיידל... און דאַן וועל איך אָפּקערן פונעם פאָלק ישראל און וועל אונטערהאַקן דעם בוים פון מיין שיינער מיוחסדיקער משפחה, און מיין פאָטער, אויף יענער וועלט, וועט, נעבעך, נישט האָבן קיין רו...

אָבער ווי שלעכט דער רב האָט מיר נישט פאָראויסגעזאָגט מיין צוקונפט אין אַמעריקע און ווי אָנשרעקעוודיק עס זיינען נישט געווען די גרויזאַמע בילדער, וואָס ער האָט פאַר מיר געמאָלט האָב איך מיין באַשלוס נישט געענדערט און כ׳האָב געהאַלטן אין פאָדערן פון מיין פעטער, ער זאָל מיר געבן פון מיין ירושה־געלט צו פאָרן קיין אַמעריקע.

י

מיין גערעאַנגל מיט מיין פעטער שמעון און מיט דער באָבען פאַר זייער דערלויבעניש צו פאָרן קיין אמעריקע און פאָרן ביסל ירושה־געלט האָט געדויערט אַ שטיקל צייט, ביז מיר איז געלונגען בייצוקומען זייער עקשנות און זיי האָבן איינגעשטימט מיך אַוועקצושיקן אויף יענער זייט ים, אין קאָלאָמבוס׳ מדינה.

די רייזע איז אָבער ניט צוגעגאַנגען אַזוי גרינג ווי עס רעדט זיך.

באַשלאָסן אַז איך פאָר אַוועק האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה מיטן אַגענט, וואָס האָט געפירט די אימיגראַנטן. ניט איין אַגענט, נאָר אַ ג ע נ ט ן, לאָקאַלע אַגענטן, אין שטעטל, און זיי זיינען געווען פאַרבונדן מיט אַגענטן פון די גרעסערע שטעט. למשל, דער קאַפּוליער אַגענט האָט זיך פאַרבונדן מיטן וואַרשעווער, דער וואַרשעווער אַגענט — מיטן גרענעץ־אַגענט אין פרייסן, אין בערלין, ברעמען

אָדער האַמבורג. די פּרייסישע אַגענטן זיינען, אַזוי צו זאָגן, געווען די אמתע העכט, די הויפּט־גענעראַלן אָדער קאָמאַנדירן פונעם גאַנצן מענטשן־שמוגל, די הויפּטן פון דעם גאַנצן שטאַב קלענערע אַגענטן, וואָס פלעגן אַריבערשמוגלען די רוסיש־פּרייסישע גרענעץ, פירן דעם אימיגראַנט איבער דייטשלאַנד ביזן אַרויפזעצן אויף דער שיף.

איך אַליין, דער אימיגראַנט, האָב דעם אַגענט אפילו ניט אָנ־געקוקט. איך האָב נאָר געוואוסט, אַז בעת איך וועל דערגרייכן די גרענעץ, וועל איך שוין דאָרט אָנטרעפן דעם אַגענט, אָדער זיין פאַר־טרעטער, וואָס וועט שוין זאָרגן, אַז אַלץ זאָל גיין כשורה, גלאַט ווי געשמירט, או ווי נאָר מען וועט בשלום אַריבער די גרענעץ וועט מען שוין זיין אויף דער פריי.

מיין אָפּפאָרן פון קאַפּוליע קיין מלאַווע, דאָס רוסיש־פּוילישע שטעטל, וואָס ליגט אויף דער פּרייסישער גרענעץ, איז צוגעגאַנגען גאַנץ גלאַט. איך בין געפאָרן אינאיינעם מיט מיין שוועסטער־קינד, משה, דעם פעטער אליהו׳ס אַ זון. דער פעטער אליהו אַליין האָט איינגעשפּאַנט זיין בריטשקע, דעם פייעטאָן מיט אַ גוטן פערד און אונדז ביידן אָפּגעפירט צו דער סטאַנציע באַראַנאָוויטש. ער האָט מיר אויך געגעבן אַ מתנה, גאַנצע צוויי רובל, וואָס איז געווען מיין איינציקער פאַרמעגן, די רייזע־הוצאות ביז אַמעריקע.

מיר זיינען בשלום דורכגעפאָרן די גרעסערע שטעט, ווי בריסק, און וואַרשע און מיר האָבן דערגרייכט מלאַווע, און דאָ האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן די גוט־באַקאַנטע אימיגראַנטישע חבלי־לידה, די רייזע־ווייענישן.

אין מלאַווע האָב איך זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט מיט אַ נייער, ביז איצט פאַר מיר פרעמדער וועלט. דער רייזע־אַגענט וואָס האָט אונדז אָפּגעוואַרט ביי דער באַן, האָט אונדז אַוועק־געפירט צו אַ יידישער הויז, וואו מיר האָבן דערהערט דעם פּוילישן יידיש. אין מיינע אויערן האָט דער פּוילישער לשון, אָדער דיאַלעקט געקלונגען פרעמד און ס׳האָט זיך מיר געדאַכט, אַז יעדער זאַץ, וואָס די באַלעבאַטים, מיינע בעלי אכסניה, רעדן אַרויס, פאַרענדיקט זיך ביים סוף מיט אַ קוויטשיקן ניגונדל..

אין דער אכסניה האָט מען אונדז געגרייט אַ נאַכטלעגער אויפן

בוידעם. דער אויסרייד פאַר דעם איז געווען: אַזוי ווי מיר וועלן דאָך באַלד דאַרפן גנב׳ענען די גרענעץ איז בעסער פאַר אונדז, מיר זאָלן זיך ניט ווארפן אין די אויגן. אַז מען ליגט פאַרשטעקט אויפן בוידעם קאָן מען קיינעם ניט זען און קיינער קאָן דיך ניט זען...

געווען איז עס פרייטאָג, ערב שבת, און מיר האָבן זיך געדאַרפט אויסבאַהאַלטן פאַר אַ ניט־גוט אויג ביז זונטאָג. אָבער פון זונטאָג איז געוואָרן מאָנטאָג, און ערשט דאַן האָבן מיר באַקומען „לעגיטימע״ פאַספּאָרטן, אַז מיר זיינען מלאָווער תושבים און מיט זיי וועלן מיר באַווייזן דורכצוגיין די גרענעץ אָן שום שוועריקייטן. זאָל זיך אונדז דאַכטן, אַז מיר זיינען מלאָווער איינוואוינער, וואָס גייען זיך אויף אַ שפּאַציר צום שכנות׳דיקן פּרייסישן שטעטל טויערן.

האָבן מיר צוגענומען די פּאַספּאָרטן און זיך געלאָזט, מעשה טוריסטן, צו דער גרענעץ. ווי נאָר מיר האָבן אַריבערגעשפּרייזט די גרענעץ, האָט אונדז דער ערשטער דייטשער גרענעץ־וועכטער אָפּ־געשטעלט און געפרעגט:

— וואוהין, מיינע הערן?

— קיין טויערן, — ענטפערן מיר, — גענוי ווי מען האָט אונדז פריער אָנגעזאָגט.

— און וואָס, ביטע, בראַוכען זי, אין דיזער טויערן, — פרעגט דער דייטש.

— אַזוי זיך, באַקוקן די שטאָט, אַז מען זאָגט טוריסטן, איז דאָך ניט שייך...

— ביטע, אַהער די פּאַספּאָרטן, — זאָגט דער דייטש.

דער וועכטער האָט קאָנטראָלירט די פּאַספּאָרטן און געזאָגט:

— ניין, יונגע! איר זענט ניט קיין מלאָווער, איר שפּריכט ניכט קיין דויטש... — אָפּ׳געפּסקנ׳ט, אַז מיר זיינען גאָרניט קיין מלאָווער תושבים, מאַכט דער דייטש ניט קיין לאַנגע שהיות און הייסט אונדז מיטגיין מיט אים. ער האָט אונדז צוגעפירט צו עפּעס אַ הייזקע מיט אייזערנע גראַטעס, אונדז אריינגעלאָזט און פאַרשלאָסן נאָך זיך די טיר...

בעת מעשה איז מיר געוואָרן קאַלעמוטנע אויפן הארצן און אַ טרויער האָט מיך אַרומגענומען. הייסט עס אַז איך בין ניט קיין אימיגראַנט, נאָר אַן אַרעסטאַנט! ווער ווייסט, ווי לאַנג מען וועט

מיך דאָ האַלטן? און וואוהין וועט מען מיך שיקן פון דאַנען? די טרויעריקע מחשבות האָבן אַנגעהויבן יאָגן און עקבערן אין מוח. איין שטיקל האָפנונג האָט יאָ אויפגעגליט: דער אַגענט, דאָס הייסט, דער מלאָוער אַגענט, וואָס איז פאַרבונדן מיט דעם גרעסערן אַגענט, דעם בערלינער, ער וועט שוין זען אַז אַלץ זאָל זיך אויסגלייכן. מען וועט אונדז שוין באַפרייען פון דער תפיסה.

איך האָב זיך דערווייל אַרומגעקוקט. דערזען אַ בעט מיט אַ גוטן, ציכטיקן און ריינעם מאַטראַץ. דאָס צימערל אַליין, די צעל, איז געווען לופטיק. ביז וואָס־ווען, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, דאַרף מען זיך אויסציען אויפן מאַטראַץ און פאַרזוכן דעם טעם פון שלאָף אין דער נייער „וואוינונג"... איך בין טאַקע באַלד געזונקען אין אַ געשמאַקן שלאָף. אַ קלאַפּ אין דער טיר האָט מיך אויפגעוועקט. איך האָב געעפנט די אויגן, אַ רגע ניט געוואוסט, וואו איך געפין זיך, אָבער באַלד האָב איך דערזען פאַר זיך דעם פריערדיקן פרייסישן גרענעץ־וועכטער, וואָס האָט באַפוילן: „צוריק — קיין רוסלאַנד!"

די רוסישע גרענעץ־וועכטער האָבן אונדז דורכגעלאָזט אָן שום שוועריקייטן, און מיר האָבן זיך איצט צוריק געפונען אין דער זעלבער יידישער אכסניא, וואו מען רעדט אַ יידיש, וואָס פאַרענדיקט זיך מיט אַ קוויטש... דער אַגענט האָט אונדז דערקלערט אַז וויבאַלד דער „לעגאַלער וועג" איז אונדז ניט געלונגען, איז איצט פאַראַן איין אויסוועג: גנבענען די גרענעץ, ווי אַלע אימיגראַנטן. דאָס מוזן מיר טאָן אויפדערנאַכט, ווען עס איז שטאָק פינצטער.

בחצות הלילה, אין דער טיפער נאַכט, האָט מען אונדז אַריינ־געזעצט אין אַ אַנגעפּאַקטן וואָגן מיט היי. דער אָנטרייבער, אַ פּוילישער פּויער האָט זיך פאַנאַנדערגעהוסט, אַ פּאָכע געטאָן מיט דער בייטש, און דער וואָגן איז אַרויסגעפאָרן פון הויף מיט אַ סקריפּ. מיר זיינען צוגעפאָרן צו אַ פּויערשער הויז. ער האָט אונדז געהייסן אַראָפּגיין פון וואָגן און אונדז אָנגעוויזן אויף אַ טייכל: אָט־דאָס טייכל וועט איר מוזן איבערלויפן. אויף יענער זייט איז שוין דייטשלאַנד.

צוזאַמען מיט מיר און מיין שוועסטערקינד האָט זיך דאָרט אויך געפונען אַן אימיגראַנטקע, אַ פרוי מיט צוויי קליינע קינדערלעך. מיר, די „מענער", האָבן געדאַרפט העלפן דער פרוי זיך אַריבערפעקלען די גרענעץ. איך האָב אויסגעטאָן די שיך, זיי אַרויפגעוואָרפן אויף די

פּלייצעס, ווי איך וואָלט געווען אַ געניטער טייך־גייער. די פרוי האָט גענומען איין קינד אויף אירע הענט; מיין שוועסטער־קינד — דאָס צווייטע קינד, און אַזוי זיינען מיר איבערגעגאַנגען דאָס שמאָלע טייכל. עס איז שוין געווען פאַרן באַגינען. גרויע וואָלקנס האָבן זיך באַוויזן ביים מערבדיקן האָריזאָנט. פון צווישן די וואָלקנס האָט זיך אַנטפּלעקט אַ שטיק הימל, געהאַלטן אין דער ליכטיק דאָס טייכל און באַגאָסן מיט שיין די דייטשע ערד.

# אין באָד און אויף דער שיף

דער פּויער, וואָס האָט אונדז באַגעגנט אויף דער צווייטער זייט טייכל, האָט אונדז צוגעפירט צו דער באַן, וואָס האָט אונדז געפירט צו אַ זאַמלפּונקט פון אימיגראַנטן, וואָס מען האָט גערופן „די באָד".

די „באָד" איז אייגנטלעך געווען דער קאַראַנטין פאַר די אימיגראַנטן, ווייל יעדער איינער האָט דאָרט באַקומען אַ שפּריץ, אָדער אַ „טוש". פאַר מיר איז אַזאַ סאָרט באָד געווען אַ נייע דערפאַרונג, א מין ערשטע איבערלעבעניש.

אין קאַפּוליע, ווי אויך אין סלוצק און אין מינסק, וואו איך האָב פאַרבראַכט די קינדערשע און יונגט־יאָרן, איז די באָד געווען פאַרבונדן מיט אַ „שוויץ", וואו די שענסטע באַלעבאַטים פון שטאָט פלעגן יעדן פרייטאָג קריגן אַ „פּלייצע", וואָס אין דעם האָבן זיי, ווייזט אויס, געשפּירט אַ באַזונדער טעם. דאָס קריגן אַ „פּלייצע" איז פאָרגעקומען אויף דעם אופן: דער שיינער שטאָט־באַלעבאָס האָט זיך אויסגעצויגן אויפן „פּאָליאַק", אַ ריי אָנגעוואָלגערטע ברעטער, איינס אויפן אַנדערן, דריי גאָרנס ברעטער. אברהם לייב דער בעדער האָט גענומען אַ נאַסן בעזים פון געפּלאַכטענע ריטלעך מיט בלעטער און געשמיסן, דאָס הייסט געריבן דעם באַלעבאָס איבער דער פּלייצע, און אויך אויפן אָרט, וואו די יידן האָבן גערוט

ווען זיי זיינען אַרויס פון מצרים... דערביי איז דער „געשמיסענער" באַלעבאָס זיך ממש צעגאַנגען פון תענוג און פאַרגעניגן, און ער האָט געהאַלטן אין איין שרייען: „אַ מחיה, אַ מחיה!" דערלאַנג נאָך אַמאָל אַ רייב מיטן בעזים, אברהם לייב, דערלאַנג, אָט-דאָ..."

קיין שוויץ־באָד איז דאָ, אין דעם עמיגראַנטן־פּונקט ניט געווען, בלויז אַ שפּריץ איז געווען. אָבער נאָך די וואַלגערנישן ביים גרענעץ און אין פאַרשלאָסענעם תפיסה־צימערל ביים דייטש, און נאָכן איבער־גיין דעם „ים סוף", דאָס גרענעץ־טייכל, איז דער שפּריץ געווען פאַר די מידע ביינער ניט ווייניקער אַ „מחיה", ווי די קאַפּוליער שוויץ־באָד מיטן נאַסן בעזים...

די באָד איז געווען די לעצטע סטאַנציע פאַרן ארויפגיין אויף דער שיף. פון דאַנען פלעגן שוין די אַגענטן פאַנאַנדערשיקן יעדן אימיגראַנט צו זיין האַפן, אַ טייל זיינען געפאָרן קיין ברעמען, טייל קיין האַמבורג, און מאַנכע קיין אַנטווערפּן. ניט אַלע זיינען אָבער גלייך אָפּגעפאָרן צום פּאָרט. געווען אויך אַזעלכע, וואָס עס האָט זיי אָפּגעגליקט און אויך אַזעלכע, אָן מזל, וואָס האָבן געמוזט וואַרטן...

מיין שוועסטערקינד משה איז געווען אַ מזלדיקער און איז גלייך אָפּגעפאָרן. איך בין פאַרבליבן וואַרטן אויף „מיין שיף". פון די עטלעכע רובל, וואָס מיין פעטער האָט מיר פאַרן אָפּפאָרן געהאַט מיטגעגעבן אויפן וועג איז שוין גאָרניט געבליבן און עס האָט זיך געשטעלט די פראַגע: וואו נעמט מען אויף עסן און אויף רויכערן, וואָס איז נאָך געווען וויכטיקער ווי עסן.

פאַר מיין ביסל אויסקומעניש אָדער אָפּקומעניש, פאַר מיין פּרנסה האָבן זיך איצט געעפנט צוויי קוואַלן: איך האָב אַרויסגעהאָלפן דעם ווייבל מיט די צוויי קינדער, וואָס האָבן אינאיינעם מיט מיר גע־גנבעט די גרענעץ, איך האָב געניאַנטשעט די קינדער, זיי געהאָלפן איינוויגן פאַרן שלאָפן גיין, און בין דערפאַר באַלוינט געוואָרן פונעם ווייבל מיט אַביסל פון איר שפּייז, וואָס זי האָט מיטגענומען אויפן וועג. די שפּייז איז באַשטאַנען פון סוכאַרעס, געטריקנטע קיכלעך און אַביסל סאָק, איינגעמאַכטס.

דער צווייטער קוואַל פאַר מיין „פּרנסה" איז געווען איינער פון די גרויסע אַגענטן, אַ רייך־געקליידטער פאַרשוין, וואָס פלעגט פון צייט צו צייט באַזוכן די „באָד", אונדזער עמיגראַנטן־לאַגער און

מעלדן די וואַרטנדיקע פּאַסאַזשירן מיט וועלכער שיף זיי וועלן אָפּ־פאָרן. ווען איך האָב אים געפרעגט, ווען עס וועט שוין קומען מיין ריי, האָט ער מיר געענטפערט:

— אַ ייִנגל אין דיינע יאָרן דאַרף האָבן געדולד און וואַרטן...

— אָבער איך האָב דאָך ניט פון וואָס צו לעבן, — האָב איך געזאָגט. — האָט ער מיר אריינגערוקט עטלעכע דייטשע פעניג, וואָס איך פלעג אויסגעבן מערסטנס אויף פּאַפּיראָסן....

אַזוי האָב איך אויסגעוואַרט אַ וואָסערע צען טעג, וואָס האָבן זיך געצויגן ווי דער יידישער גלות, ביז עס איז געקומען מיין ריי אָפּצופאָרן קיין ניו יאָרק אָדער קיין אמעריקע, וואָס איך האָב זיך דעמאָלט פאָרגעשטעלט ווי איין גרויסע שטאָט...

ווען איך בין ענדלעך אָפּגעפאָרן קיין ברעמען האָט זיך אויס־געטריקנט מיין פרנסה־קוואַל. דאָס ווייבל מיט די קינדער און די סוכאַרעס און איינגעמאַכטס, איז ניט מיטגעפאָרן. איז, פונוואַנען זאָל איך איצט נעמען אויף צו לעבן? נאָר מילא, גאָט פאַרלאָזט ניט.

ביי דער באַן־סטאַנציע אין ברעמען זיינען געשטאַנען צוויי פאַרמעגלעכע פרויען. לויטן אויסזען, האָב איך באַשלאָסן, אַז זיי זיינען נגידות׳טעס, ווייל פון קינדוויַיז אָן, נאָך אין קאַפּוליע, זיינען לייביקע, דיקע מענטשן און גבירים געווען ביי מיר איינס און דאָס זעלבע. אָט למשל, די צוויי גרעסטע קאַפּוליער נגידים, יעקב הורוויץ און זעליק דער שאָפער, ביידע זיינען געווען דיקע און באַלייבטע, דאַקעגן די אָרעמע לייט זיינען געווען מאָגערע, דאַרע. איך האָב נאָך — ביז דעמאָלט — אין מיין לעבן ניט געזען קיין דיקן אָרעמאַן...

מיין השערה, אַז וויבאַלד די צוויי מאַדאַמען זיינען דיק, זיינען זיי רייך, האָט מיך ניט אָפּגענאַרט. די פרויען זיינען טאַקע באַלד צוגעקומען און מיך אָנגעהויבן אויספרעגן, צו וועמען איך פאָר קיין אַמעריקע? וועמען האָב איך דאָרטן א. אַז. וו. דערנאָך האָט מען מיך אריינגעפירט אין אַ ברייטן עס־צימער. איך האָב דערזען אַ טיש געגרייט מיט כל טוב, איך האָב די טייערע מאַכלים ממש געשלונגען מיט די אויגן.

נאָכן זאַטן מאָלצייט זיינען אַלע אימיגראַנטן אַרויף אויפן דעק פון דער שיף. די נסיעה איז געווען שוין איינמאָל אַן איבערלעבונג! שוין איינמאָל אַ רייזע! מיין געלעגער איז געווען אונטן, נאָך נידעריקער פון דריטן קלאַס. מיין שיפס־ברודער, מיין שכן, אַ שיינ־געקליידטער יונגערמאַן האָט מיך מכבד געווען מיט העלפן אים איינאָרדענען זיין באַגאַזש און איך האָב זיך גענומען צו דער אַרבעט מיט גרויס חשק.

פאַרנאַכט זיינען אַלע ארויף אויפן דעק פון דער שיף און זיך געשטעלט אין דער ריי צו באַקומען פאַרציעס שפייז. איך האָב געהאַט אַ נישקשהדיקן אַפּעטיט און האָב גלייך איינגעשלונגען מיין פאַרציע און זיך באַלד אַוועקגעשטעלט נאָכאַמאָל אין דער ריי...

אין מיטן נאַכט האָט זיך די שיף גענומען שאָקלען, וויגן, אַז מאַנכע פּאַסאַזשירן האָט עס אָנגעהויבן וואַרפן ווי אין קדחות. מיין שכן, דער בכבודיקער יונגערמאַן האָט נעבעך אָנגעהויבן קרעכצן, און באַלד אָנגעהויבן אָפּגעבן צוריק וואָס ער האָט פריער אין זיך אַריינבאַקומען דער... פּאַדלאָגע פון דער שיף, און דערצו נאָך מיט פּראָצענט, טאָקע ווי מען זאָגט ביי לייטן, דער מאַמעס מילך...

איך האָב גלייך, מעשה געזונטער, זיך געשטעלט צו הילף דעם קראַנקן שיפסברודער. ער האָט מיר געהייסן עפענען זיינע טשעמאָדאַנען און דאָרט נישטערן רפואות צו דער ים־קראַנקהייט, ווי אַביסעלע סאָק, אַביסעלע גוטן, איינגעשטאַנענעם ווייַן. און אַז איך האָב געעפנט אַ טשעמאָדאַן האָב איך דאָרט דערזען — מיין גאָט — אַזעלכע אוצרות, וואָס איך האָב ביז דאַן אפילו אין חלום ניט געזען: דאָרט זיינען געווען אָנגעפּאַקט אַזעלכע מאכלים, וואָס איך האָב אין מיין לעבן ניט טועם געווען, אפילו ניט אויף אַ חתונה... מיין קראַנקער שיפס־ברודער האָט זיך, פאַרשטייט זיך, אויפגעפירט איידל. און מיר, זיין באַדינער, געהייסן פאַרזוכן פון זיינע מאַרצע־פּאַנעס. אַזוי ווי ער איז כמעט די גאַנצע צייט פון דער רייזע געווען חולה, האָב איך אים צוגעזען און דערביי אין זיך אליין ניט פאַרגעסן. איך בין די גאַנצע צייט פון דער נסיעה ניט אָפּגעטראָטן פון דעם „קראַנקן". ער האָט מיר דערציילט, אַז ער אַליין איז אַ קאָוונער לאַנדסמאַן, אַן איידעם ביי אַ וואַלד סוחר. ביז אַהער האָט ער געגעסן

קעסט, אָבער איצט איז אים נמאס געוואָרן צו זיצן ביים שווערס טיש און ער פאָרט זוכן גליקן אין גאָלדענעם לאַנד. . .

איך האָב דאָך געפונען צייט צו שפּאַצירן אויפן דעק און שליסן באַקאַנטשאַפט מיט פאַרשיידענע יידישע אימיגראַנטן. די שיפס־ברידער זיינען באמת געווען נאָענט איינער צום צווייטן. יעדער איינער איז געווען אָפנהאַרציק און צוגעלאָזן. מען האָט זיך דערציילט פון פאַרגאַנגענעם לעבן און דער עיקר האָט מען גערעדט וועגן דער צוקונפט, וועגן דעם איין-איינציקן ציל, וואָס ווינקט צו יעדן איינעם פון די וויטע ברעגעס אויף יענער זייט ים, וואוהין מיר פאָרן — דער ציל — פּרנסה.

די שיף איז געשוואומען צווישן הימל און וואַסער און מיט דער שיף זיינען געשוואומען אונדזערע טעג און נעכט. אַן ענדלאָזער ברויזנדיקער וואַסער־מדבר. וועט ער זיך אַמאָל ענדיקן?

אין איין טאָג האָט מען אָנגעהויבן רעדן, אַז מען זעט שוין ערד. די שיף האָט פאַרשנעלערט איר גאַנג, געשניטן די באַרגיקע שוימיקע כוואַליעס מיט איר שוואַרצער מעטאַלענער נאָז, און גע-שפּריצט מיט שוים. אָבער מיטאַמאָל האָט מען דערזען פונדערווייטנס שוואַרצע פלעקן, פאַסן ערד, ישוב. שפּעטער האָבן זיך שוין געזען שיפלעך, און נאָך שפּעטער — הויכע געביידעס. און אָט זיינען מיר פאַרביי געפאָרן אַ הויכע סטאַטוע פון אַ גרין־בראָנזענער פרוי, וואָס האַלט אַ פאַקל אין דער האַנט.

— אָט די דאָזיקע סטאַטוע — האָט עמעצער געזאָגט — איז די „געטין פון פרייהייט”. זי עפנט די טויערן פאַר אַלע געפּלאָגטע און געיאָגטע. . .

— דאָ אין לאַנד — האָט אַן אַנדערער געזאָגט — איז שוין פאַרווירקלעכט געוואָרן דער אידעאַל פאַר וועלכן טויזנטער מענטשן אין רוסלאַנד קעמפן, זיצן אין טורמעס, ווערן פאַרשיקט קיין סיביר און גייען אויף די תּליות. . . דאָס איז דאָס לאַנד פון די בראַווע און די היים פון די פרייע. . .

און אָט זיינען מיר ענדלעך ביים געגאַרטן ברעג. די שיף אַנקערט איין. עס איז געווען פונקט ערב יום כיפּור, אַ שיינער סוף־

זומערדיקער סעפּטעמבער־טאָג. אַ סטאַטעטשנער ייד מיט אַ באָרד, זאָגט מיר:

— בחורל, היינט איז ערב יום כפּור, ווי נאָר מיר וועלן אַראָפּ־גיין פון שיף מוז מען צונויפקלייבן אַ מנין און זיך טאַקע פאַרפאַסטן.

נאָכן אַרונטערגיין האָבן מיר זיך פאַרפאַסט און געגרייט צו די יום־כיפּור־תפילות. יום־כיפּור איז דאַן אויסגעפאַלן אום שבת, זיינען מיר דאָרט אָפּגעזעסן עטלעכע טעג און ארויסגעקוקט, אַז עמעץ זאָל קומען צו אונדז באַפרייען פון „עליס אײלאַנד", דעם טרערן אינדזל, וואו מען האָט געהאַלטן די פשוטע אימיגראַנטן.

„עליס אײלאַנד" איז טאַקע געווען אַן אמתער טרערן אינדזל ווייל מען האָט דאָרט פאַרגאָסן אַ סך טרערן. אַ סך עמיגראַנטן האָבן זיך געשראָקן, צי קלייבט מען זיך נישט זיי צוריקשיקן אהיים. האָט מען טאַקע יענעם ערשטן יום־כיפּור אין קעסל-גאַרדן נישט נאָר געדאַוונט געשמאַק, נאָר מען האָט אויך האַרץ־רייסנדיק געוויינט און געבעטן ביים רבונו של עולם, ער זאָל ביישטיין אין דער נויט און זען מען זאָל בשלום באַטרעטן די נייע ערד.

# אין „שאַפּ"

מאנטיק האָט זיך באוויזן אין עליס איילאַנד מיינער אַ קרוב, וואָס איז געווען דאַן פאַר מיר ווי אַ מין אליהו הנביא. ער האָט מיך אויסגעלייזט פון געפענקעניש. ער האָט מיך אַוועקגעפירט אין אַ הכנסת־אורחים. ווייזט אויס, אַז קיין גרויסער גביר איז ער נישט געווען. און קיין ווינקל פאַר מיר האָט ער, נעבעך, נישט פאַרמאָגט. אין דעם הכנסת־אורחים. וואָס האָט זיך געפונען אויף דזשעפערסאָן און איסט־בראָדוועי, בין איך אָפּגעווען עטלעכע טעג. איך בין געווען צופרידן, ווען אויפן פינפטן טאָג האָט זיך געיאָוועט מיינער אַ לאַנדסמאַן, וועלכער האָט זיך געפרעגט אויף מיר. ווייזט זיך ארויס, אַז אין דער שול פון די קאָפּוליער האָט מען געשמועסט, אַז ס׳איז געקומען קיין ניו־יאָרק יוסף חיה שרהס און אַז ער געפינט זיך אין אַ הכנסת־אורחים. האָט דער לאַנדסמאַן קודם געגומען מיך צו זיך אין הויז, געגאַנגען מיט מיר איזאַ געשעפט און מיך אָנגעטאָן אין אַמעריקאַנער בגדים.

צוויי וואָכן האָב איך געוואוינט ביים לאַנדסמאַן אין הויז. דערנאָך האָט ער פאַר מיר געפונען אויף עלען סטריט אַ פּלאַץ צום שלאָפן און אויך געקראָגן פאַר מיר אַ „דזשאָב" אין אַ שניידער שאָפּ צו לערנען זיך די מלאכה פון שניידעריי. פיר וואָכן האב איך באַדאַרפט אַרבעטן אָן באַצאָלט און דערנאָך האָב איך שוין באַקומען דריי דאָלער אַ וואָך.

הכלל, איך בין געוואָרן אַ פאַרדינער.

נאָך אַ לאַנגן טאָג אַרבעט, ביי גאַנץ שווערע באַדינגונגען, פלעג איך אין די אָוונטן אַרויס אויף די גאַסן פון דער איסט סייד און בין געווען פאַרגאַפט און דערשטוינט צו טרעפן אויף די „קאָרנערס" רעדנער. אייניגע — אויך אין יידיש. פאַר מיר זיינען די אַלע רעדנער געווען גאָר אַ נייס. אייניקע רעדנער האָבן פאַרגעלייגט צו „וואוטן" פאַר די דעמאָקראַטן, וואָס וועלן ברענגען אַ גן־עדן אויף דער וועלט. אויף אַ צווייטן „קאָרנער" האָבן גערעדט פאַרשטייער פון די סאָציאַל־

דעמאָקראַטן, וואָס האָבן אויך צוגעזאָגט גילדערנע בערג. איך האָב זיך גאַנץ־ווייניק פֿאַנאַנדערגעקליבן אין זייערע רייד און צוזאָגן. איך האָב זיי אַלעמען וואַרעם אַפּלאָדירט און מיט גרויס שפּאַנונג גענומען אַרויסקוקן אויף דעם חודש נאָוועמבער, וואָס וועט ברענגען די אַלע צוגעזאָגטע גליקן פֿאַר אַלעמען און אויך פֿאַר מיר.

אין דעם טאָג פֿון די וואַלן בין איך אַרומגעגאַנגען אַ יום־טובֿ־דיקער, פֿול מיט גרויסע ליכטיקע האָפֿענונגען, אַז אָט־אָט קומט שוין דער געגאַרטער טאָג. עס האָט אָבער נישט גענומען לאַנג און איך האָב אויסגעפֿונען, אַז ביז וואַנען ס׳וועלן קומען די גוטע צייטן פֿאַרן אַרבעטער, באַדאַרף נאָך לאַנג דויערן. פֿון די אַלע גוטע צוזאָגן, האָט מען, אויף מאָרגן נאָך דער וואַל־קאַמפּאַניע, איבגאַנצן פֿאַרגעסן. איך האָב געזען, אַז דערווייל מוז מען ווידער גיין אין סוועט־שאַפּ און טאַקע שווער, שווער פּראַצעווען פֿאַר אַ שטיקל ברויט און פֿאַר אַ ווינקל וואו איבערצושלאָפֿן. איך האָב שוין דערווייל, ווי געזאָגט, באַקומען דריי דאָלאַר אַ וואָך און געווען צופֿרידן, וואָס איך בין שוין אַליין אַ פֿאַרדינער. לאַנג האָב איך נישט געקאָנט אָנהאַלטן מיין „דזשאָב״. קיין עלעקטרישע קראַפֿט איז אין דעם שאַפּ נישט געווען, מען האָט געאַרבעט אויף פֿיס־מאַשינעס, און וויפֿיל איך האָב זיך נישט באַמיט און וויפֿיל איך האָב זיך נישט אָנגעשטרענגט, האָב איך נישט געקאָנט עס טאָן, איך האָב פּשוט נישט אויסגעהאַלטן אָט־די אַרבעט. האָב איך געמוזט פֿאַרלאָזן דעם שאַפּ און גענומען זוכן עפּעס אַ גרינגערע אַרבעט.

האָב איך געטאָן ווי אַלע אַנדערע, וואָס האָבן געזוכט אַן אַרבעט. איך האָב יעדן טאָג געקויפֿט אַ צייטונג און געזוכט דאָרט אַ שטעלע פֿון אַ שיק־יינגל אָדער אַן אַנדער מין אַרבעט. אָבער וואוהין איך בין געקומען האָט מען מיר געזאָגט, אַז כ׳בין געקומען צו־שפּעט, אין אַן אַנדער אָרט האָט מען מיר געזאָגט, אַז פֿאַר דריי דאָלער אַ וואָך קאָנען זיי בעסער קריגן אַ „באָי״, וואָס רעדט ענגליש.. בין איך נאָך געבליבן אַ פֿאַרשעמטער און אַ פֿאַרצווייפֿלטער.

און נישט קריגנדיק קיין אַרבעט און געבליבן אָן געלט צום לעבן, האָב איך זיך פֿאַרדונגען אין אַ שאַפּ ווי אַ באַדינער — אויס־צוקערן אים, הייצן דעם אויוון און אויך צום שלאָפֿן דאָרט.

דער שאַפּ האָט זיך געפֿונען אויף ראַטגערס פּלייס, נישט ווייט

פון העסטער סטריט, האָב איך געקאָנט איינהאַנדלען פאַר זייער ביליק האַרטן האַלב־געבאַקענעם ברויט אַלטע באַנאַנעס, און אַנדערע ביליקע מאכלים. דאָס האָט מיר געקאָסט אַ דאָלער אַ וואָך. ס'איז מיר נאָך געבליבן געלט צו קויפן די יידישע צייטונגען און נאָך מער — איך האָב געקענט אָפּשפּאָרן אַ פּופצן סענט אַ וואָך צו גיין אין „טהאַליאַ טעטער" אויף דער גאַלעריע צו זען דאָרט יעקב גאָרדינס דראַמען, וואָס האָבן דאַן שטאַרק אויסגענומען ביי מיר.

איך האָב געלייענט דעם „פאָרווערטס" און מיט אַ באַזונדער אויפמערקזאַמקייט און אינטערעס האָב איך נאָכגעפאָלגט נאָך די אַרטיקלען פון פייגענבוים, זאַמעטקין און באַראנאָוו, וואו מ'האָט שאַרף קריטיקירט און ארונטערגעריסן יידישקייט ווי אַ געפערלעכן סם פאַר דעם אַרבעטער. איך מוז זאָגן, אַז זייערע שאַרפע אַרויס־טרעטן קעגן יידישקייט האָבן נישט שטאַרק אַפּעלירט צו מיין געדאַנק און געפיל. איך האָב שוין דאַן געפילט, אַז נישט דער בית־המדרש איז דער אומגליק פאַרן אַרבעטער, נאָר דער סוועט־שאָפּ. און וואָס נאָך? איך האָב נישט געזען און נישט געגלויבט, אַז די ישועה וועט קומען דורך דעם סאָציאַליזם, וואָס דער „פאָרווערטס" האָט אַזוי אייפעריק געפּריידיקט. איך האָב געלייענט די ארטיקלען און ביי זיך געטראַכט, אַז עפּעס איז דאָ נישט גלאַטיק. איך האָב זיך דערוויל נישט פאַנאַנדערגעקליבן אין דעם אַלעמען, וואָס ס'איז פאָרגעקומען אַרום מיר און אין דער גרויסער וועלט און נישט באַגריפן, וואָס מ'האָט קריטיקירט און פון וואָס מ'האָט אָפּגעשפּאָט.

ערשט ווען ס'איז געקומען מיין קאָזין יודל שאַפּיראָ, האָט ער מיר געגומען אויפקלערן און דערווייזן, אַז מען קאָן זיין אַ סאָציאַליסט און דערביי אויך אַ געטרייער ייד און גלייכצייטיק גאָר אַרבעטן פאַרן אויפבוי פונעם יידישן פאָלק אין אייגן לאַנד. און נאָך מער,— אַז מען קאָן און מען דאַרף אויך בויען די אייגענע יידישע קולטור. דאָס איז פאַר מיר געווען אין יענער צייט אַן אמתע אַנטפּלעקונג. עס האָט זיך ביי מיר דערוועקט דער הייסען ווילן צוצושטיין צו די, וואָס טוען אָט-די הייליקע אַרבעט און איך האָב באַשלאָסן צולייגן אַ האַנט און זען מיטהעלפן מיט מיינע באַשיידענע מיטלען צו פאַר־ווירקלעכן אָט־דעם הויכן אידעאַל.

אַ גאָר שטאַרקן איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט אין יענער צייט די פּיעסע פון יעווגעני טשיריקאָוו „די יידן“, וואָס איך האָב געזען אין „טהאליא טעאַטער“, און בעיקר האָבן מיר פיל געגעבן די הייסע דעבאַטן, וועלכע זיינען געהאַלטן געוואָרן צווישן דעם ציניסט, באַזונדערס האָט מיך אויפגעטרייסלט די פּאָגראָם סצענע. איך האָב פיל נאָכגעטראַכט וועגן דער באַמערקונג פונעם אַלטן פאָטער, דעם זייגער־מאַכער אין דער דראַמע וועגן דעם, אַז די זייגערס ביי אים קלינגען נישט גלייך. מה דאָך, — האָט ער געטענהט, — אַז מען קאָן נישט מאַכן, אַז אַלע זייגערס זאָלן קלינגען גענוי, אין איין צייט, ווי קאָן מען עס דערוואַרטן צו מאַכן אַזוי אַז אַלע מענטשן זאָלן האָבן איין מיינונג, איין געמיינזאַמען געדאַנק.

דאָס וואָס איך האָב געזען אויף דער סצענע און די שאַרפע און טרעפלעכע רייד פון די באַטייליקטע אין דער פּיעסע האָבן כסדר אָפּגעהילכט און אָפּגעקלונגען אין מיין געדאַנק, און אַ לאַנגע צייט האָב איך עס נישט געקאָנט פאַרגעסן. עס האָט שטאַרק אָנגערירט מיינע האַרץ־סטרונעס.

אָנהויב זומער 1904 איז אָנגעקומען די שרעקלעכע ידיעה אַז טעאָדאָר הערצל איז געשטאָרבן. איך געדענק ביז איצט, אַז פון גרויס האַרצווייטאָק האָב איך ביטער געוויינט און אַ גאַנצן טאָג גאָרנישט געגעסן. אַזוי שטאַרק האָט געווירקט אויף מיר די ידיעה, כאָטש איך האָב קיין סך נישט געוואוסט וועגן זיינע, הערצלס, אויפטועו און פאַרדינסטן. עס איז געווען אַ שווערער קלאַפּ פאַר מיר אין מיין שווער לעבן, ווי אַ „גרינער“ אינעם גרויסן טומלדיקן ניו־יאָרק וואו כ׳האָב געאַרבעט ביי גאַנץ־שווערע באַדינגונגען און פאַר אַזאַ נישטיקן פאַרדינסט.

און אָט טרעפט מיך אַ גרויס גליק: איך קריג אַ דזשאַב ביי מיינעם אַ קרוב, גאָלדשטיין, אַ קעפּ־און העט קאָנטראַקטאָר. איך בין געווען ביי אים אָנגעשטעלט אַלס שיק־יינגל. איך האָב אָנגעהויבן מיט דריי דאָלער אַ וואָך. אין אַ קורצער צייט האָב איך זיך אַרויפגעאַרבעט אויף פיר און אינגיכן — אויף גאַנצע פינף דאָלער אַ וואָך. אין יענע צייט איז עס פאַר אַ בחור געווען אַ גאַנץ־בכבודיקע שכירות.

מיין באַלעבאָס איז געווען אַ בחור. ער פלעגט דערנאָך איבערלאָזן

דעם שאָפּ אויף מיין אויפזיכט. איך האָב צוגענומען די סחורה פון די „דזשאָבערס" און זיי אַרויסגעגעבן צו די אַרבעטער.

איך בין געשטיגן אין מיין געהאַלט. אין אַ קורצער צייט ארום האָב איך שוין פאַרדינט אַכט דאָלער אַ וואָך. איך האָב זיך שוין אַריינגעקליבן (אָדער ווי מ'האָט געזאָגט „אריינגעמופט") אין אַ הויז. איך האָב שוין אַזוי צוביסלעך אָפּגעשפּאָרט גאַנצע הונדערט דאָלער אין באַנק. איך האָב זיך אָנגעהויבן פילן פעסטער און זיכערער, — אַ קלייניקייט ? אַן אייגענער הונדערטער אין באַנק ! און אַז איך בין שוין אַ מענטש מיט אַזאַ פאַרמעגן — האָב איך זיך שוין פאַרגונען צו באַזוכן אָפטער דעם טעאַטער, איך האָב אָנגעהויבן גיין מער צו לעקציעס, — הכלל, איך האָב גענומען פילן אַ באָדן אונטער מיינע פיס, איך האָב שוין זיך געהאַלטן פאַר אַן איינגע־בירגערטן אַמעריקאַנער.

אָבער ס'איז מיר נישט באַשערט געווען צו לעבן אַזוי זאָרגלאָז און גליקלעך. ביי מיין באַלעבאָס אין שאָפּ איז אויסגעבראָכן אַ סטרייק, וועלכער האָט זיך געצויגן און פאַרצויגן גוטע עטלעכע וואָכן, און ווי דער שטייגער, זיינען די באַציאונגען אַלצמער פאַרשאַרפט געוואָרן.

איין מאָל רופט מיך אַריין דער באַלעבאָס צו זיך אין צימער און מאַכט מיר אַ שאַרפן אויסרייד, פאַרוואָס איך גיב אים נישט איבער וואָס די אַרבעטער רעדן צווישן זיך. ער ווייסט, זאָגט ער, — אַז זיי זיינען פריינטלעך צו מיר און אַז זיי זיינען אָפנהאַרציק אין מיין אָנוועזנהייט. דעריבער דאַרף איך אים אַלץ איבערגעבן, וואָס זיי טראַכטן און וואָס זיי נעמען פאַר. און בכלל, — האָט ער אין מיר אַריינגעטענהט — איז דאָך מיין צוקונפט ענג פארבונדן מיט זיינע ביזנעס, און איך דאַרף דעריבער זיין פאַראינטערעסירט, אַז זיין שאָפּ זאָל אַרבעטן און עקזיסטירן. איך באַדאַרף דעריבער האַלטן מיט אים און אים אַרויסהעלפן געווינען דעם סטרייק מיט זיינע אַרבעטער.

איך האָב זיך געפילט שטאַרק געטראָפן און בין געווען טיף באַ־ליידיקט, וואָס ער וויל פון מיר מאַכן אַ „שפּיאָן". האָב איך אים שאַרף אָפּגעזאָגט און אַ ברוגזער פאַרלאָזט דעם דזשאָב, וואו איך בין שוין געווען אַ גאַנצער מאַכער.

בין איך ווידער געבליבן אָן אַרבעט, אָן קיין שום באַשעפטיקונג און ווידער איז פאַר מיר געשטאַנען די האַרבע פראַגע: וואָס טוט מען, וואָס נעמט מען פאַר? בין איך אַ פאַרצווייפלטער אַרומ־געגאַנגען און זיך קיין עצה נישט געקאָנט געבן.

באַקום איך פלוצים אַ בריוו פון דער שטאָט קליוולאַנד, פון מיינעם אַ פעטער, וואָס איז געקומען אַהין פון מיין היימשטעטל קאַפוליע. אין זיין בריוו איז געווען געשריבן, אַז ווען איך קום קיין קליוולאַנד, וואָלט איך מיט אים געקענט ארומגיין אין פעדלען. ער האָט פאַר מיר אויסגעלייגט אַ גאַר וואַזשנעם פּלאַן: מיר וועלן קויפן אַ פערד און וואָגן און וועלן ארומפאָרן אין דער „קאָונטרי" און וועלן פאַרקויפן פאַרשיידענע סחורות..

עפּעס וועגן דעם האָב איך שוין אַמאָל געהערט נאָך אין קאַפוליע, מען פאָרט אַרום איבער די פאַרמס מיט כל־ערליי זאַכן, חפצים, מען קויפט און מען פאַרקויפט און מען ווערט דערפון שנעל רייך. און קליוולאַנד, — האָב איך שוין געהערט אין ניו יאָרק, — איז אין די וועסט (מערב) און דאָרטן אין יענער געגנט זיינען פאַראַן פיל פאַרמס. האָב איך מסכים געווען צו מיין פעטערס פאָרשלאָג. איך האָב איינגעהאַנדלט אַ רעוואָלווער און זיך געלאָזט פאָרן צו מיין פעטער אין דער ווילדער וועסט, קיין קליוולאַנד, אָהייאָ, וואו ס׳האָט זיך אָנגעהויבן פאַר מיר אַ ניי לעבן, אַ לעבן, וואָס איז געווען גאָר אַנדערש ווי אין דעם יידישן ניו־יאָרק.

# אין אַ ציגאַר־פאַבריק

אין מיטן זומער 1905 בין איך אָנגעקומען קיין קליוולאַנד וואו מיין פעטער האָט מיך איינגערעדט צו פאָרן אהין פון ניו־יאָרק, — אין דער שטאָט, וואו איך האָב זיך אַ פיין ביסל געפּלאָגט און נישט געקאָנט זיך דערשלאָגן צו עפּעס אַ תכלית. אָבער שוין ביים קומען קיין קליוולאַנד, בין איך געווען שטאַרק איבערראַשט און אפילו אַנטוישט. מיין פאַנטאַזיע האָט מיר אויסגעמאָלן, אַז קליוולאַנד איז אַ קליין שטעטל מיט אַ סך פאַרמס און פאַרמערס. עס איז דאָך די וועסט. צום סוף האָב איך געפונען אַ גרויסע שטאָט, מיט אַ סך גרויסע פאַבריקן און מיט הויכע קוימענס וואָס האָבן געהאַלטן אין איין אַרויסלאָזן געדיכטע וואָלקנס רויך. בלויז איין גרויסער אונטערשייד איז געווען צווישן קליוולאַנד מיטן ניו־יאָרקער איסט־סייד, וואָס דאָ זיינען געווען קליינע איין־פאַמיליע הייזער און דערצו — מיט אַסךביימער, וואָס האָבן אַרומגערינגלט יעדעס הויז. דאָס האָב איך אין מיין ניו־יאָרק נישט געזען.

איך בין געקומען צו אַ לאַנדסמאַן, וואו מיין פעטער לייבע האָט געוואוינט. מען האָט זיך באַקענט, מען האָט זיך געטיילט מיט איינדרוקן פון דער נייער וועלט, מען האָט ארומגעשמועסט פאַר־שיידענע ענינים און טאַקע באַשלאָסן זיך גלייך נעמען צו דער אַרבעט. און באמת, צו וואָס לאַנג וואַרטן? די צייט שטייט נישט.

אין עטלעכע טעג האָבן מיר שוין געהאַט אַ פערד מיט אַ וואָגן און מיר זיינען אין אַ גוטער שעה אַרויסגעפאָרן האַנדלען אָדער ווי מ׳האָט עס גערופן — פּעדלען.

אָבער אָנשטאָט זיך לאָזן וויט פון שטאָט צו די איינזאַמע פאַרמס, וואו די פאַרמערס זיינען גערן אויפצונעמען די פּעדלערס און אַרויס־ווייזן זיי אַ פריינטלעכקייט, איז מיין פעטער, וואָס איז געווען דער אָנפירער פון דער אונטערנעמונג, אַרויסגעפאָרן אַ פּאָר מייל פון אונדזער וואוינונג און אָנגעהויבן דאָס געשעפט. ער האָט גענומען שרייען הויך אויף אַ קול: ״פעיפער, רעגס! פעיפער, רעגס!״ אָבער

גלייך אַלס ענטפער אויף די רופן האָבן זיך גענומען הערן שטימען פון די באָיס: „גאָדדעם, דזשו שיני!"

אָט־די שימפּווערטער האָבן ממש געשניטן מיין האַרץ און ס'איז מיר זייער שווער און ביטער געווען דאָס צו פאַרנעמען.

און נאָך מער איז מיר שווער געווען צוצוזען, ווי מיין פעטער, ווען ער איז אַריינגעקומען אין אַ יאַרד (הויף) פון אַ הויז, וואו ער האָט געהאָפט צו קריגן עפּעס וואָס צו קויפן, פלעגט גייענדיק צוריק צום פערד און וואָגן, אויפהייבן אויפן וועג וואָס נאָר ס'איז געלעגן פאַר די אויגן און אריינוואַרפן עס צו זיך אין וואָגן. עס איז מיר פשוט פינצטער געוואָרן אין די אויגן. און וויפיל איך האָב נישט גערעדט און נישט איינגעטענהט מיט מיין פעטער: „סטייטש, עס איז דאָך פשוטע גנבה!" האָט מיין פעטער געהאָט איין ענטפער: „דאָס איז ביזנעס. דאָס איז די ביזנעס פון פעדלען! אַלץ באַדאַרף גיין אין וואָגן אַריין. וועסטו זיין איבערקלייבעריש, וועסטו קיין לעבן נישט מאַכן!"

איך בין אינגאַנצן געווען צערודערט און אויפגעטרייסלט פון זיינע ווערטער. יענע נאַכט, געדענק איך, האָב איך נישט צוגעמאַכט מיט קיין אויג. מיין פאַנטאַזיע האָט מיר געמאָלט איין בילד שרעק־לעכער פונעם אַנדערן. איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, ווי די פּאָליציי כאַפּט מיך, זעצט מיך איין אין תפיסה און אַזוי ווייטער.

נאָך אָט דער לאַנגער שלאָפלאָזער נאַכט האָב איך אינדערפרי געזאָגט צו מיין פעטער, אַז מער פאַר איך נישט מיט אים פעדלען. און בכלל וויל איך נישט זיין קיין ביזנעס־מאַן, איך וועל בעסער קריגן ערגעצוואו אַרבעט. איך וועל פאַרדינען ווייניקער; ווייניק, אָבער ס'וועט זיין פון ערלעכער פּראַצע.

האָב איך ווידער גענומען זוכן אַרבעט. איך האָב געפרעגט און נאָכגעפרעגט און אָט האָט מען מיר אָנגעוויזן אויף אַ „סיגאַר־פעקטאָרי", וואָס דער באַלעבאָס איז געווען איינער פון די פיינסטע יידן אין קליוולאַנד.

בין איך טאַקע אַוועק אין ברודנאָס סיגאַר־פאַבריק און גע־קראָגן דאָרט אַ דזשאָב. אמת, די ערשטע פיר וואָכן אַרבעט מען דאָרטן אומזיסט. מ'איז אויף דער לערע, מען לערנט זיך אויס דעם

פאַך. דערפאַר הייבט מען אָן צו קריגן באַצאָלט פון דער פינפטער וואָך, בין איך ווידער געוואָרן אַ פאַרדינער.

אין ברודנאָס סיגאַר־פעקטאָרי האָבן געאַרבעט בלויז יידן. און אָנשטאָט שבת האָט מען דאָרט געאַרבעט זונטיק. אין דער פאַבריק זיינען געווען באַשעפטיקט אָדער יידן פון ברודנאָס משפחה אָדער סתם לאַנדסלייט, וואָס האָבן געהאַט עפּעס א צד אין טיש. צווישן די אַרבעטער זיינען געווען אויך יונגע לייט, וואָס האָבן געהאַט סמיכה אויף רבנות און בכלל — זיידענע יונגע לייט, וואָס האָבן אינדערהיים קיינמאָל נישט געאַרבעט. אָבער קומענדיק קיין אַמעריקע און נישט קאָנענדיק זיך צופּאַסן צו וואָסער ס'איז מלאכה, האָבן זיי זיך גע־נומען צו מאַכן סיגאַרן. ערשטנס, איז עס אַן אײדעלע מלאכה און צווייטנס, זיצנדיק אַזוי ביי דער אַרעבט, קאָן מען אײנוועגס אויך רעדן, שמועסן און דיסקוטירן יידישע פּראָבלעמען און וועלט־פּראָבלעמען.

אין יענער צייט איז טאַקע געווען גענוג וועגן וואָס צו שמועסן. די לופט איז געווען פול מיט פראַגן, מיט פּאַסירונגען און גע־שעענישן, און יונג איז מען געווען און ביי אַלעמען איז געווען אַ ווילן, אַ דראַנג צו לייזן וועלט־און־יידישע פּראָבלעמען. און דער־ביי זיינען אויף שריט און טריט אויך געווען חילוקי־דעות. יעדע איינע פון די פּאַרטייען האָט געקעמפט פאַר אירע אידייען און באַקעמפט די אידייען און אידעאַלן פון אַנדערע פּאַרטייען אָדער ריכטונגען אויף דער יידישער גאַס.

איך האָב זיך שנעל באַקאַנט מיט די ציוניסטיש־געשטימטע יונגעלייט, וועלכע האָבן זיך געלערנט מיט מיר אין דער פאַבריק די מלאכה, אָדער וואָס האָבן שוין זיך אויסגעלערנט צו מאַכן סיגאַרן.

מיינע חברים רעזניק און סילווער האָבן מיך איינמאָל אוועק־געפירט צו אַ מיטינג פון פּועלי ציון. איך האָב גלייך געשלאָסן באַקאַנטשאַפט און פריינדשאַפט מיט מענטשן, וואָס מיין שפּעטערדיקע טעטיקייט איז דערנאָך געווען פאַרבונדן מיט זיי און מיט די אידעאַלן, וואָס זיי האָבן געפּריידיקט.

# אַ הכשר אויף אַ סטרייק

די פּאַרדינסטן אין ברודנאָס סיגאַרן־פעקטאָרי זיינען געווען גאַנץ נידעריקע. דאָס העכסטע, וואָס מ׳האָט פאַרדינט איז געווען צען דאָלאַר אַ וואָך, מען האָט געאַרבעט פון שטיק. דריי דאָלאַר פאַר אַ טויזנט. אַן אַרבעטער זאָל קאָנען אויסאַרבעטן אין אַ טאָג אַ 700 800 סיגאַרן, איז געווען אַ מאַקסימום. בלויז אייניקע האָבן עס באַוויזן. דער דורכשניטלעכער אַרבעטער האָט אויסגעאַרבעט בלויז אַ 500 אַ טאָג, וואָס דאָס האָט געמיינט — אַ דאָלער מיט אַ האַלב אַ טאָג. פאַר מיר איז עס געווען אַן אידעאַל, צו וועלכן איך האָב געשטרעבט צו דערגרייכן אין דער צוקונפט, כאָטש אין אַ יאָר ארום. אָבער דערווייל האָט עס נאָך געהאַלטן ווייט פון דעם.

נאָך די פיר אומזיסטע לערן־וואָכן, האָב איך באַוויזן אויסצו־אַרבעטן פון צוויי ביז דריי דאָלער אַ וואָך. אַוודאי איז עס געווען זייער ווייניק. דערפאַר אָבער האָב איך שטאַרק הנאה געהאַט פונעם גייסטיקן לעבן אין ברודנאס פעקטאָרי. עס איז געווען פאַר מיר זייער אינטערעסאַנט. איך האָב אָנגעשטעלט אויג און אויער און אויפגענומען אַלץ וואָס ס׳איז דאָ, ארום די טישן, גערעדט געוואָרן.

ביי אייניקע טישן זיינען געזעסן פרומע יידן, מיט שיינע בערד, מיט הדרת־פנים און גערעדט דברי־תורה. זיי האָבן געוואָרפן מיט פסוקים און זיך מפלפל געווען אין לומדישע ענינים. אַנטקעגן זיי זיינען געזעסן די יונגע לייטלעך און דיסקוטירט מיט ברען און לײדנשאַפט יידישע און וועלט־פּראָבלעמען.

דער אַלטער ברודנאָ אַליין, אַ שיינער ייד, פלעגט אָפט צוגיין צו די עלטערע יידן און אויך אַריינוואַרפן פון צייט צו צייט אַ וואָרט אין דעם וויכוח און ארויסזאָגן זיין מיינונג וועגן אַ הויכן ענין.

די פּרויען, וואָס האָבן דאָרט געאַרבעט, האָבן זיך דערציילט פאַרשיידענע מעשיות. זיי האָבן געמיטלעך זיך געטיילט מיט איינ־דרוקן פון זייער היימישן און ארומיקן לעבן. צווישן אַנדערן האָבן זיי מיט גרויס התפעלות דערציילט אַ מעשה וועגן אַ גליק, וואָס

האָט געטראָפן מיט אַ געוועזענער אַרבעטאָרין פון ברודנאָס סיגאַר־פעקטאָרי. זי איז אַוועק קיין ניו־יאָרק, זיך באַקענט מיט אַ מיליאָנער און טאַקע מיט אים חתונה געהאַט. אַנשטאָט רייזל, ווי איר נאָמען איז געווען, רופט מען זי איצט ראוז פּאַסטאָר־סטאָוקס, שפּעטער אַ באַרימטע פירערין אין דער אַמעריקאַנער ראַדיקאַלער אַרבעטער באַוועגונג.

לאַנג האָב איך אין דער ברודנאָ סיגאַרן־פעקטאָרי נישט גע־אַרבעט. בלויז זעקס וואָכן. איינמאָל אַ פאַרנאַכט, אַראָפּגייענדיק פון דער אַרבעט, באַקום איך אין האַנט אַ פּאַפּירל, — ס׳איז אַן אָנזאָג צו קומען צו אַ מיטינג טאַקע דעם זעלבן אָוונט, צו וועלכן אַלע אַרבעטער ווערן גערופן כדי אַרומצורעדן און באַהאַנדלען זייער לאַגע און זייערע אַרבעטס־באַדינגונגען.

צופרידן און שטאָלץ בין איך געקומען אין דעם זאַל, וואו אַרום זעכציק פון די זיבעציק אַרבעטער אין דער פאַבריק זיינען געווען פאַרזאַמלט.

אַן אָרגעניזער פון די „אינדאַסטריאַל וואָירקערס אָף דהי וואָירלד" האָט געהאַלטן אַ פייערדיקע רעדע. ער האָט פאָרגעשטעלט די שווערע לאַגע און די מאָגערע פאַרדינסטן פון די אַרבעטער און גערופן, מ׳זאָל זיך אָרגאַניזירן און קעמפן פאַר אַ בעסער לעבן.

עס זיינען אויפן אָרט אויסגעאַרבעט געוואָרן די פאָדערונגען פאַר העכערע שכירות, פאַר בעסערע אַרבעטס־באַדינגונגען און ס׳איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיטע, וואָס זאָל צושטעלן די פאָדערונגען דעם באַלעבאָס.

נישט וואַרטענדיק דער באַלעבאָס זאָל נאָכגעבן די גערעכטע פאָדערונגען, איז גערופן געוואָרן אַ סטרייק פון די אַרבעטער. די „אינדאַסטריאַל וואָירקערס" האָבן געגעבן פיל הילף צו די סטרייקער. אַלע זיינען אַרונטערגענומען געוואָרן פון דער אַרבעט, אפילו ר׳ שאַפּיראָ, ברודנאָס שוואָגער, אַ רב, וואָס האָט געאַרבעט אין דער פאַבריק, האָט זיך אויך אָנגעשלאָסן אין סטרייק. ער האָט געזאָגט, אַז ס׳איז אַ בפירושער דין אין דער תורה „אַחרי רבים להטות", מ״מוז נאָכגיין נאָך דער מערהייט. איז ער דעריבער געגאַנגען צוזאַ־מען מיט אַלע אַרבעטער אין סטרייק...

איך האָב באַקומען פונעם סטרייק־פאָנד דריי דאָלער אַ וואָך, —

אייגענטלעך מער ווי איך האָב פאַרדינט אין פאַבריק, וועז איך האָב דאָרט געאַרבעט. און דערצו בין איך כסדר געגאַנגען צו די מיטינגען, געהערט באַגייסטערטע רעדעס וועגן דעם, אַז די פּרוכט פון דער אַרבעט באַדאַרף געהערן צום אַרבעטער־קלאַס און נאָך אַזעלכע גערעכטע ווערטער און לאָזונגען. מען האָט אויך גערעדט וועגן דעם, אַז די יוניאָן וועט אָרגאַניזירן דעם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס אין איין גרויסע יוניאָן, וואָס וועט קאָנען אויסקעמפן פאַר די אַרבעטער בעסערע לעבנס־באַדינגונגען ביז זיי וועלן מיט דער צייט איבער־נעמען אין זייערע הענט די גאַנצע פּראָדוקציע און איינפירן אַ סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט אין דער וועלט.

הערנדיק יעדן טאָג די פלאַם־פייערדיקע רעדעס און קריגנדיק דערצו דריי דאָלער אַ וואָך, וואָס איך האָב געוואוסט, אַז עס קומט פון אַנדערע אַרבעטער, וועלכע אַרבעטן און העלפן אונדז אַרויס אין אונדזער סטרייק, איז מיין גלויבן אין דער לאָזונג „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער" פאַרשטאַרקט געוואָרן, און איך האָב געפילט, אַז עס איז אַ ממשותדיקע, רעאַלע זאַך.

דערווייל נאָך זעקס וואָכן סטרייקן, האָט מען אים פאַרענדיקט מיט אַ טיילווייזן זיג פון די סטרייקער. מען האָט נאָכגעגעבן אייניקע פאָדערונגען פונעם באַלעבאָס, ווייל די שטיצע פון אַנדערע אַרבעטער יוניאָנס פאַרן סטרייק־פאָנד איז געוואָרן אַלץ קלענער און קלענער, און די פירער האָבן איינגעזען, אַז אָן געלט־שטיצע פון אַנדערע יוניאָנס וועט מען נישט קאָנען אויסהאַלטן ווייטער, האָט מען באַ־שלאָסן צו פאַרענדיקן דעם סטרייק. און אַזוי ווי ס'איז שוין אָנ־געקומען דער חודש אָקטאָבער, נאָענט צו די וואַלן, האָבן זיך אייניקע פּאָליטישנס, אונטער דער פירערשאַפט פון צאַר באָרענ־שטיין, אַריינגעמישט און שנעל פאַרענדיקט דעם סטרייק, וואָס האָט זיך גענומען פאַרציען.

דעם ייד באָרענשטיין האָט מען אין יענע צייטן גערופן אין קליוולאַנד צאַר באָרענשטיין. דעם דאָזיקן נאָמען האָבן אים גע־געבן גראַד די קריסטן. די קריסטלעכע פּאָליטישנס האָבן געגלויבט, אַז צאַר באָרענשטיין האָט דעם יידישן ווילער ביי זיך אין קעשענע און אַז ער איז אַ כל־יכול'ניק, אַלץ וואָס ער וויל, קאָן ער גלייך

אַדרוכפירן. האָט אַ ייד באַדאַרפט עפּעס אַ טובה פון אַ ריכטער, פון פּאָליציי, איז מען געגאַנגען צו צאַר באָרענשטיין. האָט מען זיך גענויטיקט אין בירגער־פּאַפּירן, האָט מען קיין זאָרג נישט געהאַט. מ׳האָט געוואוסט, אַז צאַר באָרענשטיין וועט אַרויסהעלפן.

עס איז אינטערעסאַנט, וואָס אָט־דער אומוויסנדיקער יידישער פּאָליטישן באָרענשטיין האָט געהאָלפן אויפבויען דאָס יידישע טע־אַטער אין קליוולאַנד, וואו באַוואוסטע אַקטיאָרן האָבן געשפּילט יידיש טעאַטער אין לויף פון אַ סך יאָרן. בכלל האָט ער פיל יידן, אין פאַרשיידענע צייטן, געהאָלפן זיך שטעלן אויף די פיס. אָבער צום יידישן טעאַטער האָט ער געהאַט אַ גאָר ספּעציעלע נאָענטקייט. כל זמן ער האָט געלעבט,האָט קליוולאַנד פאַרמאָגט אַ יידיש טעאַטער. אַפּריער — דער פּערי טעאַטער. און אַז דער יידישער עולם פון קליוולאַנד האָט גענומען אריבערפאָרן ווייטער „אפּטאון”, איז עס געווען דער ראָיאַל טעאַטער, וואָס דער זעלבער צאַר באָרענשטיין האָט געבויט און געהאָלפן אויפהאַלטן. גיי שאַץ אָפּ אַ יידישע נשמה!

און דערווייל בין איך אַלצמער אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. איך בין געווען אַ שטענדיקער, געטרייער באַזוכער פון די מיטינגען פון דער גרופּע פועלי־ציון אין קליוולאַנד.

עס איז געווען נאָך דעם, ווי דער ציוניסטישער קאָנגרעס האָט זיך צעטיילט אויף יאָ־זאָגערס און ניין־זאָגערס, ארום דער פראַגע פון אוגאַנדע... דער אָפּקלאַנג איז געווען אַ זייער שטאַרקער און ער איז דערגאַנגען אויך צו אונדז קיין קליוולאַנד. אויך אונדזער גרופּע האָט זיך געשפּאָלטן. די מערהייט איז אַוועק פון פועלי־ציון און זיך אָנגעשלאָסן אין דער ס. ט. — סאָציאַלסיטיש־טעריטאָריאַ־ליסטישער פּאַרטיי, וועלכע האָט זיך דאַן געגרינדעט אין ניו־יאָרק. די הויפּט־פירער זיינען געווען אב. גאָלדבערג, פייפערמאַכער, דר. גלאָבוס און ברוך צוקערמאַן.

מיר האָבן זיך אין קליוולאַנד אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט מיט אַ סך באַגייסטערונג. איך האָב געגלויבט, אַז אָט־אָט וועט די טעריטאָריאַליסטישע אָרגאַניזאַציע קריגן אַ טעריטאָריע פאַר יידן, און מיר, אַזעלכע ווי איך און מיינע חברים, וועלן טאַקע זיין די ערשטע פּיאָנערן פאַר דער טעריטאָריע. איך בין אַזוי געווען פאַר־

נומען און פאַרקאַכט מיט די טעטיקייטן אַרום דער אָרגאַניזאַציע, אַז מאַכן אַ לעבן איז ביי מיר געווען אַ ביי־זאַך. דער עיקר איז געווען — דער טעריטאָריאַליסטישער אידעאַל, וועלכן איך בין געווען איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן און וועמען איך האָב אַוועק־געגעבן מיין גאַנצע צייט און ענערגיע.

מיר האָבן געבראַכט רעדנער פון ניו־יאָרק, אַראַנזשירט מיט זיי לעקציעס, צו וועלכע עס פלעגן קומען פיל פון דער קליוולאַנדער יידישער באַפעלקערונג, וואָס איז דאַן באַשטאַנען פון אַ 20 טויזנט יידן, אויסער די אונגאַרישע און דייטשע יידן, זיינען אַלע איבעריקע יידן געווען פאַראינטערעסירט אין ציוניזם, סאָציאַליזם און טערי־טאָריאַליזם.

אַ דאַנק דער ענערגישער, איבערגעגעבענער אַרבעט פון דער גרופּע און די גרופּעס פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, די בונדיסטן און באַזונדערס — די גרופּע פון דער פּראָגרעסיווער לייברערי, ווי ס׳האָט זיך דאַן גערופן די אַנאַרכיסטישע גרופּע, איז די יידישע גאַס אין קליוולאַנד געווען זייער אַקטיוו. דאָס יידישע קולטור־לעבן איז בכלל געשטאַנען אויף אַ גאַנץ הויכער מדרגה. עס האָט געקאָכט און געברויזט אין יידישן קליוולאַנד, — פאַרזאַמלונגען, מיטינגען, כמעט יעדן אָוונט זיינען פאָרגעקומען אַלערליי צונויפקומס — דעבאַטן, קאָנצערטן און בעלער. יעדן נייעם אימיגראַנט, וואָס איז אָנגעקומען אין שטאָט, צי איז עס געווען אַ יונגערמאַן אָדער אַ יונג מיידל, האָבן מיר זיי באַלד באַזוכט און אויסגעפונען, צי האָט ער אין דער אַלטער היים, אין רוסלאַנד, סימפּאַטיזירט מיט ציוניזם אָדער סאָציאַליזם. און אַזוי ווי יעדער ערשט געקומענער, יעדער גרינער האָט דאָך געזוכט אַ געזעלשאַפטלעכע סביבה, האָבן מיר אים אָדער איר געהאָלפן זיך איינאָרדענען, און ווען נייטיק — אויך אַרויס־געהאָלפן מיט אַ פּאָר דאָלאַר, און אַזוי־אַרום ארייננעצויגן אין אונדזער אָרגאַניזאַציע.

אין לויף פון אַ צוויי יאָר האָבן מיר פאַרמאָגט אַ הונדערט מיטגלידער אין דער סאָציאַליסטיש-טעריטאָריאַליסטישער אָרגאַני־זאַציע

סוף 1906 איז געקומען קיין אַמעריקע י. דאַניעלי (יוסף טשער־ניכאָוו, איינער פון די פירער פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער

פאַרטיי — ס"ס). ווען ער איז געקומען קיין קליוולאַנד, האָבן מיר ממש געשטורעמט די שטאָט. ער איז געווען אַ גלענצענדער רעדנער און נאָך אַ — בעסערער פּאָלעמיקער. מיר האָבן אַראַנזשירט פאַר אים דריי גרויסע פאַרזאַמלונגען, וואָס יעדע פון זיי איז באַזוכט געוואָרן פון 500 ביז 800 מענשן, אַ צאָל אַ זייער גרויסע פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אין קליוולאַנד. אויפן אָפּשייד־אָוונט האָט דאַניעלי דערקלערט, אַז די טעריטאָריאַליסטישע באַוועגונג האָט צוויי שטאַרקסטע פונקטן אין דער וועלט—דאָס איז טשענסטאָכאָוו אין פוילן און קליוולאַנד אין אַמעריקע.

אין 1907 בין איך געפאָרן זיך זען מיט מיין משפחה, וואָס האָט דאַן געוואוינט אין מילוואָקי. און כאָטש איך בין געפאָרן אהין בלויז אויף אַ פּאָר וואָכן, האָב איך באַלד געפונען זוכן סימפּאַטיקער פון די סאָצ.־טעריטאָריאַליסטן, כדי צו גרינדן דאָרט אַ פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע. איך האָב זיך דאָרטן באַקענט מיט אסתר, די שוועסטער פון דער שפּעטער גוט־באַקאַנטער גאָלדע מאירסאָן ( גאָלדע מאיר, די איצטיקע אויסערן־מיניסטאָרן פון מדינת ישראל). גאָלדע איז שוין דאַן געווען אַ ציוניסטקע, אָבער איר שוועסטער אסתר, איז געווען אַ טעריטאָריאַליסטקע. איך און אסתר האָבן אַראַנזשירט אַ לעקציע מיט ח' דאָלניק און געגרינדעט אין מילוואָקי אַ טערי־טאָריאַליסטישע אָרגאַניזאַציע. ווען גאָלדע מאירסאָן איז מיט אַ פּאָר יאָר צוריק געווען אין קליוולאַנד, האָב איך זיך ביי איר נאָכ־געפרעגט אויף איר שוועסטער אסתר, האָט זי מיר געזאָגט, אַז זי לעבט אין ישראל...

דאָס אַלץ איז געשען מיט מער פון פופציק יאָר צוריק, אָבער אַלץ לעבט נאָך אויך איצט אַזוי פריש אין מיין זכרון. עס זיינען געווען שווערע יאָרן, אָבער דערהויבענע, פול מיט יוגנטלעכער באַגייסטערונג און מיט אויפריכטיקן גלויבן אין די אידעאַלן, פאַר וועלכע מ'האָט מיט אַזאַ ברען געקעמפט.

# דער הומאַניסטישער מעיאָר

ווינטער 1907 האָט אויסגעבראָכן אין קליוולאַנד, פּונקט ווי איבערן גאַנצן לאַנד, אַ שווערער עקאָנאָמישער קריזיס. צענדליקער טויזנטער אַרבעטער זיינען אָפּגעזאָגט געוואָרן פון זייערע שטעלעס. דאָס האָט זיך גלייך אָפּגערופן אויפן אַלגעמיינעם לעבן, האָט אַריינגעדרונגען אין יעדן ווינקל און דערגרייכט יעדן איינעם און אים אַרויסגעשטויסן פון זיינע פּאָזיציעס. מיטאַמאָל האָט זיך אַלץ ארום געענדערט און אַן אַלגעמיינע געדריקטע שטימונג האָט גע-נומען דריקן און פּרעסן אַלץ און אַלעמען. אין דער פּרעסע, אין גאַס און אין שטוב האָט מען געזוכט די סיבות פון דעם שווערן קריזיס, וואָס האָט ארומגעכאַפּט אַלע ווינקלען פון לעבן. מען האָט געפּראווט אָנווייזן אויף פאַרשיידענע שולדיקע, וואָס האָבן געבראַכט די שווערע עקאָנאָמישער לאַגע.

איך און מיינע חברים זיינען אויך געוואָרן אַרבעטסלאָז. מיר האָבן אָנגעוואוירן דאָס ביסל, וואָס מיר האָבן פאַרדינט, און זיינען אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון אונדזערע מאַטעריעלע פּאָזיציעס. מיר האָבן זיך אָבער נישט פאַרלוירן. מיט אונדזער גאַנצער יוגנטלעכער ענערגיע האָבן מיר זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט צו העלפן אָרגאַניזירן די אַרבעטסלאָזע. נאָך פאַרשיידענע פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע עס זיינען אַרויסגעטראָטן פירנדיקע טוער, איז באַשלאָסן געוואָרן ארויסצולאָזן אַ רוף פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי צו מאַרשירן צום „סיטי האָל" צו פאָדערן אַרבעט און ברויט. די סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן און די פּראָגרעסיווע לעיבאָר־גרופּעס וואָס זיינען געווען די גרעסטע און איינפלוסרייכסטע אָרגאַניזאַציעס אויף דער יידישער גאַס, האָבן זיך פאַראייניקט מיטן ציל אָנצופירן מיט דער אָרגאַניזירונג פון די אַרבעטסלאָזע אויף דער יידישער גאַס.

ביי דעם אימפּאָזאַנטן מאַרש צום סיטי האָל, וואו מיר האָבן זיך באַגעגנט מיט די נישט־יידישע אַרבעטער פון פאַרשיידענע טיילן פון שטאָט, האָבן זיך באַטייליקט מער ווי דריי טויזנט יידישע

אַרבעטער. מיר זיינען אין געשלאָסענע רייען צוגעקומען צום סיטי האָל, וואו ס׳איז אַרויסגעקומען צו אונדז דער מעיאָר פון שטאָט, טאם ל. דזשאָנסאָן און אונדז געבעטן, מיר זאָלן אויסקלייבן אַ קאָמיטעט, וואָס זאָל צוזאַמען מיט אים באַטראַכטן וואָס עס לאָזט זיך טאָן כדי אַרויסצוהעלפן די אַרבעטסלאָזע אין זייער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע.

אונדזער קאָמיטעט צוזאַמען מיטן מעיאָר און אייניקע פון זיינע קאָונסיל־מיטגלידער האָבן אַרומגעשמועסט די געשאַפענע באַדינ־גונגען און נאָך אַ לענגערער באַראַטונג איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די שטאָט זאָל אָרגאַניזירן אַרבעטס־פּלעצער פאַר עטלעכע טויזנט אַרבעטער, צווישן אַנדערן — זאָל מען רייניקן די גאַסן און די שטאָטישע פּאַרקן און אַזוי־אַרום עפּעס פאַרדינען אויפן לעבן. די וואַרעמע מענטשלעכע באַציאונג צו אונדז, די האַרציקע באַנעמונג און מיטגעפיל פון טאם ל. דזשאָנסאָן צום אַרבעט־מענטש, וועל איך קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

לאָמיך טאַקע זיך אָפּשטעלן אַביסל לענגער אויף טאם ל. דזשאָנסאָן, וואָס איז געווען אין יענע יאָרן שטאַרק באַקאַנט איבערן לאַנד און וועלכער האָט זיך מיט זיינע מעשים לטובת דער שטאָט קליוולאַנד און איר באַפעלקערונג שטאַרק אויסגעצייכנט.

עו איז געווען אין די יאָרן 1905־1907, ווען קליוולאַנד האָט געהאַט דאָס גליק צו האָבן אַזאַ שטאָט־אַדמיניסטראַציע, וואָס האָט זיך שטאַרק באַרימט געמאַכט מיט אירע פאַרמעסטן און עקס־פּערימענטן לטובת דער באַפעלקערונג ביים שאַפן אַלץ־בעסערע באַדינגונגען פון גאַסן־פאַרקער און מיטן מאַסן־באַנוצן זיך פון דער עלעקטרישער קראַפט. דאָס אַלץ איז אינספּירירט און אַדורכגע־פירט געוואָרן אונטער דער פירערשאַפט פון דעם באמת־גרויסן מענטשן־פריינט טאם ל. דזשאָנסאָן. ער איז געווען אַ מיליאָנער, האָט זיך צוריקגעצויגן פון זיינע געשעפטן און מיט לייב און לעבן זיך איבערגעגעבן און זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט, ווי דער מעיאָר פון דער שטאָט, צו פאַרוואַנדלען קליוולאַנד אין אַ מוסטער־שטאָט פאַרן גאַנצן לאַנד. ער האָט זיך בעיקר קאָנצענטרירט מיט זיין גאַנצער ענערגיע און מיט ברען זיך גענומען צו דער טראַנס־

פּאַרטאַציע און דער עלעקטרישער קראַפט, — די וויכטיקסטע זאַכן פונעם מאַסן־געברויך — צו מאַכן זיי וואָס ביליקער און וואָס צו־געגנגלעכער פאַר די ווייניק־פאַרמעגלעכע שטאָט־איינוואוינער. ער האָט געהאַט אפילו בדעה צו נאַציאָנאַליזירן די טראַנספּאָרטאַציע און עלעקטריק־קראַפט.

ווען איך בין געקומען קיין קליוולאַנד, האָב איך געהאַט דאָס גליק און די זכיה בייצווזיין ביי דעם אלעמען און אפילו צו פאָרן אויף דער ערשטער סטריט קאַר, ווען די שטאָט האָט זי איבערגענומען, און טאם ל. דזשאנסאָן האָט זי אליין פערזענלעך געפירט. דאָס איז געווען אַ דעמאָנסטראַציע פון גרויסן באַדייט. זיין לאָזונג איז געווען — 3 סענט פאַר אַ פאָר. ער האָט דערפאַר שטאַרק און עקשנותדיק גע־קעמפט און לסוף זיין ציל דערגרייכט. די שטאָט האָט איבערגענומען די סטריט־קאַר און דער עולם האָט טאַקע געצאָלט בלויז 3 סענט פאָרן פאָרן. אין דער וואַל-קאַמפּאַניע פון 1906 פאַר אַ מעיאָר האָט דער זעלבער ענערגישער מענטשן-פריינט טאם ל. דזשאַנסאָן אַרויסגעשטעלט אַ פאָדערונג צו באַשטימען 3 סענט פאַר אַ קילאָוואַט עלעקטרישער קראַפט אָנשטאָט צען, וואָס די קליוולאַנדער עלעק־טריט קאָמפּאַניע האָט גערעכענט. טאם ל. דשאנסאָן האָט זיך דאַן, מיט אָט־דער פאָדערונג, זיך אָנגעשטויסן אויף אַ שאַרפן ווידער־שטאַנד מצד די קאַפּיטאַליסטן וואָס האָבן זיך גענומען שרעקן פאַר אָט־דעם „משוגענעם אידעאַליסט־אוטאָפּיסט" ווי די בורזשואַזע פרעסע האָט אים גערופן. עס איז געווען אַ הייסער, העפטיקער קאַמף, וואָס האָט אָנגעהאַלטן גאַנץ לאַנג און אַרויסגערופן פיל שאַרפע קעגנער. פאַרשטייט זיך, אַז די אַרבעטער־מאַסן האָבן גע־האַלטן מיט טאם ל. דזשאנסאָן, וועלכער איז געוואָרן דער ליבלינג פונעם פאָלק און גלייכצייטיק איז ער געוואָרן אַלצמער פאַרהאַסט פון די קאַפּיטאַליסטן.

און ס'איז אינטערעסאַנט : ווען ער איז ווידער אויסגעקליבן געוואָרן אַלס מעיאָר פונעם שטאָט און די עלעקטריק קאָמפּאַניע האָט נישט געוואָלט איבערגעבן דער שטאָט אירע געשעפטן, האָט טאם ל. דזשאנסאָן אַליין, אויפן אייגענעם חשבון, אויפגעבויט אַן עלעקטרישער סטאַנציע, כדי צו געבן אַ מעגלעכקייט די איינ־

וואוינער צו באנוצן עלעקטריק פאַר 3 סענט אַ קילאָוואַט, וואָס האָט שטאַרק אויפגעבראַכט די עלעקטריע־קאָמפּאַניע.

אונטער זיין אדמיניסטראַציע איז טאַקע קליוולאַנד געוואָרן די פּראָגרעסיווסטע שטאָט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. סאָציאַליסטן זיינען געווען זיינע נאָענטע פריינט און מיטאַרבעטער. זייענדיק אַליין א תלמיד פון הענרי דזשאָרדזש און אַן אָנהענגער פון דער סינגל־טעקס אידייע, פלעגט ער אויפן פריינטלעכסטן אופן פירן דיסקוסיעס מיט די אָנגעזעענע סאָציאַליסטן אין שטאָט. ווען דאניעל דעליאָן, דער באַוואוסטער פירער פון דער סאָציאַליסטישער אַרבע־טער פּאַרטיי, איז אויפגעטראָטן מיט לעקציעס אין שטאָט, האָב איך געטראָפן טאם ל. דזשאנסאָנען צווישן דעם עולם. ער איז שטאַרק באַליבט געווען אין קליוולאַנד, און זיין השפּעה איז געווען זייער גרויס. ווען ראָבערט לאַפאָלעט איז „געלאָפן" אין 1924 פאַר אַ פּרעזידענט אויפן צעטל פון דער פּראָגרעסיווער פּאַרטיי, איז קליוולאַנד, נאָך מילוואָקי, געווען די שטאָט, וואו ער האָט געקראָגן אַ מערהייט שטימען. דאָס אַלץ איז געווען אין גייסט פון טאם ל. דזשאָנסאָן, און סוף־כל־סוף האָבן אפילו זיינע שונאים אים רעס־פּעקטירט און אַוועקגעשטעלט אַ מאָנומענט דעם אומפאַרגעסלעכן טאם אויפן קליוולענדער פּאָבליק סקווער.

# אַן „אָפּערייטאָר" ביי פאָרדן

דערווייל האָט דער עקאָנאָמישער קריזיס אַלץ ווייטער און שאַרפער אָנגעהאַלטן, און אַרומגייענדיק אָן אַרבעט, האָב איך זומער 1908 באַשלאָסן צו פּרואוון מיין מזל אין דעטראָיט. מען האָט מיר איבערגעגעבן אין קליוולאַנד, אַז פאָרדס פאַבריק נעמט אָן אַרבעטער.

אין דעטראָיט האָבן זיך דאַן געפונען איייניקע חברים פון אונזערע סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַלסיטן. מיט איינעם פון זיי, ח' יוסף כאַגי, בין איך געווען נאָענט באַפריינדעט. בין איך געקומען קיין דעטראָיט מיט דער האָפנונג צו קריגן אַרבעט ביי פאָרדן. אין איינער אַ דאָרטיקער צייטונג האָב איך אָנגעטראָפן אַן אַנאָנס, אַ מעלדונג, אַז אין דער פאָרד־פאַבריק פאַרלאַנגט מען אַרבעטער. בין איך אַוועק אַהין, זיך געשטעלט אין די לאַנגע רייען, וואו עס זיינען גע־שטאַנען נאָך טויזנטער מענטשן, וואָס האָבן געוואָלט קריגן אַרבעט. מיר האָבן געוואַרט און געוואַרט ביז ענדלעך איז פון איינעם אַן אָפּיס אַרויסגעקומען אַ מאַן, וועלכער האָט אָנגעהויבן אויסרופן די פאַרשיידענע פאַכן, וואָס פאַר זיי זיינען נויטיק געווען אַרבעט־הענט, ווי לייט-הענדס, סקרול־מאַשין־הענדס, פיילערס און אַזוי ווייטער, און די אַרבעטער, וואָס קאָנען די פאַכן, זאָלן אויפהייבן די הענט. דאַן רופט מען די־אָ מענטשן פון די רייען אין אַן אָפּיס, וואו מען האָט זיי אויסגעפרעגט פּרטים וועגן זייערע קענטשאַפטן אין פריער־דיקע ערטער, וואו זיי האָבן ביז אַהער געאַרבעט.

איך בין מיר געשטאַנען און אַלץ געוואַרט, מען זאָל אויסרופן עפּעס אַ פאַך, וואָס איז מיר באַקאַנט, כדי איך זאָל קאָנען אויפהויבן מיין האַנט.

איך האָב זיך ענדלעך דערוואַרט. איך הער, ווי מען רופט אויס: „אָפּערייטאָרס!" דאָס מיינט מען מיך, — טו איך אַ טראַכט, — איך האָב איך דאָך געניית אַרבל ביי מענער־שניידעריי אין ניו־יאָרק. בין איך דאָך אַן אָפּערייטאָר. האָב איך אַ הויב געטאָן מיין האַנט. דער מאַן, וואָס רופט אויס די פאַכן, שטייט אויף אַ בענקל, ער זאָל אַלעמען זען

און גוט באַטראַכטן. קוקט ער אויף מיר און לאָזט נישט אָפּ דעם בליק. מסתמא איז אים מיין אויסזען נישט שטאַרק געפעלן...

טוט ער מיך אַ פרעג, וואו כ'האָב געאַרבעט ביז איצט. ענטפער איך אים, אַז כ"האָב געאַרבעט אין ניו־יאָרק אויף קאַנאַל סטריט ביי ראָזענצווייגן. ווי נאָר ער האָט עס דערהערט, האָט ער זיך שטאַרק צעלאַכט און צוזאַמען מיט זיין האַפערדיקן געלעכטער, איז אויסגעבראָכן אַ געלעכטער פון דער גרויסער מאַסע אַרבעטער, וואָס זיינען געשטאַנען אין די רייען. אַ פאַרשעמטער און נישט פאַרשטייענדיק, פאַרוואָס מען לאַכט אַזוי פון מיר, האָב איך פאַרלאָזט די רייען און אוועק צו מיין חבר כאַגי און ביי אים זיך פאַנאַנדער־געפרעגט, וואָס אַזוינס איז געשען, וואָס מ'האָט מיך אַזוי אויסגעלאַכט. מיין גוטער חבר האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אַן אָפּערייטאָר ביי אויטאָמאָבילן איז גאָר עפּעס אַנדערש ווי אַן אָפּערייטאָר ביי שניידעריי. דאָס איז אַ מענטש, וואָס פאַרשטייט און קען גוט דעם גאַנצן אויטאָמאָביל און פּרובירט אים אויס, צי אַלע טיילן און טיילעכלעך אַרבעטן גוט.

הקיצור, זיך איבערצייגט, אַז איך קאָן נישט אַרבעטן ביי פאָרדן, בין איך אַוועק צו מיינע סיגאַרן, געקראָגן אַרבעט אין אַ סיגאַר־פאַבריק אין דעטראָיט, פאַר 15 סענט אַ שעה און פאַרדינט אויף מיין לעבנס־עקזיסטענץ. און ווייטער האָב איך זיך מיט ברען אַריינ־געוואָרפן אין דער ארבעט צו אָרגאַניזירן אַ סאָציאַליסטיש־טערי־טאָריאַליסטישע אָפּטיילונג אין דעטראָיט. אויף דעם געביט האָב איך שוין געהאַט מער דערפאַרונג און מיין טעטיקייט איז געווען דערפאָלגרייך.

מיר האָבן טאַקע פאַרמאָגט אין דעטראָיט אַ גאַנץ־פיינע אָרגאַני־זאַציע פון אינטעליגענטע בחורים און מיידלעך. מיר האָבן אָפּגע־האַלטן שיינע, געלונגענע מיטינגען, וואָס האָבן פאַרשאַפט פיל פרייד און באַגייסטערונג אונדזערע מיטגלידער. זונטיק פלעגן מיר אַרויס־פאָרן אין בעל איילאַנד פּאַרק, גערעדט, געשמועסט און געטרוימט וועגן דער צוקונפטיקער יידישער טעריטאָריע, וואָס אָט־אָט וועט ישראל זאַנגוויל, דער באַרימטער יידיש־ענגלישער שרייבער, דער אָנפירער פון דער טעריטאָריאַליסטישער אָרגאַניזאַציע, אָנזאָגן די גרויסע בשורה פון אַ לאַנד פאַרן יידישן פאָלק. און דאַן וועלן מיר,

די טרייע מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע, זיין צווישן די ערשטע פּיאָנערן צו בויען אונדזער צוקונפטיקע יידישע טעריטאָריע, אונדזער יידישן שטאַט.

אָבער ווי גוט און וואויל ס׳איז נישט געווען אין דעטראָיט, האָב איך שטאַרק געבענקט נאָך מיינע קליוולאַנדער חברים, וואָס איך האָב זיי איבערגעלאָזן. איך בין ענדלעך צוריק אַוועק אין מיין היימשטאָט קליוולאַנד, וואו איך האָב זיך פונדאָסניי אַריינגעוואָרפן אין דער פּאַרטיי־אַרבעט.

# דר. סירקין און דער פעדלער

דערווייל האָט דער ניו־יאָרקער צענטראַל־קאָמיטעט פון אונדזער פּאַרטיי, סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן (ס. ט.), באַשלאָסן צו רופן אַ קאָנווענשאָן און מ׳האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף קליוולאַנד, די שטאָט, וואו ס׳איז געווען די שטאַרקסטע ס. ט. ־ אָרגאַניזאַציע. אונדז, די קליוולאַנדער, האָט עס שטאַרק אימפּאָנירט. מיר האָבן זיך אַ נעם געטאָן צו מאַכן אַלע נויטיקע פּאַרבערייטערונגען פאַר דער קאָנווענשאָן, מיר האָבן אַלץ אַראַנזשירט אויף אַ וואָס־ברייטערן מאַסשטאַב, ווי עס פּאַסט פאַר אַזעלכע געהויבענע געסט, וואָס האָבן באַדאַרפט קומען און זיך באַטייליקן אין איר.

און עס זיינען טאַקע געקומען צו דער ס. ט. קאָנווענשאָן דעלעגאַטן פון פאַרשיידענע שטעט פון די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע. עס איז געקומען דער ניו־יאָרקער צענטראַל־קאָמיטעט און מיט זיך מיטגעבראַכט דר. נחמן סירקין, וועלכער איז אין 1903, געקומען קיין אַמעריקע און איבערגענומען די רעדאַקציע פון „דאָס פאָלק" (אָרגאַן פון די סאָציאַליסטן טעריטאָריאַליסטן).

די קאָנווענשאָן איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן מיט גרויס פייער־לעכקייט און האָט אַרויסגערופן גרויס אינטערעס און באַגייסטערונג ביי די באַטייליקטע דעלעגאַטן און געסט. מיר, די קליוולענדער

מיטגלידער, זיינען געווען ממש אין זיבעטן הימל, וואָס אונדז איז צוגעטיילט געוואָרן דער גרויסער כבוד צו זיין די הויפּט־מחותנים ביי דער קאָנווענשאָן.

דר. נ. סירקין איז דאַן אַרויסגעטראָטן מיט אַ גרויסן רעפעראַט וועגן דער נויטיקייט צונויפצורופן אַ יידישן קאָנגרעס, וואָס זאָל זיך שטעלן די אויפגאַבע צו פאַראייניקן דאָס גאַנצע יידישע פאָלק. זיין רעדע האָט אונדז אַלעמען שטאַרק באַגייסטערט, און מיר אַלע האָבן דאַן וועגן קיין שום אַנדער זאַך גאָר נישט געטראַכט, בלויז וועגן דעם פאָרשטייענדיקן יידישן קאָנגרעס, וואָס וועט צוציען און פאַראייניקן אַלע טיילן און ריכטונגען אינעם יידישן פאָלק פאַר דעם הייליקן צוועק — צו קאָנצענטרירן די יידישע עמיגראַציע פון די אייראָפּייאישע לענדער אויף דער צוקונפטיקער יידישער טעריטאָריע.

איך, ווי אַלע מיינע נאָענטע חברים, האָבן מיט באַזונדערן אינטערעס געלייענט אין יענער צייט דר. נחמן סירקינס באַרימטע שאַרפע אַרטיקלען אין אונדזער וואָכנבלאַט „דאָס פאָלק", וואָס איז דאַן דערשינען אין ניו־יאָרק: „ציוניסטן אין האָג אַריין" (אַ סאַטירע אויף די ציוניסטן) און „דער עם־הארץ פון דער יידישער גאַס' (אַ סאַטירע אויפן „בונד"). איך האָב די אַרטיקלען פיל מאָל געלייענט און זיי געקענט אויף אויסווייניק. איך האָב געשלונגען זיין יעדן וואָרט און בין געווען פון זיי באַגייסטערט.

און דאָ טרעפט מיר אַ ספּעציעלער גליק, וואָס איך האָב גע־קאָנט זיך דערנעענטערן און נאָענט באַפריינדן מיט דר. סירקין. די מעשה איז אַזוי געווען: ווען די דערפאָלגרייכע קאָנווענשאָן האָט זיך פאַרענדיקט, האָבן די דעלעגאַטן פון די אַנדערע שטעט גע־נומען זיך פאַנאַנדערפאָרן צוריק אַהיים. די ניו־יאָרקער גרויסע דעלעגאַציע האָט אָבער ניט געהאַט גענוג געלט אויף צוריקוועגס. באין ברירה האָבן מיר געמוזט אַרומגיין צונויפקלייבן געלט צו העלפן די ניו־יאָרקער דעלעגאַטן אויף הוצאות־הדרך, אַזוי ווי מיר האָבן נישט קיין געלט פאַר אַלעמען, איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דר. נ. סירקין זאָל פאַרבלייבן אין קליוולאַנד. ער זאָל דערוויל פאַר־ברענגען אין שטאָט, און אין די קומענדיקע פיר וואָכן זאָלן מיר פאַר־אים אַראַנזשירן לעקציעס אין קליוולאַנד. מיר זיינען געפאַלן אויף אַ המצאה צו מעלדן, אַז דר. סירקין וועט קומען ספּעציעל פון ניו־

יאָרק צו האַלטן ביי אונדז רעפּעראַטן, אויף אַזאַ אופן וועלן מיר האָבן געגנוג געלט סיי פאַר זיין צוריקפאָרן און סיי פאַר אים גופא, אין וועלכע ער האָט זיך דאַן געניטיקט.

איך האָב דאַן געוואוינט ביי מיינעם אַ חבר מילקאָץ, וואו איך האָב געהאַט פאַר זיך אַ צימער. האָבן מיר ארייננגעשטעלט אין צימער נאָך אַ בעטל אויף פאַר דר. סירקין. וואָס די פיר וואָכן האָבן באַדייט פאַר מיר — איז מיר שווער איבערצוגעבן. ס׳איז געווען אַ שטענדיקער יום טוב צו געפינען זיך מיט אים אינאיינעם אין איין צימער און שעפּן פולע הויפנס פון זיין וויסן און צוקוקן זיך צו זיין אידעאַליזם. ער האָט מיך אין יענע וואָכן אַוועקגעטראָגן אין אַן אַנדער, שענערער וועלט, וואָס איז ווייט פון דער אַרומיקער גרויער ווירקלעכקייט. מיין פאַנטאַזיע איז דאַן אַזוי מיטגעריסן געוואָרן פון דר. סירקין, אַז איך האָב אינגאַנצן פאַרגעסן אין די טאָג־נויטן, וואו מ׳קריגט אַרבעט, ווי מען באַצאָלט דירה־געלט א. אַז. וו. איך האָב געלעבט און געשוועבט מיט מיין צעהיצטער פאַנטאַזיע אין דער צוקונפטיקער יידישער טעריטאָריע, וואָס אָט־אָט קריגן מיר זי. אין די פיר וואָכן האָב איך יעדן טאָג געפירט דר. סירקינען אין אונדזער גרויסער שטאָטישער „פּאָבליק לייברערי״, וואו ער פלעגט אָפּזיצן גאַנצע טעג, אין די אָוונטן פלעגן מיר זיין צוזאַמען און פאַרברענגען און שמועסן.

אין יענער צייט איז אויסגעבראָכן אַ סטרייק ביי די שטאָטישע סטריט־קאַרס. צו גיין צופוס פון אונדזער צימער צו דער שטאָט־ביבליאָטעק איז געווען גאַנץ ווייט, האָבן מיר באַדאַרפט מאַכן די רייזע אויף וועגענער, וואָס האָבן געפירט די מענטשן איבער דער שטאָט. איין מאָל זיינען מיר מיט דר. סירקין געפאָרן אויף אַ וואָגן פון אַ יידישן פעדלער. דר. סירקין האָט זיך געזעצט פון פאָרנט צוזאַמען מיטן פעדלער, און איך האָב פאַרנומען אַן אָרט אין וואָגן גופא. דר. סירקין האָט זיך האַרציק פאַנאַנדערגערעדט מיטן פעדלער, זיך אויסגעפרעגט, ווי ער לעבט. ער האָט גענומען איינטענהען מיטן פעדלער און איינרעדן אים, אַז אין דער צוקונפטיקער יידישער טעריטאָריע וועט ער מער ניט דאַרפן פעדלען ווי דאָ, מיט אַלערליי שמאַטעס. דאָס איז — האָט אים דר. סירקין דערוויזן —

אַ גלות־פּרנסה, אין אַ יידישער טעריטאָריע אָבער וועט ער זיין אַ פּויער, וועט האָבן וואַלד און פעלד, קי און שאָף און לעבן ווי אַ מענטש.

איך האָב געקוקט אויפן פעדלער און אויף דר. סירקין און געזען, אַז קיין גרויסע אמונה האָט ער, דער פעדלער, נישט געהאַט אין דר. סירקינס רייד. נאָך דעם ווי ער האָט אויסגעהערט דר. סירקינס ווערטער האָט ער אים גאַנץ זאַכלעך געענטפערט:

— יאָ, מיסטער, אפשר וועט זיין אַמאָל ווי איר זאָגט און הלואי זאָלן אייערע ווערטער טאַקע מקוים ווערן, אָבער דערווייל, וואָס־ווען, באַדאַרף מען מאַכן אַ לעבן, מען דאַרף ארומפאָרן און ארומשלעפן זיך מיט פערד און וואָגן און זוכן פּרנסה, ווייל ס'איז, פעטער, אַמעריקע...

דר. סירקין האָט אויסגעהערט דעם פעדלערס ווערטער און זיך טיף פאַרטראַכט.

דערווייל זיינען אַדורכגעלאָפן די פיר וואָכן. אינצווישן האָט דר. נחמן סירקין געהאַלטן זיינע עפּענטלעכע לעקציעס. באַקומען אַביסל געלט און איז בשלום אַוועקגעפאָרן קיין ניו־יאָרק.

און איך בין געבליבן אין קליוולאַנד, זיך געפילט שטאַרק איינזאַם נאָך דר. סירקינס פאַרלאָזן מיין צימער. איך בין צוריק אַוועק זוכן אַרבעט, ווייל, ווי האָט דער ייד, דער פעדלער, געזאָגט:

— עס איז אמעריקע, און אין אמעריקע דאַרף מען מאַכן אַ לעבן!

און אין יענער שווערער קריזיס־צייט איז עס געווען גאָרנישט אַזוי פשוט און גרינג.

# אַ גענעראַל אַ דערלייזער

עס זיינען שוין לאַנג אַוועק די דערהויבענע יום־טוב־טעג פון דער „קאָנווענשאָן", וואָס אונדזער פּאַרטיי, די סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן (ס. ט.), האָט גערופן אין קליוולאַנד, עס איז אַוועקגעפאָרן דר. נחמן סירקין, וואָס די אַלע פיר וואָכן פון זיין פאַרברענגען מיט אונדז זיינען מיר געווען פאַרנומען מיט שמועסן און דיסקוסיעס וועגן יידישע און וועלט־פּראָבלעמען, און עס איז געווען אַ געפיל ביי אונדז און ביי מיר, ווי די גרויע אלטעגלעכקייט מיט אַלע אירע זאָרגן איז צוריקגעקומען און גענומען באַהערשן אונדזערע געמיטער. מיר זיינען ווי אויסגעניכטערט געוואָרן פון דער שיכרות, און ווידער האָט זיך אָנגעהויבן דער שווערער קאַמף „צו מאַכן א לעבן". אין דער זעלביקער צייט האָבן די געדאַנקען און טראַכטענישן וועגן אַן אויסוועג פון דעם שווערן מצב פונעם יידישן פאָלק און די שטרעבונג צו קריגן אַ טעריטאָריע פאַר די יידישע פאָלקס־מאַסן, פונדאָסניי גענומען עגבערן דעם מוח.

און איצט, ווען מען האָט זיך אויסגעשוכעט פונעם געטומל, וואָס די קאָנווענשאָן האָט מיט זיך געבראַכט, האָב איך אין דער שטיל, פאַר זיך אָנגעהויבן טראַכטן, אַז דער צונויפקום, די רעפעראַטן מיט די דעבאַטן, האָבן אין תוך ווייניק־וואָס ממשותדיקס געבראַכט. אַזוי פיל האָפנונגען האָב איך, ווי אַנדערע, געלייגט אויף דער קאָנווענשאָן, און אין אונדזער נאַאיווקייט האָבן מיר געמיינט, אַז זי וועט ברענגען די ישועה. אָבער צום סוף — מען האָט אַ סך גערעדט, זיך געהיצט, זיך געאַמפּערט וועגן דער אומנאָרמאַלער לאַגע פון יידן אויף דער וועלט, וועגן דער דרינגענדיקער נויטיקייט פון אַ טעריטאָריע, וואָס קאָן לייזן די אייביקע יידן־פראגע. דאָס איז גאַנץ פיין און ריכטיק. אָבער וואו איז די טעריטאָריע, אין וועלכער מיר נויטיקן זיך? ווער וועט אונדז זי געבן, און ווי־ארום מיר וועלן פאַרווירקלעכן אָט-דעם אידעאַל — דאָס איז, ליידער, נישט

פאַרענטפערט געוואָרן. זיינען מיר געבליבן ווי צעטומלטע. אָט־די פראַגן האָבן מיך און מיינע חברים געמאַטערט. מיר האָבן עס לכתחילה נישט אַרויסגעבראַכט אָפן פאַר אַלעמען, נאָר יעדער איינער פון אונדז האָט אין זיך געשטיקט די ספקות, די שווערע שטימונגען, און וואָס ווייטער — אַלץ פאַרצווייפלטער זיינען מיר געוואָרן. מיר האָבן דערוויַיל אָנגעהויבן באַקומען גרוסן, אַז אייניקע פון אונדזערע אָנגעזעענסטע חברים, ווי נחמן סירקין און ברוך צוקערמאַן, זאָגן אַרויס אַפּיקורסישע געדאַנקען און עס דערגייט שוין אפילו אזוי ווייט, אַז זיי האַלטן, דאָס מען דאַרף זיך פאַראייניקן מיט די פּועלי־ציון און אָננעמען דעם געדאַנק, אַז ארץ־ישראל איז די איינציקע געוואונטשענע טעריטאָריע און די פּאַסיקסטע פאַר די יידישע פאָלקסמאַסן.

די מערסטע קליוולענדער חברים און אויך איך זיינען נישט געווען צופרידן מיט אָט־דער שטעלונג און מיטן פאָרשלאַג פון די טוער, וואָס האָבן גערופן צו פאַראייניקונג מיט די פּועלי-ציון. מיר האָבן נאָך אַלץ געהאָפט און געוואַרט, אַז אָט־אָט און ישראל זאַנגוויל וועט דאָך עפּעס ארויסבאַקומען פון דער ענגלישער רעגירונג אַ פּלאַן וועגן אַ טעריטאָריע פאַר יידן. מיר האָבן נישט געוואָלט אויפגעבן אונדזער טרוים און האָפענונג צו קריגן אַן אייגן פריי לאַנד פאַר די נויט־באַדערפטיקע יידן.

אין יענער צייט זיינען אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק נייע חברים פון איראָפּע, וועלכע האָבן אריינגעבראַכט אַ ניי לעבן, נייע שטימונגען אין דער פּאַרטיי. איינער פון זיי, וואָס האָבן פאַרנומען אַ פּירנדיקע פּאָזיציע אין דער פּאַרטיי, איז געווען אַ. גלאַנץ, דער איצטיקער מיטאַרבעטער פון „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל" — אַ. גלאַנץ־לעיעלעס. ער איז דאַן געקומען פון לאָנדאָן, צוזאַמען מיט נאָך אייניקע חברים, און ער איז געווען פול מיט האָפנונגען און גלויבן אין ישראל זאַנגווילן און אין זיינע טרוימען צו פאַרווירקלעכן דעם טעריטאָריאַליסטישן אידעאַל. ער איז טאַקע אַרומגעפאָרן איבער די שטעט, וואו עס זיינען געווען סאָציאַליסטיש־טעריטאָריאַליסטישע פאַראיינען, געהאַלטן רעדעס און געשטאַרקט די האָפנונגען אויף אַ טעריטאָריע.

איך האָב שוין קיין צו־שטאַרקע אמונה אין דער פאַרווירקלעכונג

זונעם אידעאַל נישט געהאַט. אָבער דער ווילן האָט געשטאַרקט אין מיר דעם גלויבן און די האָפענונג, אונטער דעם איינפלוס פון א. גלאַנצ'ס זיכערע רייד און אונטער זיין פירערשאַפט, האָט אויף אַ שטיקל צייט ווידער אויפגעלעבט די ס. ט.־באַוועגונג. מיר האָבן ווידער געגומען גלויבן, אַז אַט־אָט קומט מען מיט אַ קאָנקרעטן פּלאַן פון אַ טעריטאָריע, און מען דאַרף זיך באַלד נעמען פּאַקן אין וועג אריין כדי צו רעאַליזירן אונדזער לאַנג־יאָריקן טרוים פון אַן אייגן לאַנד.

און אָט אַ נייע מערקווירדיקע געשיכטע, וואָס האָט אונדז אלעמען אויפגעטרייסלט און אויפגערודערט, — אַ געשיכטע, וואָס קלינגט ממש ווי אַ פאַנטאַסטישע מעשה.

ווינטער 1910, אָדער 1911, באַקומען מיר פּלוצים אַ דרינגנדיקן בריוו פון א. גלאַנצן אין נאָמען פון אונדזער צענטראַל־קאָמיטעט, אַז די פירנדיקע חברים-טוער פון קלווילאַנד זאָלן זיך צונויפקומען אין איינעם אַ באַשטימטן אָוונט, צו וועלכן ער, גלאַנץ, וועט קומען און רעדן צו אונדז וועגן אַ גאָר וויכטיקן ענין. מיט דער גרעסטער שפּאַנונג האָבן מיר ארויסגעקוקט אויף גלאַנצס קומען און געווען נייגעריק צו וויסן, וואָס אַזוינס ער ברענגט אונדז. מיר האָבן זיך קוים דערוואַרט. ער איז טאַקע געקומען און אונדז איבערגעגעבן אַ גרויסן און וויכטיקן סוד, וואָס מיר דאַרפן דערווייל נישט רעדן וועגן אים עפנטלעך.

די מעשה פון דער געשיכטע איז אַזאַ: אין דעם ניו־יאָרקער אָפיס פון צענטראַל־קאָמעטעט איז געקומען איינער אַ מאַן און מיט באַווייזן, וואָס ער האָט זיי צוגעשטעלט, האָט ער זיי דערציילט, אַז ער איז געווען אַ גענעראַל אין דער איטאַליענישער אַרמיי. ער האָט פריער נישט געאַנט, אַז ער איז אַ ייד, אָבער דורך אַ צופאַל האָט ער זיך דערוואוסט וועגן זיין אָנגעהעריקייט צו יידן. ער האָט זיך דעריבער פאַראינטערעסירט מיטן יידישן פאָלק, מיט זיין געשיכטע און זיין שווערן גורל אין דער וועלט און ער איז געקומען צום באַשלוס, אַז אַ טעריטאָריע, אַ לאַנד פאַר יידן, איז דער איינציקער אויסוועג פון די אַלע צרות, וואָס יידן האָבן, און זייענדיק גאָר נאָענט צום איטאַליענישן קעניג, האָט ער ביי אים אויסגעפועלט אַ טשאַרטער פאַר אַ טעריטאָריע אין אַפריקע. אַזוי ווי עס

עס איז אָבער דערווייל אַ ווילד לאַנד, באַדאַרף מען אָרגאַניזירן און אויפקלייבן די ערשטע פּאָר טויזנט יונגע לייט, מיליטעריש־פּיזיקע, וואָס זאָלן קומען אהין ווי די ערשטע קאָלאָניסטן. אַט דער איטאַליענישער ייד, דער געוועזענער גענעראַל, האָט געזוכט צווישן די יידן אַזאַ אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל זיין בכח אים צושטעלן דעם נויטיקן און פּאַסיקן מענטשן־מאַטעריאַל, און דעריבער איז ער גע־קומען צו די סאָציאַליסטן-טעריטאָריאַליסטן אין אמעריקע מיט דער האָפענונג און זיכערקייט, אַז זיי קאָנען אים צושטעלן דעם נויטיקן אַוואַנגאַרד, די ערשטע פּאָר טויזנט פּיאָנערן פאַר דער יידישער קאָלאָניאַלער אַרמיי.

נאָך דעם ווי א. גלאַנץ האָט אונדז איבערגעגעבן בסוד־סודות דעם גענויעם באַריכט מיט דעם קאָנקרעטן פּלאַן, האָט ער פון אונדז פאַרלאַנגט, מיר זאָלן דערווייל אָנהויבן זיך אָרגאַניזירן און וואַרטן אויף ווייטערדיקע, מער גענויע אינסטרוקציעס. ער איז צוריק אַוועק קיין ניו־יאָרק, און מיר, אין קליוולאַנד, האָבן גענומען וואַרטן אויף די פּלענער און אויף די אָנווייזונגען ווי ווייטער צו האַנדלען. מיר האָבן אָבער געוואַרט און געוואַרט און צו קיין נייע ידיעות זיך נישט דערוואַרט.

און נאָך אַ טעריטאָריע פאַר יידן, וואָס אַט־אַט איז זי שוין געווען אין אונדזערע הענט, איז פאַרלוירן געגאַנגען אויף אייביקע אייביקייטן. א. גלאַנץ האָט מער קיינמאָל נישט גערעדט וועגן דעם גראַנדיעזן פּלאַן, וואָס ער האָט מיט אַזאַ ברען פאַר אונדז פירגעבראַכט און פאַרגעלייגט.

מיר זיינען אַלע ארומגעגאַנגען ווי צעמישטע, ווי אין אַן עולם־התוהו. די שטימונג ביי מיר און ביי די איבעריקע חברים איז געווען אַ געדריקטע, אַ שווערע. מיר האָבן זיך געפילט ווי אָפּגענאַרטע. מיר האָבן אַלץ געטראַכט וועגן דער טעריטאָריע, וואָס באַדאַרף לייזן אונדזערע אַלע שווערע גלות־פּראָבלעמען און איינגעזען, אַז פון רעדן, טרוימען ביז אַן אמתן קאָנקרעטן פּלאַן איז גאַנץ ווייט.

און אַט אין יענער צייט האָט זיך באַוויזן דער אומפאַרגעסלעכער און אומשטערבלעכער דר. חיים זשיטלאָווסקי מיט זיין באַרימטן אַרטיקל אין זיין חודש־שריפט „דאָס נייע לעבן" — „טעריטאָריאַליזם

אויף באָרג אָדער במזומן", וואו ער האָט אויף זיין וואונדערלעכן אופן און שטייגער געגעבן אונדז צו פאַרשטיין, אַז פאַרשטאַרקן אונדזער נאַציאָנאַלע קולטור, פאַרשטאַרקן דעם נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין ביי די יידישע מאַסן דורך קאָנקרעטער קולטור-שאַפערישער אַרבעט, ווי גרינדן פאָלקס־שולן, הויבן דעם קולטור־ניוואָ ביים יידישן מענטש — דאָס איז טעריטאָריאַליזם במזומן; אַז ווען מיר וועלן פאַרשטאַרקן אונדזערע נאַציאָנאַלע פּאָזיציעס, באַרייכערן אונדזער שפּראַך, אונדזער קולטור אין די אַלע לענדער, וואו מיר וואוינען, וואו מיר לעבן, — דאָס איז טעריטאָריאַליזם במזומן אַ געזונט, לעבעדיק, שאַפעריש יידיש פאָלק פון היינט וועט אין דער צוקונפט קאָנען פאַרווירקלעכן, רעאַליזירן דעם טעריטאָריאַליזם אויף באָרג. און דר. זשיטלאָווסקי האָט אָנגעוואָרפן אַ פּלאַן פון קולטור־טעטיקייט און אריינגעוואָרפן אַ נייעם לאָזונג פון ברייטער יידישער קולטור־אַרבעט, און אין דער ערשטער ריי — גערופן צו גרינדן יידיש־וועלטלעכע שולן.

אלץ איז גוט, אָבער איך אַליין בין דערוויל כסדר געוואָרפן געוואָרן פון הויכע טרוימען צו גרויער ווירקלעכקייט. פאַרנומען מיט פראַגן און פּראָבלעמען, ווי צו פאַרבעסערן דאָס לעבן פונעם כלל, בין איך אַליין געווען אויף געהאַקטע צרות. מיין עקאָנאָמישע לאַגע איז אַלץ געווען זייער אַ טרויעריקע. זייענדיק אַ ציגאַרן־אַרבעטער, און מסתמא נישט קיין וואַזשנער באַלמעלאָכע — האָב איך זייער אָפּט געהאַלטן אין זוכן אַרבעט, און ווען איך האָב שוין יאָ געקראָגן אַ „דזשאַב", האָב איך אים לאַנג נישט געקאָנט אָנהאַלטן.

און דאָ קומט מיר אָן אַ ידיעה פון מיינע קאָזינס אין מילוואָקי, אַז פון דאָרטן זיינען אַוועקגעפאָרן צוויי יידן קיין נאָרט דאַקאָטאַ, וואו זיי נעמען ערד, באַדן, פון דער רעגירונג, וואָס גיט אַ 180 אַקער לאַנד פאַר אַ האָמסטעד. עס פאָדערט זיך בלויז אָפּצוזיצן אויפן לאַנד צוועלף חדשים, און דאַן גייט דער באָדן אַריבער אין די אייגנטום.

אין יענער צייט איז איינער אַ געוויסער בראַון ארויסגעקומען מיט אַ פּלאַן צו גרינדן אַ יידישע קאָלאָניע אין יוטאָ, ארום סאָלט לעיק סיטי.

ביידע אָט-די פּלענער, וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט ערד,

מיט לאַנד, האָבן, פאַרשטייט זיך, שטאַרק אַפּעלירט צו מיר. אָבער נישט האָבנדיק קיין געלט האָב איך זיך נישט געקאָנט אָנשליסן אָן דעם יוטאַ־פּלאַן, ווייל פון יעדן מיטגליד האָט מען פאַרלאַנגט אַן אָפּצאָל פון פיר הונדערט דאָלאַר. אין יענער צייט איז עס געווען בכלל און אויך פאַר מיר אַ פאַנטאַסטישע סומע. באַין ברירה האָב איך באַשלאָסן ווידער צו פאַרלאָזן קליוולאַנד און פּרובירן זיך איינ־אָרדענען ערגעץ־וואו אַנדערש, לויטן אַלטן כלל: „משנה מקום, משנה מזל!"

בין איך אַוועק ווידעראַמאָל קיין מילוואָקי, וואו איך האָב גע־האָפט גיכער זיך קאָנען דערשלאָגן צו דעם פּלאַן פון ערד־אַרבעט, וועלכער האָט מיך נישט אָפּגעלאָזן.

אין מילוואָקי האָט מיר דאָס מאָל אָפּגעגליקט. אנשטאט גיין זיך באַזעצן אין נאָרט דאַקאָטאַ אויף אַ האָמסטעד, האָב איך געקראָגן אַ „דזשאָב" ביי אַן אייגענעם מענטשן, אַ יידישן קולטור־טוער, וואָס איז געווען אַ סיגאַר־„מאַנופעקטשורער" און געהאַט אַ קליין פאַבריקל. אויף דעם „דזשאָב" האָב איך גאַנץ פיין פאַרדינט. איך האָב דאָרטן געאַרבעט אַ ניין חדשים, אָפּגעשפּאָרט אַ פאַר הונדערט דאָלאַר. אָבער די בענקעניש נאָך קליוולאַנד האָט מיך אַזוי גע־מאַטערט, אַז איך האָב פאַרלאָזט אַלע פּלענער, מיט די אַלע גליקן און בין ווידער אַוועק קיין קליוולאַנד, וואָס איז מיר אַלץ נעענטער און אייגענער געוואָרן.

איך האָב באַשלאָסן איין מאָל פאַר אַלעמאָל אויפגעבן דעם סיגאַרן־פאַך, פון וועלכן איך האָב קיין גרויס נחת נישט געהאַט, און איך האָב זיך גענומען צו אַ נייער מלאכה, צו עלעקטריע־אַרבעט, און אָנגעהויבן אין אַ גליקלעכער שעה, אַ באַנייט לעבן.

# איך ווער אַ קאָנטראַקטאָר

אין יאָר 1911 איז ביי מיר רייף געוואָרן דער באַשלוס אויפ־צוגעבן מיין אַרבעט אַלס ציגאַרן־מאַכער און זוכן אַ מלאָכה, וואָס זאָל מיר געבן אַ בעסערע מערכה אין לעבן, דאָס הייסט אַ פאַך, ביי וועלכן מען זאָל קאָנען פאַרדינען.

עס איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז דאָס פאַרבלייבן ביי דער פראָ־פעסיע פון מאַכן ציגאַרן, איז קיין תכלית ניט. קיין אויסגעצייכנטער באַלמעלאָכע בין איך ניט געווען. איך בין געווען דאָס וואָס מען רופט אַ „סאָר־הענד״ אין „שאָפּ״. דערצו איז נאָך דער ציגאַרן־פאַך געווען פון יענע מלאכות, וואָס זיינען אָפּהענגיק פון סעזאָן, די ציגאַרן־אינדוסטריע האָט געהאַט גוטע און שלעכטע צייטן. איז געווען אַ גוטע צייט און מען איז געווען באַשעפטיקט איז מען נאָך ווי עס איז אויסגעקומען, האָט זיך אָבער געשטעלט דער סעזאָן פון „סלעק״, אַ שלעכטער סעזאָן, ווען ס׳האָט אויסגעפעלט אַרבעט, בין איך, דער ניט־געניטער באַלעמעלאָכע געווען דער ערשטער, וועמען מ׳האָט משלח געווען, און דאַן פלעגט זיך די אַלטע פראַגע פון „ואם תאמר מה נאכל״ — וואו נעמט מען פרנסה, אַוועקשטעלן פאַר מיר מיט דער גאַנצער שאַרפקייט.

אויב ניט אַרבעטן ביי מאַכן ציגאַרן, צו וואָס דען אַנדערש נעמט מען זיך?

אין יענעם יאָר בין איך געהאַט געקומען צוריק פון מילאָווקי מיט אַן אָפּגעשפּאָרטן קאַפּיטאַל פון גאַנצע צוויי הונדערט דאָלאַר. איך האָב זיך באַזעצט ביי מיין שוועסטער, וואָס האָט דערווייל חתונה געהאַט מיט א יונגנמאַן, וועלכער האָט פאַרענדיקט אין רוסלאַנד אַלס אַן עלעקטראָ־טעכניקער. אַלץ וואָס אים האָט אויסגעפעלט איז געווען אַרבעט ביים אויסשטודירטן פאַך. ווען איך האָב זיך דערוואוסט וועגן פאַך פון מיין שוואָגער, איז מיר טאַקע באַלד איינ־געפאַלן, אַז מיר ביידע, איך און דער שוואָגער שטייען איצט פאַר גאָלדענע געלעגנהייטן. אין מוח ביי מיר האָבן זיך אָנגעהויבן וועבן

פּלענער, וועגן ווערן אַ „ביזנעסמאַן״, אַן אונטערנעמער, אָדער ווי דאָס הייסט אויפן אַמעריקאַנער לשון, אַ „קאָנטראַקטאָר״.

אמת, — האָב איך זיך אַליין געזאָגט, — די מלאכת העלעקטרי הייב איך ניט אָן צו קענען, וויבאַלד אָבער מיין שוואָגער קאָן יאָ די מלאכה, קאָנען מיר דאָך ביידע צוזאַמענשטעלן אַן עלעקטרישע פירמע, עפּענען אַ געשעפט און אָננעמען קאָנטראַקטן פאַר אַריינציען עלעקטרישע קראַפט אין די נייע קליוולאַנדער הייזער. איי? איך הייב ניט אָן צו וויסן וועגן עלעקטריע? — „מיטן עסן קומט דער אַפּעטיט״ — און אין דעם קאָנטראַקטאָר־געשעפט וועל איך שוין ווי עס איז זיך אויך אויסלערנען די מלאכה.

אומר ועושה, געטראַכט און געטאָן. הכלל, איך בין געוואָרן אַ קאָנטראַקטאָר, גרייט אָנצונעמען באַשטעלונגען פאַר אריינפירן עלעקטריש ליכט און קראַפט אין די נייע הייזער פון קליוולאַנד. קיין ענטוזיאַזם און ענערגיע פאַר דער מלאָכה, קיין איניציאַטיוו אָדער אונטערנעמערישן גייסט האָט טאַקע ניט אויסגעפעלט, און דאָך איז עס פון אָנהויב־אָן געווען ווי עס זאָגט זיך אין יענעם פאָלקס־משל: „פון אומר ביז עושה — שנייען, רעגנס און בלאָטעס גרויסע...״ אַרבעט איז אין יענער צייט געווען איין זאַך און פאַרדינען פון דער אַרבעט — גאָר עפּעס אַנדערש...

ווערנדיק אַ קאָנטראַקטאָר און אַ שטיקל מחותן מיט דער בוי־אינדוסטריע, האָב איך קודם־כל געהאַט די געלעגנהייט צו באַקומען אַ שטיקל באַגריף וועגן דער אַנאַרכיע פון קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם, וועגן דער הפקרות און קאָרופּציע פון אַן אָרדנונג מיט איר אויפ־געבלאָזענער „פּראָספּעריטי״, אירע אָפטע ציקלישע און פּעריאָדישע קריזיסן מיט די אַלע באַגלייט־דערשיינונגען, פאָלגן און נאָכפאָלגן, גליקן און אומגליקן, ווייען און נאָכווייענישן.

עס איז דעמאָלט געווען אַ רעשיקער אויפבלי און אַ שטאַרקער „בום״ אין דער בוי־אינדוסטריע. יידן האָבן אָנגעהויבן פאַרנעמען אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דעם הייזער־בוי.

דער גאַנצער סיסטעם פון דעם שוואונג אינעם הייזער־בוי איז אָבער געווען אַזאַ, וואָס האָט אַרויסגעהויבן די ספּעקולאַנטן, באַנק־קראַטירער, שאַכער־מאַכער, און סתם מנחם־מענדלס וואָס האָבן זיך געמערט און געפּרוכפּערט, געוואַקסן ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן

אויף דעם זומפּיקן באָדן פון האַנדל־וואַנדל און ספּעקולאַציע; די סיבה פון דעם איז, ווי שוין געזאָגט, געלעגן אין דער אַנאַרכיע פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג. עס האָבן זיך געפונען ספּעציעלע בענק, וואָס האָבן זיך געלאָזט „אָפּקויפן", דורך נעמען כאַבאַר פון יעדן „ריעל־עסטייטניק" און הייזער־ספּעקולאַנט, און די דאָזיקע בענק האָבן עס אויסגעטיילט „מאָרטגעדזשעס" אויף רעכטס און אויף לינקס.

מענטשן, וואָס האָבן באַקומען געלט אין באַנק און נאָכדעם ניט געקענט פּאַרקויפן די אויפגעבויטע הייזער פאַר אַזאַ ריווח, פּראָפיט, וואָס זיי האָט זיך געוואָלט, האָבן, פאַרשטייט זיך ,איבער־געלאָזן די הייזער דעם אמתן באַלעבאָס — דער באַנק, און די באַנק האָט ווידער איבערגעגעבן די הייזער אירע מענטשן, וועלכע האָבן אָפּגעווישט די חובות.

זיינען טאַקע די געשעפטן מיט הייזער אַנגעגאַנגען אויף אַ מנחם־מענדלשן אופן, דורך וועקסלען און חובות, וואָס זיינען גע־שטיגן ביזן הימל. אַזאַ מין סיסטעם האָט געמוזט דערפירן צו אַנ־זעצונגען און באַנקראָטן, וואָס זיינען געווען אַ טעגלעכע דער־שיינונג. דאָס איז געווען אַ גינסטיקע אַטמאָספערע פאַר סוחרים און באַנקראָטניקעס.

יעדער איינער, וואָס האָט ניט געהאַט קיין גרויס חשק צו אַרבעטן און געזוכט לייכטע פאַרדינסטלעך און בכלל געוואָלט שנעל רייך ווערן, איז געוואָרן אַ בויער פון הייזער. פאַרשטייט זיך, אַז אַן אָרענטלעכן אַרבעטער און קליינעם געשעפטסמאַן איז שווער געווען צו עקזיסטירן אין אַזאַ אַטמאָספערע.

און אין יענער צייט איז מיר באַשערט געווען צו ווערן אַ קאָנטראַקטאָר, וואָס שטעלט צו עלעקטרישע מכשירים צו דער אינדוסטריע פון הייזער־בוי. קיין גרויס פאַרגעניגן האָב איך פון מיינע געשעפטן ניט געהאַט. שפּעטער וועט מיר נאָך אויסקומען צו דערציילן געוויסע אינצידענטן, געשעענישן און עפּיזאָדן, וואָס האָבן זיך פאַרלאָפן אין מיין לעבן אין פאַרבינדונג מיט די געשעפטן; געשעענישן, וואָס האָבן מיר, אַזוי צו זאָגן, געגעבן אַ לעקציע אין דעם קאַפּיטל סאָציאָלאָגיע, וואָס הייסט „אַמעריקאַנער ביזנעס".

דאָ וויל איך בלויז אונטערשטרייכן, אַז די „פּראָספּעריטע", דער

„בום" אין דער בוי־אינדוסטריע האָט געהאָלפן דעם וואוקס פון טרעיד־יוניאָניזם, דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט אויף דער יידישער גאַס. עס איז דעמאָלט אויפגעוואַקסן אַ „יוניאָן" (פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין) פון יידישע בוי־אַרבעטער, יידן זיינען געוואָרן סטאָליער, פּלאָמבירער, פּיינטערס (פאַרבער) און עלעקטראָ־מעכאַניקער.

# קאַסירער פון דער רעוואָלוציע

אין קליוולאַנד בין איך ווידער אריינגעצויגן געוואָרן אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, דאָס מאָל — אַרום די יידיש־וועלטלעכע פאָלקס־שולן, וואָס האָבן אונדז אַלעמען שטאַרק אימפּאָנירט און געגעבן פיל באַפרידיקונג.

איך האָב אויך אינצווישן חתונה געהאַט און געוואָרן אַ באַלעבאָס. ווי אַ סך יונגע לייט פון יענער צייט, האָב איך אַלץ געלעבט צווישן טרוים אוןווירקלעכקייט. יידישע פּראַגן, יידישע קולטור־פּראָבלעמען האָבן אונדז שטענדיק פאַרנומען און פאַרכאַפּט, און זיי זיינען געווען אַ טייל פון אונדזער לעבן.

די פראַגע וועגן פאַראייניקן זיך מיט די פּועלי־ציון איז געוואָרן אַלץ אַקטועלער. דר. ה. זשיטלאָווסקי איז געווען פאַר דער פאַראייניקונג. און דר. זשיטלאָווסקיס וואָרט, סיי דאָס גערעדטע און סיי דאָס געשריבענע, איז געווען ביי מיר הייליק. איך האָב אים אָנערקענט ווי אַ לערער און וועגווייזער.

מיר זיינען דאַן געוואָרן פּועלי־ציון, און די אַרבעט פאַר דער יידישער קולטור איז געוואָרן אונדזער הויפּט־אויפגאַבע, מיט ארץ־ישראל ווי דער ענדציל.

און דערווייל רוקט זיך די צייט און יאָרן גייען. עס קומט דאָס יאָר 1914, עס ברעכט אויס דער וועלט־קריג (איצט הייסט ער — דער ערשטער וועלט־קריג!) מיר וואַרפן זיך אַריין אין דער אַרבעט

פון פאָלקס־הילף („פּיפּלס רעליעף“). איך בין דער „טרעזשורער“ (קאַסירער) פון דער קלעווולאַנדער הילפס־אָרגאַניזאַציע. אונדזער יידישע יוגנט רופט זיך אָפּ מיט גרויס איבערגעבנקייט. מיר אָרגאַניזירן צוויי הונדערט קאָמיטעטן. אַ קאָמיטעט פאַר יעדער גאַס. מיר באַזוכן יעדעס יידיש הויז, און די יידישע מאַסן גיבן גערן פון פינף ביז פופציק סענט אַ וואָך. די הילפס־אַרבעט צעוואַקסט זיך אַלצמער. איך ווער פאַרוואַנדלט אין אַ פּשוטן סאָלדאַט. פאַרשיידענע באַלעבאַטישע עלעמענטן טרעטן צו צו די הילף־טעטיקייטן.

און דאָס יידישע קליוולאַנד ווערט אַלץ נאַציאָנאַל־באַוואוסטזיניקער. עס וואַקסן אויס יידיש־נאַציאָנאַלע קולטור־אינסטיטוציעס. מיר פאַרמאָגן שוין צוויי קינדער־שולן, עס קומט אויף אין קליוולאַנד אַ יידיש טעאַטער און עס גרינדעט זיך אַ טעגלעכע יידישע צייטונג, עס ווערן אָרגאַניזירט און עס ווערן געהאַלטן יידישע לעקציעס אויף קולטור־געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַרישע טעמעס. און עס זעט אויס, אַז אונדזער טייערער דר. חיים זשיטלאָווסקי איז געווען גערעכט, ווען ער האָט געזאָגט, אַז מיר דאַרפן האָבן יידישן טעריטאָריאַליזם במזומן און מיר האָבן טאַקע באַקומען מזומנים, אַ יידישן קליוולאַנד.

אין די יאָרן 1916־1917 אויסער דער גרויסער און פאַרצווייגטער לאָקאַלער קולטור אַרבעט, וואָס האָט אונדז באַשעפטיקט, זיינען פאָרגעקומען אין דער יידישער וועלט גרויסע, וויכטיקע געשעענישן, וואָס האָבן זיך אויך אָפּגערופן אין אונדזער קליוולאַנד און אויף יעדן איינעם פון אונדז.

עס איז געקומען די באַרימטע באַלפור־דעקלעראַציע. עס איז אויפגעקומען די אידייע פון אַ יידישן קאָנגרעס אין אַמעריקע. מיר האָבן זיך מיט לייב און לעבן אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט לטובת דעם יידישן קאָנגרעס. יענע יאָרן זיינען געווען די שטורעמדיקסטע יאָרן אין מיין לעבן. איך בין געווען פאַרכאַפּט פון די אַלע קולטור־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן מיט מיין גאַנצן וועזן. דאָס איז געווען דער הויפּט־אינהאַלט ביי מיר, און „מאַכן אַ לעבן“ פאַר זיך איז געווען אַ ביי־זאַך. אַלץ, די גאַנצע ענערגיע איז אַוועק לטובת הכלל.

און דערווייל יאָגט איין געשעעניש די צווייטע. עס ברעכט

אויס די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. דער צאַר ניקאָלאַי ווערט אַראָפּ־געזעצט פון זיין טראָן. מען רופט אַ גרינדונגס־פאַרזאַמלונג אין צאַרישן רוסלאַנד. די שמחה ביי אונדז איז אין לשער. מיר האָבן אַראַנזשירט פאַרזאַמלונגען צו באַגריסן און צו פייערן די רוסישע רעוואָלוציע.

צווישן מיינע חברים און פריינט האָט מען גענומען רעדן וועגן צוריקפאָרן קיין רוסלאַנד, וואו מ'וועט זיך אַריינוואַרפן אין דער אַרבעט מיטצובויען דאָס נייע פרייע רוסלאַנד.

איינער פון מיינע גאָר־נאָענטע פריינט, וואָס איז געווען דער פירער פון דער אָרגאַניזאַציע פון רוסישע רעוואָלוציאָנערן אין קליוולאַנד האָט ער זיך פאַרנומען מיט הייזער־בוי. ער פלעגט אַלעמאָל נעמען ביי מיר אַ גמילת־חסד, איז דאָס מאָל געקומען צו מיר אַ שיינענדיקער מיט די ווערטער: „איך קאָן דיר איצט געבן אַ גרויסע הלוואה, איך קום ערשט פון וואַשינגטאָן, וואו איך בין געווען אַ דעלעגאַט פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערן. איך האָב געקראָגן פון אַמבאַסאַדאָר באַכטעטיעוו פערציק טויזנט דאָלאַר מיטן צוועק צו געבן אויף הוצאות יעדן איינעם פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערן, וואָס ווילן פאָרן צוריק קיין רוסלאַנד. און אַזוי ווי עס איז אַ לאַנגע פּראָצעדור, נישט יעדער קאָן גלייך פאָרן, טאָ נאַדיר דאָס געלט, און דו וועסט מיר אויסצאָלן צוביסלעך, ווען און וויפיל מיר וועלן באַדאַרפן".

און אָט־אַזוי, גאָר אומגעריכט, בין איך פאַר אַ קורצער צייט געוואָרן אַ נגיד, אויפן חשבון פון דער רוסישער רעוואָלוציע. דאָס געלט האָט מען טאַקע צוביסלעך צוריקגענומען, ביז ס'איז געקומען די אָקטאָבער רעוואָלוציע. דאַן האָט זיך געיאָוועט צו מיר מיין פריינט און איך האָב אים צוריק אָפּגעגעבן דעם גאַנצן באַלאַנס, אַרום זיבעצן טויזנט דאָלאַר.

# די שתדלנות פון אַ רעדאַקטאָר

אין יאָר 1914, ווען עס איז אויסגעבראָכן דער ערשטער וועלט־קריג און די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן פאַנאַנדערפלאַקערן אויף די שלאַכטפעלדער פון מערב און מזרח־אייראָפּע, האָט דאָ אין אַמעריקע אויפגעפלאַמט אַן אינפלאַציע. עס איז געוואָרן אַ יקרות אויף די מערסטע געברויך־אַרטיקלען און באַזונדערס זיינען גע־שטיגן די פרייזן אויף הייזער. דער „בום" פון הייזער־בוי איז גע־וואַקסן ווי אויף הייוון. דעמאָלט האָבן זיך יידישע אַרבעטער אָנ־געהויבן, אַזוי צו זאָגן, דע־פּראָלעטאַריזירן. שניידער האָבן פאַרלאָזן שער און אייזן און די ניי־מאַשינען, פעדלער האָבן פאַרקויפט פערד־און־וואָגן, און אַלע האָבן זיך גענומען צום בויען. די בוי־אַרבעט איז געשטיגן. ווער ס'האָט נאָר געהאַט גאָט אין האַרצן און אַ פּאָר דאָלאַר אין קעשענע האָט געבויט...

די שוידערלעכע גרויזאַמקייטן פון דער מלחמה אויף יענער זייט ים האָבן געווירקט צו וועקן די געפילן פון פאָלקס־סאָלידאַריטעט און בכלל געשטאַרקט דעם נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין, אחריות פון דער יידישער קליוולאַנד. די נאַציאָנאַל־געזעלשאַפטלעכע אחריות האָט קודם־כל געפונען אַן אויסדרוק אין דער זאָרג פאַר די מלחמה־געליטענע מעבר לים.

אונדזער יידישער דור — אין עלטער פון 28־30 יאָר — האָט זיך אַריינגעוואָרפן מיט לייב־און־לעבן אין דער דאָזיקער הילפס־אַרבעט. עס איז אונדז געלונגען צו אָרגאַניזירן אַרום צוויי הונדערט יונגע מענער און פרויען, וואָס האָבן זיך איינגעטיילט אין פּאָרלעך — מערסטנס מאַן און פרוי — און זיי האָבן זיך געלאָזט איבער די יידישע קוואַרטאַלן און געגענטן פון קליוולאַנד, און באַזוכט יידישע הייזער, געמאָנט הילף פאַר די מלחמה־געליטענע.

דירעקט און אומדירעקט האָט די דאָזיקע הילפס־אַקציע גע־בראַכט אַ מין געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע דערוואַכונג צווישן

די יידן פון אונדזער שטאָט. יידישע לאַנדסלייט־פּאַראיינען און סאָ־סייעטיס, וואָס האָבן ביז דאַן געדרימלט און זיך בלויז אָפּגעגעבן מיט קרקע (בית־עולם ערד, „סעמעטערי״) און בענעפיטן, ווי אויך די „טרעיד יוניאָנס״ — די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון קליוולאַנד, האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער הילפס־אַקציע פאַר די מלחמה־געליטענע. מען האָט איינגעאָרדנט באַזאַרן און פאַרשיידענע אונטערנעמונגען צו שאַפן די פאָנדן, און דאָס האָט געהאָלפן ענדערן דעם געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער און קולטורעלן פּנים פון דער יידישער קליוולאַנד.

אַ באַזונדער ענטוזיאַזם און נאַציאָנאַלע התלהבות האָט דעמאָלט אַרויסגערופן די ידיעה, אַז עס האַלט ביים אָרגאַניזירן זיך אַ יידישער לעגיאָן, ארויסצוהעלפן ענגלאַנד צו דעראָבערן פּאַלעסטינע פונעם טערק. ביי דער קליוולאַנדער יידישער יוגנט האָט די נייעס וועגן דער עטאַבלירונג פון יידישן לעגיאָן אַרויסגערופן כוואַליעס באַגייסטערונג. אַזוי אַז ווען אַן ענגלישער אָפיציר איז אָראָפּגעקומען אין שטאָט פאַרן צוועק צו רעקרוטירן וואָלונטירן פארן לעגיאָן, האָבן זיך פופצן בחורים פון אונדזערע רייען גלייך אויפן אָרט פאַרשריבן ווי וואָלונטירן פאַרן יידישן לעגיאָן.

קליוולאַנד האָט דעמאָלט פאַרמאָגט אַ טעגלעכע יידישע צייטונג און איר רעדאַקטאָר וועט פאַרבלייבן אַ היסטאָרישע פיגור אין לעבן פון קליוולאַנדער יידישן ישוב בפרט, און אין דער געשיכטע פון דער יידישער פּרעסע אין אמעריקע בכלל.

יהושע ראקער, רעדאקטאָר פון דער „אידישער וועלט״, ווי די צייטונג האָט געהייסן, איז ניט נאָר געווען אַ באַליבטע פערזאָן אין דער יידישער וועלט, נאָר אויך אַן אָנערקענטע פיגור אין דער אַלגעמיינער אַמעריקאַנער וועלט.

ראקער איז געווען פון דעם אַלטן טיפּ שתדלן, אָדער מקורב למלכות, וואָס איז גוט באַקאַנט אין דער יידישער געשיכטע. ער האָט געהאַט אַ באַזונדערן איינפלוס אין די מלוכה־ספערן, אין די טובות פאַרן פּרט ישראל און פאַרן כלל ישראל. כדי אילוסטרירן זיין ווירקונג וויל איך דערמאָנען אייניקע כאַראַקטעריסטישע עפּיזאָדן.

אין יענער צייט זיינען אין די אינטערעסן פון ציוניזם געקומען קיין אמעריקע, דר. חיים ווייצמאַן, דאן דער פרעזידענט פון דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע (שפּעטער, דער ערשטער פּרעזידענט פון דער מדינה ישראל), און דער באַרימטער אַלבערט איינשטיין. די פירער פון אַמעריקאַנער ציוניזם האָבן געהאַלטן, אַז עס איז אין די בעסטע אינטערעסן פון דער אמעריקאַנער ציון־באַוועגונג, אַז די צוויי געסט זאָלן אָפיציעל איינגעלאַדן ווערן אין „ווייסן הויז". האָט מען זיך געווענדט צו ראַקערן, ער האָט גלייך טעלעפאָנירט דעם שטאַטס־סעקרעטער און אַן אויפנאַמע פאַר חיים ווייצמאַן און אַלבערט איינשטיין איז גלייך אַראַנזשירט געוואָרן. פּרעזידענט האַרדינג האָט זיי אויפגענומען אין ווייסן הויז.

דער אַלטער — אַזוי האָבן מיר גערופן ראַקערן — איז ניט נאָר געווען, ווי געזאָגט, אַ כלל־טוער, ער איז אויך געווען אַ פּרט־טוער. ער איז שטענדיק גרייט געווען אַרויסצוהעלפן יעדן מענטשן, וואָס איז געקומען צו אים אין רעדאַקציע און זיך געגויטיקט אין אַן עצה און הילף. ראַקער איז אים אַנטקעגנגעקומען און געהאָלפן מיט ראַט און טאַט.

אין דער צייט פון וואַלן האָט די „אידישע וועלט" גערופן דעם יידישן עולם צו שטימען פאַר די רעפּובליקאַנער, אָבער אַ גאַנץ יאָר האָט די צייטונג געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ דעמאָקראַטישער, כמעט אַ ראַדיקאַלער צייטונג, ווי זי וואָלט געווען דער אָרגאַן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. אין געוויינלעכע טעג, ניט בעת וואַלן האָט די „אידישע וועלט" באַקעמפט אַלע אומגערעכטיקייטן און עוולות אין שטאָט. ראַקערס איינפלוס אויף די פּאָליטישע קרייזן אין קליוולאַנד איז טאַקע געווען גרויס, אין לשער.

# אַן עקזאַמען אין סידור

אז איך האָלט שוין ביי יהושע ראָקערן, ווילט זיך מיר דער־מאָנען אַ טשיקאַווע מעשה, וואָס האָט פּאַסירט אין יאָר 1921.

איך בין דעמאָלט צוריקגעקומען פון אַ קורצער רייזע אהיים און געטראָפן ביי מיר אין שטוב אַ פאַרוויינטע יידישע פרוי. אויף מיין ערשטער פראַגע: — וואָס איז געשען? דערציילט זי מיר אַ מעשה, — און „די מעשה איז גאָרניט פריילעך"... זי האָט — זאָגט זי — משפּחה, אַ מאַן און פרוי, וואָס זיינען געקומען קיין אַמעריקע מיט פינף חדשים צוריק און איצט דראָעט זיי אַרויסגעשיקט צו ווערן פון לאַנד. דערביי דערציילט זי מיר, אַז אירע ברידער האָבן זיך שוין געווענדט צו אַדוואָקאַטן, איז ערשטנס ווילן די אַדוואָקאַטן צוויי טויזנט דאָלאַר פאַר אַפּעלירן די „קעיס", און צווייטנס, גיבן זיי ניט די מינדסטע גאַראַנטיע, אַז זיי וועט געלינגען אָפּשרייען די דעפּאָרטאַציע. דאָס איז שוין — זאָגן זיי — אַן ענין וואָס ווענדט זיך אין מזל...

איך בין אַוועק אין דער ביוראָ פאַר עמיגראַציע און האָב אויסגעפונען, אַז די סיבה פאַר וועלכער מען וויל דעפּאָרטירן דעם מאַן איז ווייל ער האָט ניט אויסגעהאַלטן דעם „ליטערעסי"־עקזאַמען, דאָס הייסט קענען לייענען און שרייבן, וואָס יעדער נייער אימיגראַנט האָט געמוזט דורכמאַכן. מען האָט אים געוואָלט גלייך צוריקשיקן, נאָר היות זיינער אַ קרוב האָט איינגעלייגט פאַר אים „בעיל" (ערבות געלט) האָט מען אים דערלויבט צו פאַרבלייבן אין לאַנד זעקס חדשים.

איצט איז שוין די צייט באַלד פאַרביי און דער אימיגראַנט האָט באַקומען אַ בריוו פון דער אימיגראַציע־אָפּטיילונג, אין וועלכן ער ווערט אויפגעפאָדערט זיך צושטעלן קיין „עליס איילאַנד", פונוואַנען מען וועט אים דעפּאָרטירן צוריק אין זיין אַלטער היים. די משפּחה איז געווען פאַרצווייפלט, ניט געוואוסט וואָס אָנהייבן צו טאָן, צו וועמען ווענדט מען זיך מיט אַזאַ צרה? — האָב איך גענומען דעם בריוו

פון דער עמיגראַציע־אָפּטיילונג און בין אַוועק צום „אַלטן״, צו יהושע ראַקער.

ראַקער האָט איבערגעלייענט דעם בריוו און גלייך אָנגעשריבן אַ בריוו צום קאָנגרעסמאַן פון קליוולאַנד מר. גאָוען. אין דעם בריוו האָט מיך דער רעדאַקטאָר פאָרגעשטעלט ווי אַן אָנגעזעענעם בירגער פון קליוולאַנד, און ער, דער רעדאַקטאָר, בעט דערפאַר דעם קאָנגרעסמאַן ער זאָל טאָן פאַר מיר אַלץ וואָס איז אין זיין מעגלעכקייט. ראַקער האָט אויך ניט פאַרגעסן צו מיטטיילן דעם קאָנגרעסמאַן, אַז דער עמיגראַציע־דעפּאַרטמענט איז מיט זיין דעפּאָרטאַציע־באַפעל באַגאַנגען אַזאַ עוולה, וואָס קאָן האָבן ווייט־גייענדיקע קאָנסעקווענצן. ער, ראַקער, וועט דעם ענין באַשרייבן אין דער פּרעסע און דאָס וועט זיך אָפּרופן שלעכט אויף דער רעפּוטאַציע פון דער גאַנצער רע־פּובליקאַנער אַדמיניסטראַציע... עס איז פּשוט אַ ניט־דערהערטע זאַך. עס איז אומגלויבלעך, אַז די רעפּובליקאַנער זאָלן זיין פעאיק דאָס צו טאָן... עס איז ניט דערלאָזבאַר, מען זאָל אַרויסשיקן אַ מענטשן פון לאַנד, בלויז דערפאַר, וואָס ער האָט זיך דערשראָקן און ניט געקאָנט איבערלייענען אַ פּאָר ווערטער...

איך בין אַוועק מיט ראַקערס בריוו צו קאָנגרעסמאַן גאָוען. ער האָט איבערגעלייענט דעם רעדאַקטאָרס בריוו און מיך געפרעגט, צי איך קאָן אים פאַרזיכערן, גאַראַנטירן, אַז די צוויי עמיגראַנטן וועלן ניט פאַלן קיינעם צו לאַסט, אין אַנדערע ווערטער: אויב וועל זיך אונטערנעמען זיי באַזאָרגן מיט אַרבעט און חיונה, וועט ער זען אויספּועלן מען זאָל זיי געבן אַ נייעם עקזאַמען. איך האָב, פאַרשטייט זיך, אים אַלץ צוגעזאָגט.

דער קליוולאַנדער קאָנגרעסמאַן האָט אָנגעשריבן אַ בריוו צום „סעקרעטערי אָוו לעיבאָר״, אין אַרבעטס־מיניסטעריום, אין וועלכן ער האָט געמאָלדן, אַז די גאַנצע פּרעסע פון קליוולאַנד איז אויפ־גערודערט צוליב דער פּאַסירונג... אַז ער האָט באַקומען צענדליקער פּראָטעסט־רעזאָלוציעס פון יידישע און ניט־יידישע אָרגאַניזאַציעס, קעגן דעם באַשלוס צו דעפּאָרטירן די צוויי עלנטע אימיגראַנטן.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מיך דער קאָנגרעסמאַן אַריינ־גערופן צו זיך אין אָפּיס און באַוויזן אַ בריוו פונעם סעקרעטערי אָוו לעיבאָר, וואָס באַפעלט מען זאָל די אימיגראַנטן געבן אַ נייעם

„ליטערעסי״־עקזאַמען אין היגן, לאָקאַלן אָפּיס פון דער עמיגראַציע־אָפּטיילונג. אויב זיי וועלן דאָס מאָל דורכמאַכן דעם נייעם עקזאַמען, מעגן זיי פאַרבלייבן אין לאַנד. דערביי האָט מיר דער קאָנגרעסמאַן געזאָגט, אַז ער האָט אַ פּלאַן ווי אַזוי צו לייזן דעם פּראָבלעם און ראַטעווען די גאַנצע סיטואַציע. דער פּלאַן איז אַזאַ: ער, דער קאָנגרעסמאַן בכבודו ובעצמו, וועט מיט מיר אַריבערגיין אין אָפּיס פון דער היגער עמיגראַציע־אָפּטיילונג. ער וועט מיך פאָרשטעלן אַלס אַ חשובן קליוולאַנדער בריגער, וואָס איז אַ קענער פון דער יידישער און העברעאישער שפּראַך, און במילאַ אַן עקספּערט צו געבן עקזאַמענס... ער וועט שוין פּועלן מען זאָל מיך אָנשטעלן אַלס דעם מומחה צו פאַרהערן די אימיגראַנטן... אייגנטלעך האָט זיך עס געהאַנדלט בלויז אין דעם מאַן, ווייל די פרוי האָט יאָ אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען אין אינטעלעגענץ... בלויז דער מאַן איז דורכגעפאַלן, נאָר אַזוי ווי זי האָט זיך ניט געוואָלט שיידן מיט איר מאַן, האָבן זיי אָפּגעמאַכט אָפּפאָרן צוזאַמען.

האָב איך איינגעלאַדן דעם מאַן צו זיך אין שטוב, און ווען מיר האָבן זיך פאַנאַנדערגערעדט האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז אַמאָל, אַלס קינד, איז ער ווי יעדער יידיש יינגל, געגאַנגען אין חדר און האָט געקענט זאָגן עברי אין סידור, נאָר אַזוי ווי ער האָט די אַלע יאָרן ניט געדאַוונט און ניט אָנגעקוקט קיין יידישן אות, האָט ער שוין פּשוט פאַרגעסן דעם אַלף־בית...

האָב איך זיך אַוועקגעזעצט און גענומען קנעלן מיט מיין נייעם תּלמיד דעם אלף־בית, און האָב אין אַ פּאָר טעג באַוויזן אים אויסצולערנען אָפּזאָגן עטלעכע שורות אין סידור, גרינג ווי אַ וואַסער... נאָכדעם זיינען מיר אַוועק אין דער עמיגראַציע־ביוראָ אין דער אָנוועזנהייט פון קאָנגרעסמאַן. איך האָב געעפנט דער „מאַמעס סידור״, דאָס הייסט מיין אייגענעם סידור, אין וועלכן איך האָב געקנעלט מיט דעם יידן עברי... ער האָט אין איין אָטעם אָפּגעזאָגט די עטלעכע שורות און ס'איז געוואָרן ליהודים! אַלץ איז כשר וישר! אַ נייער העברעאישער אינטעלעגענט איז פאַרבליבן געזעצלעך וואוינען אין „גאָלדענעם לאַנד״...

דער דאָזיקער מאַן, וואָס הייסט ש... איז עד היום אַ דערפאָלגרייכער „ביזנעסמאַן״, און למען האמת, וויל איך זאָגן, אַז ער האָט

ניט פאַרגעסן דעם חסד וואָס איך האָב געטאָן מיט אים, און פון צייט צו צייט באקום איך פון אים עטלעכע דאָלאר פאַר געזעלשאַפט־לעכע און קולטורעלע צוועקן.

# די אונטערוועלט און „געזעץ"

עולים ויורדים — „פּראָספּעריטי", „ריסעשאָן" (רעסעסיע), „דעפּרעשאָן" (קריזיס) — דער אייביקער קרייז, די ציקלען פון דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם.

עס איז אָנהויב 1921. די גרויסע מלחמה־„פּראָספּעריטי" פאַר־שווינדט און עס טרעט אריין אַ קריזיס. פרייזן פון פאַרשיידענע סחורות האָבן אָנגעהויבן אַרונטערזינקען. באַזונדערס איז געפאַלן די ווערט פון הייזער, וואָס זיינען ערשט ניט לאַנג צוריק, אין די ערשטע פּאָר יאָר נאָך דער מלחמה, געשטיגן.

גלייך נאָך דער מלחמה האָט יעדער איינער, וואָס האָט אין די קריגס־יאָרן געמאַכט געלט, געקויפט הייזער אין די „סאָבורבס" (פאָרשטעט) און דאָ — פלוצים האָט זיך דער „בום" אָפּגעשטעלט און די ערשטע קרבנות פון דער רעסעסיע, וואָס איז ביסלעכווייז איבערגעגאַנגען אין אַ קריזיס, זיינען געווען די קלענערע אונטער־נעמער, די קאָנטראַקטאָרס, טאַקע אַזעלכע, ווי אני הקטן, איך אליין.

פון מיין גאַנץ „גרויס" פאַרמעגן, וואָס איז אגב, ביז איצט באַשטאַנען פון חובות, וואָס איז מיר געקומען פון די יידישע הייזער־בויער, וועמען איך האָב צוגעשטעלט מאַטעריאלן פאַר עלעקטרישער באַלייכטונג, — פון דעם זיינען איצט ביי מיר פאַרבליבן ביכער פולע מיט ציפערן וועגן חובות און בעלי חובות. אַזעלכע בעלי־חובות, וואָס וועלן מסתמא קיינמאָל ניט לייקענען און קיינמאָל ניט צאָלן... ניט געווען ביי וועמען צו מאָנען. די יידישע אונטערנעמער פון הייזער־בוי האָבן ניט געצאָלט. כאָטש גיי שריי חי וקים! אָדער ווי

עס זאָגט זיך אין אַן אַנדערן פאָלקס־ווערטל: גיי און לאָד זיי צום ונתנה תוקף...

זיך גיין לאָדן מיט זיי? עס רעדט זיך אַזוי! נעמען די בעלי־חובות אין געריכט איז געווען אַ קאָמפּליצירטער ענין און דערצו אַ פאַרשלעפּטע קרענק, און אפילו אויב מען האָט שוין יאָ געהאַט מזל אין געריכט און דער שופט, דער ריכטער האָט צוגעפּסקנט, אַז מיר קומט געלט פאַרן מאַטעריאַל און פאַר דער אַרבעט, האָב איך געקראָגן בלויז חזקה־רעכט, וואָס הייסט אויפן אַמעריקאַנער לשון אַ „דשאַדזשמענט" אויפן הויז, וואו די אַרבעט און די מאַטעריי־יאַלן זיינען איינגעזונקען געוואָרן, און דאָס איז פאַר מיר געווען אַ קנאַפּ געווינס. ערשטנס האָט זיך דאָס הויז געדאַרפט פאַרקויפן פאַר אַזאַ פּרייז, וואָס וועט גענוג אַריינברענגען אויף אויסצוצאָלן אַלעמען, צום אַלעם ערשטן, פאַרשטייט זיך, די „מאָרטגעדזשירער" (משכנתא׳ס) און ערשט דאַן,איז געווען אַ האָפנונג אַרויסצובאַקומען אַ טייל פונעם חוב, און טאָמער האָט זיך דאָס הויז ניט פאַרקויפט, איז אומזיסט די גאַנצע טירחה פון לייגן דאָס לעבעדיקע אויפן טויטן, דאָס הייסט, מען האָט בחינם אַריינגעשטעקט נייע הוצאות, אויסגעבן געלט פאַר אַדוואָקאַטן און געריכט. חוץ דעם האָט זיך דער בעל־חוב גאַנץ וויניק געשראָקן פאַרן געריכט.

האָט זיך טאַקע באַקומען, אַז אויפן חשבון פון די קאָנטראַקטאָרס און די מאָרטגעדזשעס האָבן מאַנכע בויער פון הייזער זיך געקויפט נייע אויטאָמאָבילן, פאַרדונגען די הייזער, געצויגן יעדער חודש דירה־געלט און רייך געוואָרן פון די פאַרהאָרעוועטע פאַר גראָשן פון די אמתע בויער די הייזער.

דער קריזיס איז זיך פאַנאַנדערגעוואָקסן אויף דער יידישער גאַס. עס איז אויסגעקומען צו לעבן און אָטעמען אין אַן אַטמאָספערע פון „כאַפּ־לאַפּ". דער מצב האָט זיך פאַרערגערט פון טאָג צו טאָג. איך האָב שוין אָנגעהויבן חרטה האָבן אויפן גאַנצן עסק, צי וואָס האָט מיר געטויגט דאָס גאַנצע געשעפט מיט קאָנטראַקטן? איך האָב זיך געוואונטשן: הלואי וואָלט איך בעסער געאַרבעט פאַר יענעם איידער פאַר די הפקרדיקע אומפאַראַנטוואָרטלעכע „בילדערס" פון די הייזער.

אין מיטן קריזיס־מהומה און דער עפּידעמיע פון באַנקראָטן — ווען מ'איז געווען פאַריאָגט פון דאגת הפרנסה, — איז מיר אין איין שיינעם פרימאָרגן צוגעקומען אַ נייע צרה.

אין איין אינדערפרי קום איך אריין אין געשעפט און דערזע — אוי אַ בראָך — די מערסטע פאַליצעס זיינען ליידיק. הייסט עס, אַז מען האָט מיך גאַנץ פיין באַ'גנב'עט. איך קוק זיך אַרום, די טירן זיינען פאַרמאַכט, די פענצטער — אויך, וויאַזוי־זשע האָבן זיך די גנבים אַהער אַריינגעבראַכן? ניט אַנדערש, אַז זיי האָבן אונטער־געגראָבן דעם פונדאַמענט! אויב אַזוי וועמענס אַרבעט איז עס?

איך טראַכט און טראַכט ביז עס פאַלט מיר איין חושד צו זיין מיין „ליטישן שכן" ב... וואָס האָט אין שכנות מיט מיר אַ געשעפט פון גומי־רעדער (אויטאָמאָביל־טײַרס) און אויך אַ קליינעם רעסטאָראַן. דעם דאָזיקן ב... האָב איך שוין געקענט היפּשע עטלעכע יאָר, זינט איך האָב זיך באַזעצט אין קליוולאַנד. איך האָב זיך אָנגעהערט וועגן אים פאַרשיידענע שמועות. מען האָט דערציילט, אַז אין רוסלאַנד האָט ער געהערט צו אַן אַנאַרכיסטישער סעקטע, און ער זאָל האָבן, לויטן אויפטראָג פון דער אָרגאַניזאַציע, דערשאָסן אַ רוסישן „זשאַנדאַרמסקי פּאָלקאָווניק". דאָ, אין קליוולאַנד, האָט מען אפילו דערציילט, האָט ער געוויסע פאַרבינדונגען מיט דער אונטערוועלט, נאָר מילא, וואָס מען זאָגט... אין קאַלאָמייע — אין קליוולאַנד, הייסט עס, ווי זאָגט שלום עליכם — „ס'אַ ליגן"...

מיט מיין שכן ב... האָב איך די גאַנצע צייט אָנגעהאַלטן פריינטלעכע באַציאונגען. איך האָב אים אָפט געבאָרגט אַ גמילת־חסד און ער האָט אַלעמאָל צוריקגעצאָלט אין צייט. מיר פלעגן פון צייט צו צייט אויך כאַפּן אַ שמועס וועגן דער רוסישער רעוואָלוציע, און ער האָט זיך פאַר מיר באַרימט מיט שטאָלץ, אַז ער האָט אַמאָל אין צאַרישן רוסלאַנד משלח געווען אויף יענער וועלט אַ לאַקיי פון צאַריזם.

ווי נאָר עס איז מיר איינגעפאַלן, אַז דער דאָזיקער שכן מיינער, האָט אַ האַנט אין דער גניבה, האָב איך געטראַכט, ווי צו געפינען אַ וועג אים לאָזן פילן וועגן מיין חשד. מיר פלעגן זיך יעדן טאָג באַגעגענען אויפן טראָטואַר. איך האָב אים געזען ביים פאַרריכטן די אויטאָמאָביל־רעדער. ער פלעגט מיך באַגריסן און מיר האָבן

גערעדט. איצט, כדי צו פאַרשטאַרקן מיין חשד, האָב איך באַשלאָסן אים גלייכגילטיק פאַרבייגיין. זאָל ער זיך אָנשטויסן, אַז איך טראָג אַ האַרץ אויף אים און דערפאַר מייד איך אים אויס.

זיינען פאַרביי אַ פּאָר טעג. איך האָב אים איגנאָרירט. זיך אפילו ניט אומגעקוקט אויף אים. דאַן האָט ער מיך אָפּגעשטעלט און געזאָגט:

— וואָס איז דער מער, מאָרגענשטערן? פאַרוואָס מיידסטו מיך אויס? קוקסט דאָך מיר אפילו ניט גלייך אין די אויגן, וואָס איז געשען?

דאָ האָב איך זיך שוין אָנגענומען מיט מוט און אים געענטפערט:

— אַלע יאָרן האָב איך דיך געהאַלטן פאַר אַ פריינט, אָבער וואָס פאַר אַ פריינט ביסטו מיר? דו ווייסט, אַז מען האָט מיך באַ׳גנבה׳ט, און דיר פאַלט אפילו ניט איין מיך אויסצופרעגן וועגן דער גנבה. אַגב, — האָב איך צוגעגעבן, — ווייס איך, אַז דו קענסט די „געיינגס״ (באַנדעס) פון דער אונטערוועלט. פאַרוואָס זאָלסטו ניט טאָן עפּעס איך זאָל צוריקבאַקומען מיין סחורה?

ב... האָט אַ רגע געשוויגן, מיך גוט באַטראַכט און זיך אָנגערופן:

— קום אריין צו מיר אין אַ פּאָר טעג אַרום און איך וועל זען וואָס מען קען טאָן.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָב איך זיך באַוויזן אין ב...׳ס געשעפט.

— האָסט עפּעס נייעס פאַר מיר, — פרעג איך אים.

— דער ענין איז אויף אַ דרך — ענטפערט ער מיר — איך האָב שוין די אינפאָרמאַציע. קום אריין היינט אָוונט, צווישן צען און צוועלף און איך וועל האָבן נייעס...

יענעם אָוונט, נאָך אַ פאַרזאַמלונג פון דער יהואש־קינדער־שול, וואָס האָט זיך געפונען לעבן ב...׳ס „געשעפטן״, די „טייר־ביזנעס״ און דאָס רעסטאָראַנדל, בין איך אריינגעקומען און דאָרט געטראָפן אַ גאַנצע כאָפּטע פאַרדעכטיקע פאַרשוינען, וואָס האָבן געזופט פון די גלעזער בראָנפן ווי וואַסער... ב... האָט מיך דערזען, מיך אריינגערופן אין אַ זייטיק צימערל, וואָס ער האָט פאַרשלאָסן. ער האָט אַרויסגענומען אַ רעוואָלווער, אים צוגעשטעלט צו מיין ברוסט און געזאָגט:

— מאָרגענשטערן, האָב קיין מורא ניט! איך בין דיין פריינט! איך וויל דיר נאָר באַווייזן, אויף וואָס די באַנדע איז פּעאיק, אויב ווערסט ניט האַלטן ס׳מויל... איכ׳ל דיר זאָגן וואו דיין סחורה געפינט זיך, גיי צו צום פּלאַץ און נעם אָפּ דיינס און מאַך אַ שווייג!
ער האָט מיר געגעבן דעם אַדרעס פון אַ געוויסער נייער געביידע וואָס האָט געהאַלטן ביים פאַרענדיקט ווערן, מיר אָנגעזאָגט וואו איך זאָל זוכן. אין די ערטער וואו די אַרבעטער האַלטן זייער געצייג און מאַטעריאַלן, דאָרט וועל איך געפינען אַ טייל פון מיינע קופּערנע דראָטן, וואָס די עלקטראָ־מעכאַניקער נוצן אין דער געביידע.

ווען איך בין געקומען אין דעם בנין האָב איך גלייך דערקענט מיין סחורה, און ס׳איז מיר אויפן אָרט קלאָר געוואָרן, אַז די גנבה האָבן געמאַכט די קאָנטראַקטאָרס, וואָס ציען אַריין עלעקטריק. איך האָב געראַטעוועט אַ טייל פון מיין סחורה און ווען איך האָב זיך צוריקגעקערט צו דעם ב... האָט ער באַשטעטיקט, אַז די קאָנטראַקטאָרס האָבן מיינע דראָטן אָפּגעקויפט ביי די גנבים, אָבער ווען זיינען די גנבים? — דאָס איז שוין ניט מיין עסק! — האָט ער געזאָגט, און מיך געראַטן אַריבערגיין צו די הענדלער מיט דער גנבה׳שער סחורה און זיי זאָגן אין זיין נאָמען, אַז היות ווי איך וויים געַנוי, אַז די סחורה איז מיינע, דאַרף איך זי צוריקקריגן... מער ניט!
איך האָב שוין געוואוסט ווער די קויפער פון מיין סחורה זיינען, דאָס זיינען געווען מיינע געוועזענע אַרבעטער, וואָס איצט זיינען זיי שוין געווען אין „ביזנעס" פאַר זיך...

בין איך צום ערשטן אַוועק צו צוויי אַלטע באַקאַנטע. איינער פון זיי אַ בחור וואָס האָט געוואוינט מיט זיינע עלטערן. ווען איך בין אריינגעקומען אין שטוב האָט מיך דער פאָטער, אַ ייד מיט אַ הדרת־פּנים, מיט אַ לאַנגער באָרד, באַגעגנט זייער פריינטלעך. מיך געבעטן זיצן און מכבד געווען מיט אַ גלאָז טיי. און אַזוי זיצנדיק ביי דעם כיבוד האָב איך אים דערקלערט דעם צוועק פון מיין באַזוך. איך האָב אים דערציילט, אַז אין דער געביידע וואו זיינע קינדער אַרבעטן האָב איך געפונען מיינע דראָטן. עס איז ביי מיר ניט דער מינדסטער ספק אַז דאָס האָבן זיינע קינדער געקויפט די טריפהנע

סחורה. איך האַלט דערפאַר, אַז עס איז אַ יושר, און ס'וועט זיין אין די אינטערעסן פון אונדז ביידן, איך זאָל קריגן צוריק מיין סחורה און פאַרשפּאָרן גיין צו פּאָליציי...

דער פּאָטער האָט פון אָנהייב אָן צוגעשטימט צו מיין פּאָרשלאָג. ער האָט מיך בלויז געבעטן צוואַרטן ביז זיינע קינדער וועלן צוריקקומען. אָבער ווען זיי זיינען געקומען, און מיר האָבן אָנגעהויבן רעדן „תכלית", זיינען זיי געבליבן טויב צו מיין פּאָרשלאָג און וויפיל איך האָב זיי ניט געוואָרנט, האָט גאָרניט געהאָלפן. האָב איך זיך געמוזט מטריח זיין און אַוועקגיין אין דער פּאָליציי־סטאַנציע. דער סוף איז געווען, אַז מען האָט דעם זון און דעם איידעם פון דעם יידן מיט דער באָרד פאַרשפּאַרט אין תפיסה און איך האָב צוריק געקראָגן אַביסל דראָט, וואָס האָב דערקענט, אַז עס איז מיינס.

דערמיט האָט זיך נאָך דער ענין ניט געענדיקט. נאָכדעם ווי די צוויי סוחרים מיט דער „כשרער סחורה" זיינען ארויס פון תפיסה אויף „בעיל" (ערבות־געלט) האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אַ לאַנגע סדרה פון פאַרהאַנדלונגען און אונטערהאַנדלונגען, וואָס האָט זיך געשלעפּט און געשלעפּט. אין צווישן האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט דער גאַנצער מהות, דער כאַראַקטער פון מיין שכן און „פריינט" ב... און אויך די „מאָראַל" פון דער „ביזנעס"־וועלט, און אויך די מאַכט און די אָנמאַכט פון די „היטער פון געזעץ"...

מיין „פריינט" האָט מיר געהאַלטן אין איין פאַרזיכערן, אַז ער וועט צווינגען די באַזיצער פון מיין סחורה מיר צוריקגעבן די גנבה. ער וויל ניט — האָט ער געזאָגט — מען זאָל זיי פאַר־משפּטן אין געריכט. ער האָט, ווייזט אויס, מורא געהאַט דער אמת זאָל אַרויסגעבראַכט ווערן פאַר דער עפענטלעכקייט.

אין איין שיינעם פרימאָרגן רופט ער מיך אַריין און שטעלט מיך פאַר פאַר אַ יונגערמאַן מיט דעם „בכבודיקן טיטול".

— אָט דאָס איז דער מאַן, וואָס האָט דיך באַגנבעט! מיר ביידע, ער און איך וועלן איצט גלייך אַוועקגיין צו די קויפער. מיר וועלן זיי צושפּאַרן צו דער וואַנט און זיי וועלן מוזן קומען צו אַן אויסגלייך מיט דיר.

זיינען מיר אַלע, ב... דער גנב און איך, אַוועקגעפאָרן צו דעם

בערדיקן יידן, אויפן וועג האָט מיר ב... דערקלערט זיין גאַנצע „פילאָסאָפיע", זיין מאָראַלישע „וועלט־אַנשויאונג":

— גנב'ענען איז גאָרניט קיין עבֿרה... ס'איז אַ מצווה... ס'ווענדט זיך נאָר ביי וועמען... פאַרוואָס, איך בעט אייך, זאָלן אייניקע לייט זיין שטיין־רייך און די אַנדערע זאָלן האָבן קדחות? טויג טאַקע ניט... און עס איז גוט וואָס עס זיינען דאָ מענטשן, וואָס „נעמען", מער ניט עס טרעפט און מען „נעמט" ביי אַזעלכע וואָס מען דאַרף ניט... אָט, למשל, דו מאָגענשטערן. דו ביסט אַן אומשולדיקער קרבן, ביסט ניט קיין עושר, און די מצווה איז במילא אין דיין פאַל ניט גילטיק. דעריבער טו איך טאַקע אַלץ וואָס אין מיין מעגלעכקייט, דו זאָלסט צוריק באַקומען דיין סחורה... עס איז, פאַרשטייט זיך געוועזן פון אָנהויב אָן אַ טעות צו „נעמען" ביי דיר און אויך ניט יושרדיק. נאָר מילא, אַז מען האַקט האָלץ — פאַלן שפּענער...

איך האָב באַטראַכט דעם דריטן מיטפּאָרער, דעם גנב, און געזען, ווי אַ שמייכל צעגיסט זיך אויף זיין פּנים. שווער צו זאָגן, צי ער האָט מסכים געווען מיט דעם הכשר אויף גנבֿה פון קלאַסן־קאַמף־שטאַנדפּונקט...

ווען מיר זיינען אַריין אין הויז פון די בעלי־דין, וואָס זיינען שוין דערוויל באַפרייט געוואָרן אויף „בעיל", האָט מיסטער ב... גענומען רעדן צום אַלטן קלאָרע דיבורים:

— מר. ג... הערט אויף דרייען אַ ספּאָדיק. איר אַליין האָט מיר אויסגעצאָלט פינף הונדערט דאָלער אין קנאַקעדיקע פּופּציקער, איז וואָס דרייט איר אַ היטל, וואָס טויג אייך דאָס מאַכן זיך צום נאַר. ביזנעס איז ביזנעס! און אויב עס געלינגט ניט, שטעקט מען אָפּ און פּטור אַן עסק... אַראָפּ פון מאַרק...

דער אַלטער קוקט דעם גנב גלייך אין די אויגן, מאַכט אפילו ניט קיין קרומע מינע. ער זאָגט:

— נו, גוט, מיר'ן זען, וואָס מען קאָן טאָן...

עס זיינען אַוועק אַ פּאָר טעג און עס האָט זיך אויפגעקלערט פאַר מיר דער גאַנצער קאָמפּליצירטער געוועב פון דער אונטער־וועלט, און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז די פּאָליציי און דער געזעץ זיינען פשוט אָנמעכטיק און הילפלאָז קעגן די „פיינע לייט"... ביי

מיר אין הויז האָט זיך געמאָלדן אַ דעטעקטיוו, אַ געהיים־אַגענט. זיין אויפגאַבע איז געווען ארויסבאַקומען אַלע דעטאַלן און איינצל־היטן פון דער גנבה. אַזוי־ווי די פּאָליציי־סטאַנציע איז אינגאַנצן געווען אַן ערך אַ מייל ווייט פון מיין געשעפט, פלעגן מיר ניט פאָרן נאָר שפּאַצירן דעם שטיקל וועג. און אַזוי, גייענדיק, האָבן מיר אָנגעטראָפן פאַרשיידענע מענטשן, ווי דער שטייגער איז. דער דעטעקטיוו האָט יעדער מינוט אָפּגעשטעלט איינעם פון די פאַר־בייגייענדיקע, אים באַגריסט און מיט אים געשמועסט. ערשט ווען יענער איז אַוועק האָט מיר דער פּאָליציי־אַגענט דערקלערט ווער דער און יענער מאַן איז.

— דער איז אַן איינפאַכער קעשענע־גנב, דער איז שוין לאַנג פאַרדעכטיקט אין מאַכן „האָלד־אַפּס" (גוואַלד־איבערפאַלן); די עובדה פון דעם איז מאַכן אַ פייער... ניט בחינם, פאַרשטייט זיך...

— ס'טייטש? — טענה איך, — פאַרוואָס לאָזט מען אַזעלכע פויגל זיך אַרומדרייען פראַנק־און־פריי? וויבאַלד איר ווייסט שוין יאָ זייערע מעשים טובים, איז פאַרוואָס טוט איר גאָרניט זיי צו מאַכן אומשעדלעך?

— מיר ווייסן, אַלץ ווייסן מיר, — האָט ער געענטפערט — אָבער אונדזערע הענט זיינען געבונדן. מיר קענען זיי ניט איינזעצן, ווייל מיר האָבן ניט די נויטיקע באַווייזן... די דאָזיקע חברה האָט אַ אַן אַדוואָקאַט, וואָס איז ווי אַ ריכטער... און פאַרשטייט זיך, אַז ער פאַרטיידיקט זיי שוין אויפן בעסטן אופן. טאַקע דערפאַר קאָנען מיר ניט אַרעסטירן קיין איינעם פון זיי. מיר מוזן האָבן די ריכטיקע באַווייזן...

שפּעטער, טאַקע צוליב מיין עסק'ן זיך מיט דער גנבה, האָב איך געהאַט די געלעגנהייט זיך צו טרעפן פנים אל פנים מיט דעם „באַרימטן אַדוואָקאַט", וואָס האָט געהייסן דזשאָדזש ב... טאַקע צו אים אין אָפיס האָט מיין „פריינט" ב... געבראַכט דעם גנב און די קויפער פון דער גנבה. ער האָט געדאַרפט שליכטן צווישן די בעלי־דין, די גנבים און דעם באַרויבטן.

דער אַדוואָקאַט האָט ניט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות און איז צוגעטראָטן גלייך צום פּסוק.

— עס איז צוועקלאָז פאַר אייך צו גיין אין געריכט, — האָט ער

געזאָגט — אומזיסט די טירחה, אַרויסגעוואָרפענע מי. עס איז נאָך ניטאָ דער מענטש וואָס קען געווינען קעגן מיר אַ „קעיס״. מיין עצה איז דעריבער, נעמט וויפיל מען גיט און זייט צופרידן, פאַרגעסט...

און אַזוי רעדנדיק צום „באַרימטן אַדוואָקאַט״ האָב איך אין אין דער ביוראָ באַמערקט זיינע קליענטן, וואָס גייען ארויס און אַריין. ב... האָט מיר דערקלערט, אַז די זיינען נאָר אַ טייל פון דער „אונטערוועלט״, די בעסטע קליענטן פון „באַרימטן אַדוואָקאַט״... ער האָט שטאַרקע פאַרבינדונגען מיט דער פּאָליציי און איז אַ גאַנצער כל ולך מיט די פּאָליטישענס. פּאָלג מיך און נעם די זעקס הונדערט דאָלאַר, וואָס מ׳באָט דיר אָן, און זאָל שוין נעמען אַ סוף צום גאַנצן עסק... און כדי אונטערצושטרייכן אָדער באַקרעפטיקן זיין אַרגומענט, האָט מיך ב... דערמאָנט אין דעם רעוואָלווער, וואָס ער האָט מיר געוויזן יענעם שפּעט-ביינאַכט, ווען ער האָט מיר אַנט־פּלעקט דעם גרויסן סוד וואו די גנבה געפינט זיך...

פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב, באין־ברירה, געמוזט נעמען דאָס געלט. דער אַדוואָקאַט האָט שוין געזען אַז די גאַנצע „זאַך״ זאָל צעריבן ווערן... דאָס איז געווען מיין ערשטע דערפאַרונג מיט דער אונטערוועלט.

און דער סוף פון מיין „פריינט״ ב...? „די מעשה איז גאָרניט פריילעך״... מיט יאָרן שפּעטער האָט מען אים געכאַפּט ווי אַן אָנ־פירער פון אַ באַנדע, וואָס האָט געוואָרפן באָמבעס און אויפגעריסן געשעפטן, וואָס האָבן גערייניקט און געפּרעסט קליידער. די באַנדע פלעגט זיך אָפּגעבן מיט אויספּרעסן געלט פון די אייגנטימער. און אויב מען האָט זיי ניט געצאָלט די „קאָנטריבוציע״, האָבן זיי גענוצט די מיטלען: צום ערשטן פלעגן זיי ווארפן שטינק־באָמבעס, און אַז דאָס האָט ניט געהאָלפן, פלעגן זיי אויפרייסן די געביידע. טאַקע אין מיטן דער אַרבעט פון אויפרייסן אַ „קלינינק״־פאַבריק האָט מען געכאַפּט דעם בעל דבר אליין, דעם מיסטער ב... און מען האָט אים פאַר׳משפט אויף זיבן יאָר תפיסה אין דעם „סטעיט־פּריזאָן״ פון קאָלאָמבוס, אָהייאָ.

בעת מיינעם אַ באַזוך אין קאָלאָמבוס האָב איך אים אָפּגעשטאַט אַ וויזיט אין טורמע. מיר האָבן זיך צערעדט און איך בין געוואויר געוואָרן, אַז ב... איז געבליבן טריי זיין פילאָסאָפיע פון „נעמען״

בלויז ביי די „רייכע״, בשום אופן ניט ביי די אָרעמע. . .אַ שרייבער מיט פאַנטאַזיע, וואָלט באמת געקענט אָנשרייבן אַ גאַנץ בוך וועגן דעם קליוולאַנדער „ראָבין הוד״. . .

# אויף זיין „וואָרט״ בנאמנות

דאָס לעבן איז דער בעסטער אוניווערסיטעט. די אָנשויאונגען און דער קוק אויפן לעבן פון אַ מענטשן ענדערן זיך בלויז ווען ער האָט דערפאַרונגען, ווען ער קריגט אַ לעקציע פון לעבן אַליין. מיינע דערפאַרונגען מיט געוויסע „ביזנעסלייט״ האָבן טאַקע ביסלעכוויז געענדערט מיין ביז־אַהעריקן קוק אויף דער וועלט פון מסחר.

פון קינדוויַיז אָן, אין מיין שטעטל קאַפּוליע, האָב איך געהאַט גרויס דרך ארץ פאַר אַ סוחרישן יידן. די שטעטלשע באַלעבאַטים פון קאַפּוליע, האָב איך געוואוסט, טרויט מען אָן דאָס געלט פון אלמנות און יתומים. די קאַפּוליער סוחרים פלעגן קריגן הלוואות פון נגידים אויף וועקסלען, אָבער דעם וועקסל האָט מען בלויז געשריבן צוליבן יידישן דין, אַז מען טאָר ניט נעמען קיין פּראָצענט, לויטן „היתר עיסקא״. אין אַלגעמיין פלעגן די סוחרים האַנדלען איינער מיטן אַנדערן „אויפן וואָרט״, דאָס הייסט אויף נאמנות. אַ וואָרט איז געווען הייליק, און ווי איז געווען יענעם וואָס האָט ניט געהאַלטן קיין וואָרט. . .

אָט־דעם אָפּשיי פאַר אַ סוחר און דער גלויבן אַז אַ וואָרט איז הייליק, האָב איך געבראַכט מיט זיך פון דער אַלטער היים און זיך באַמיט אָנצוהאַלטן דעם דאָזיקן גלויבן אויך דאָ אין לאַנד. איז אָבער די צייט דער בעסטער לערער, און די היגע ווירקלעכקייט האָט מיך איבערצייגט, אַז אין לעבן איז גאָר עפּעס אַנדערש: דאָ, אַז איינער זאָגט אייך עפּעס צו, איז. . . „זאָגט ער״, און טון טוט ער עפּעס אַנדערש.

מיין ערשטע דערפאַרונג — נאָך דער דערמאָנטער גנבה אין מיין געשעפט — וואָס האָט צעשמעטערט מיין אמונה אין דער הייליקייט פון וואָרט ביי געוויסע סוחרים, — עס זיינען פאַרשטייט זיך, געווען און פאַרבליבן אויסנאַמען — האָב איך געהאַט מיט מיינעם אַ „לענדלאָר״.

איך האָב געדונגען צוויי קראָמען, איינע לעבן דער אַנדערער, ביי אַ געוויסן אַנגעזעענעם קליוולאַנדער באַלעבאָס. ווען איך האָב פון אים פאַרלאַנגט אַ קאָנטראַקט, אַ געשריבענעם אָפּמאַך, האָט ער מיר געזאָגט:

— מיין וואָרט איז גאָלד! איר וועט קאָנען בלייבן אין די קראָמען ווי לאַנג איר וועט אַליין וועלן. איך פון מיין זייט זאָג אייך צו, אַז איך וועל אייך ניט העכערן די „רענט״ (דירה־געלט).

איז אַוועק אַ יאָר און דער באַלעבאָס האָט מיר געמאָלדן, אַז ער העכערט מיר דעם פּרייז אויף די צוויי קראָמען, בסך־הכל צוויי מאָל אַזויפיל ווי דער פּרייז, וואָס איך האָב ביז איצט געצאָלט, ד. ה. אנשטאָט 90 דאָלאר פאַר ביידע קראָמען, וויל ער איצט ניט ווייניקער ווי צוויי מאָל 90 — 180.

— יושר? — טענה איך,— איר האָט דאָך געזאָגט ווי לאַנג איך וועל אָנהאַלטן ס׳געשעפט, וועט איר מיר ניט העכערן דעם פּרייז?

— ניין, מיין זון, — זאָגט ער געלאַסן, — וואָס איך האָב געזאָגט איז ניט וויכטיק. דער עיקר איז, מען זאָל עס האָבן שוואַרץ אויף ווייס. אַזוי ווי קיין געשריבענעם אָפּמאַך האָסטו ניט וועסטו מוזן טאָן איינס פון די ביידע, אָדער צאָלן אָדער זיך פאַרנעמען...

זיך אַרויסקלייבן ערגעץ אַנדערש האָב איך ניט געקאָנט, ווייל דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע הוצאות, האָב איך קיין ברירה ניט געהאַט און בין אַוועק מיטן באַלעבאָס אויסשרייבן אַ נייעם קאָנטראַקט. דער אַדוואָקאַט, וואָס האָט אויסגעמאַכט דעם אָפּמאַך איז טאַקע געווען דעם באַלעבאָס אייגענער זון. ער האָט נאָר וואָס גראַדואירט אַלס אַדוואָקאַט, און איז נאָך געווען קנאַפּ באַהאַווענט אין הלכות קאָנטראַקטן. ער האָט אויסגעשריבן דעם „ליעס״ (אָפּמאַך) און מיר געהייסן איבערלייענען און זיך אונטערשרייבן.

ביים איבערלייענען האָב איך באַמערקט, אַז ער האָט אויסגעלאָזט דאָס וואָרט „יעדער״, אַזוי אַז מען האָט געקענט פאַרשטיין ווי איך

בין זיך מתחייב צו צאָלן 90 דאָלאר ניט פאַר יעדער קראַם באַזונדער, נאָר פאַרביידע. איך האָב געשוויגן, און מיר ביידע, דער באַלעבאָס און דער שכן, האָבן אונטערגע׳חתמעט דעם פּאַפּיר.

עס איז געקומען דער ערשטער פון חודש און איך האָב געשיקט דעם באַלעבאָס די 90 דאָלאר.

איך האָב באַלד באַקומען פון אים אַ טעלעפאָן מיט אַ טענה:

— מר. מאָרגענשטערן, האָט איר צומאָל ניט געמאַכט קיין טעות? פאַרוואָס האָט איר ניט צוגעשיקט די גאַנצע סומע פון 180?

הערנדיק די ווערטער האָב איך באַשלאָסן, אַז מען דאַרף דעם „וואָרטסמאַן״ צאָלן מיט זיין אייגענער „מאָראַל״. איך האָב אים געענטפערט:

— מר. גוטענטאג, זייט זיך מטריח און לייענט נאָך אַמאָל איבער די פּאַפּירן, וואָס איר אַליין האָט אונטערגעשריבן, — און איך האָב אים דערביי דערמאָנט וואָס ער אַליין האָט מיר ניט לאַנג צוריק געזאָגט:

— אַ וואָרט, מאי האי? דער עיקר אַז מען האָט אַלץ שוואַרץ אויף ווייס...

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז ער געקומען צו מיר און געפּרואווט מיט גוטן און מיט בייזן. בלאָזן אויף הייס און אויף קאַלטס. אַז עס האָט אים ניט געהאָלפן, איך האָב אים ניט געוואָלט נאָכגעבן, און זיך געהאַלטן ביים געשריבענעם אות, האָט ער געסטראשעט, אָט נעמט ער מיך אין געריכט. אָט קערט ער וועלטן. מיר איז נמאס געוואָרן דאָס טענהן מיט אים און מיר זיינען איינגעגאַנגען אויף אַ פּשרה: איך וועל אים צאָלן נאָך צוואַנציק דאָלאר יעדן חודש. זיינען מיר ווידער אַוועק צו אַן אַדוואָקאַט אויסשרייבן דעם נייעם אָפּמאַך, דאָס מאָל איז שוין געווען אויסגעשריבן „שוואַרץ אויף ווייס״, אַז איך פאַרפליכטע זיך צו צאָלן 120 דאָלאר פאַר ביידע קראָמען. ווי נאָר איך האָב אַוועקגעלייגט די פען, האָט ער געכאַפּט די פּאַפּירן און איז אַרויסגעלאָפן פון ביורא.

— וואָס זאָגט איר אויף אַזאַ מין פּירעכץ? — פרעג איך דעם אַדוואָקאַט.

— אַזאַ מין סאָרט אַקט שמעקט מיט תפיסה, — ענטפערט ער מיר, — ווייל אַ מענטש קאָן ניט ארייננגיין, סתם אַזוי, ניט מיר

און ניט דיר, צו יענעם אין הויז, און אַ כאַפּ טאָן יענעמס פּאַפּירן און עוקר זיין; דער אַדוואָקאַט האָט מיך געראָטן מעלדן דער פּאָליציי די גאַנצע מעשה.

איך בין אַוועק צום פּראָקוראָר און אים איבערגעגעבן די גאַנצע מעשה. דער פּראָקוראָר האָט טעלעפאָנירט דעם באַלעבאָס און אים געהייסן ברענגען די פּאַפּירן ביז צוויי שעה, און אויב ער וועט ניט אויספאָלגן וועט ער אים איינשפּאַרן אין תפיסה. ער האָט אים אויך געגעבן אָנצוהערן, אַז פאַר אַזאַ מין פירעכץ קען ער באַ־קומען עטלעכע יאָר „אומזיסטע קעסט" אויפן חשבון פון „אַנקל־סעם".

אַ קיצור אַ מעשה. ער האָט מיר צוריקגעבראַכט די פּאַפּירן און איך האָב געצאָלט לויטן אָפּמאַך. די דערפאַרונג מיט דעם שיינעם באַלעבאָס האָט אָבער אין מיר אויסגעלאָשן דעם דרך־ארץ פאַר די שיינע באַלעבאַטים, וואָס איך האָב געטראָגן אין מיין באַ־וואוסטזיין נאָך פון קאַפּוליע. יאָ, — האָב איך זיך אַליין געזאָגט, — פון קאַפּוליע ביז קליוולאַנד איז טאַקע — פאָלג מיך אַ גאַנג!

אַזאַ פּנים האָט דאָס וואָרט און די נאמנות פון א שיינעם קליוולאַנדער באַלעבאָס!

# אַ רב אָן זכרון

ווער פון אונדז, יידישע קינדער, וואָס זיינען אַמאָל געגאַנגען אין חדר, געדענקט ניט די רירנדיקע און דראַמאַטישע חומש־מעשה וועגן יוסף און זיינע ברידער?

יוסף, וואָס איז געווען דער שני־למלך, דער וויצע־קעניג ביי פּרעה'ן אין מצרים, האָט דערקענט זיינע ברידער, אָבער זיי האָבן אים ניט דערקענט. מאַכט רש"י: ער האָט זיך געמאַכט ווי ער דער־קענט זיי ניט...

ממש ווי אין דער ביבלישער דערציילונג האָט פּאַסירט מיט מיר, יוסף חיה שרהס פון קאַפּוליע און מיינעם אַ געוועזענעם שטעטלשן יוגנט־חבר. מער ניט וואָס דאָ איז געווען פאַרקערט.

איך, יוסף מאָרגענשטערן, האָב דעם געוועזענעם חבר מײַנעם גלײַך דערקענט און ער האָט מקיים געווען דעם פּסוק „אשר לא ידע את יוסף" — זיך געמאַכט כּלא ידע, ער ווייסט ניט און קען ניט!

אין די פריערדיקע קאַפּיטלען האָב איך שוין געשריבן וועגן מײַן שוועסטער־קינד און חבר יודל שאַפּיראָ. ער איז ניט בלויז געווען מײַנער אַ קרוב, נאָר אַ חבר לדעה, ער איז מיר געווען נאָענט גײַסטיק. מיר האָבן ביידע שטאַרק ליב געהאַט די יידישע ליטעראַטור און ביידע געווען פאַרברענטע חסידים פון דר. חיים זשיטלאָווסקי.

אין אײַנשײַנעם טאָג קומט יודל אַרײַן און ברענגט מיר די בשורה, אַז דאָ אין קליוולאַנד, געפינט זיך הרב זאב גאָלד, דער אנערקענטער פירער פון דער רעליגיעז־ציוניסטישער „מזרחי"־באַוועגונג. הײַנט אָוונט וועט ער האַלטן אַ רעדע. און דער דאָזיקער באַרימטער ציוניסטישער עסקן, — דערמאָנט מיך יודל — איז דאָך אונדזער ביידנס יוגנט־חבר וועלוול, דעם קאַפּוליער רב'ס זון...

דערהערט דעם נאָמען וועלוול דעם רבס, האָט זיך מײַן פאַנטאַזיע אָנגעצונדן. איך האָב זיך, אין דער מחשבה, אַריבערגעטראָגן אין מײַן געבורט־שטעטל. אין מײַן זכרון זײַנען אויפגעשוואומען זכרונות און בילדער פון יענע שיינע יוגנט־יאָרן, ווען איך און וועלוול דעם רב'ס, האָבן אָרגאַניזירט באַלעבאַטישע קינדער פון קאַפּוליע אין דער „פּרחי־ציון"־אָרגאַניזאַציע; ווי מיר פלעגן זיך אַרויסלאָזן איבערן שטעטל קלײַבן קאָפּיקעס און גראָשנס פאַרן קרן קימת לישראל, פאַרן יידישן נאַציאָנאַל־פאָנד, וואָס האָט געדאַרפט אויסלייזן, אויסקויפן דעם באָדן פון פאַלעסטינע.

פאַר אונדז ייִנגלעך (מיידלעך האָבן מיר אין דער „פּרחי־ציון" ניט אַרײַנגענומען), איז וועלוול געווען דער פירער. ער איז שוין דעמאָלט, געדענק איך, געווען אַ פייערדיקער רעדנער, און אַזוי ווי זײַן טאַטע, וואָס פלעגט דרשנען פאַר די עלטערע יידן, אַזוי האָט וועלוול באַגייסטערט פאַרן ציוניזם אונדז, די יוגנט. באַזונדערס האָבן זיך אײַנגעקריצט אין מײַן זכרון די ערב־יום־כּיפּור'ס, ווען מיר פלעגן זיך אַרויסלאָזן איבער די שולן און בתי־מדרשים פון קאַפּוליע, אַוועקשטעלן די קערות, טעלערס, וואו מען האָט אַרײַנגעוואָרפן די קאָפּיקעס און גראָשנס פאַרן נאַציאָנאַל־פאָנד.

יודל שאַפּיראָ האָט מיר דערציילט, אַז נאָכדעם ווי איך בין

אַוועק פון קאַפּוליע, איז וועלוול גאָר געוואָרן אַן „עסעסאָוועץ”, אַ רעוואָלוציאָנער און קעמפער פאַר דער „אַרבעטער־זאַך”, און אַז עס איז אים אויסגעקומען דערפאַר צו פירן אַ קאַמף מיט זיין פאָטער, דעם רב, ווען עס איז מסתמא ניט אָנגעשטאַנען, וואָס זיין זון גייט אַוועק אויף נייע דרכים... דער שטרייט מיטן פאָטער זאָל טאַקע געווען זיין די סיבה, פאַרוואָס ער, וועלוול, איז אָפּגעפאָרן מעבר לים, קיין אַמעריקע.

וואָס די סיבה איז ניט געווען. דאָ, אין אַמעריקע, האָט, ווייזט אויס, וועלוול גאָלד אויסגעפונען, אַז מען קאָן נישט יוצא זיין מיט רייד וועגן דעם מצב פון די אַרבעטער, און אַז כדי צו זיין פאַרזאָרגט מיט דער טאָג־טעגלעכער חיונה, מוז מען אַליין פאַרקאַשערן די אַרבל, און זיך נעמען צו דער עבודה... האָט זיך וועלוול באַדענקט און האָט אויסגעקליבן זיין טאַטנס פּראָפעסיע. ער איז אַריינ־געטראָטן אין דער ישיבה ר׳ יצחק אלחנן, האָט געקראָגן סמיכות און איז געוואָרן אַ רב. נאָכדעם איז ער געוואָרן דער באַרימטער ציונ־עסקן און אָראַטאָר — ראַביי וואָלף גאָלד.

עס האָט זיך אין מיר אויפגעוועקט אַ שטאַרקע נאסטאלגיע, אַ בענקעניש נאָך די יוגנט־יאָרן און איך בין שטאַרק נייגעריק געווען צו רעדן מיט מיין יוגנט־חבר. איך בין יענעם אָוונט געקומען אין זאָל, און אויסגעהערט די באַגייסטערטע דרשה פון מיין געוועזענעם חבר, וואָס איז שוין איצט געווען באקאנט ווי אַ ציוניסטישער פירער.

נאָך דער רעדע בין איך צוגעגאַנגען צו ראַביי גאָלד און זיך געווענדט צו אים מיט די ווערטער:

— רבי, איר דערקענט מיך?

ער האָט מיך אָפּגעמאָסטן מיט זיין בליק און געענטפערט:

— ניין!

— איך בין יוסף חיה שרהס פון קאַפּוליע, — רוף איך אָן מיין שטעטלשן נאָמען.

— ניין, — שאָקלט ער מיטן קאָפּ און זאָגט גלייכגילטיק:

— איך ווייס ניט!

— איך בין יוסף שמעון האַשעס פלימעניק, — דערמאָן איך אים דעם נאָמען פון מיין פעטער, וואָס איז געווען פון די שענסטע באַ־

לעבאַטים אין קאַפּוליע, בין געווען זיכער, אַז מיין פעטערס נאָמען וועט צוגעבן חשיבות מיין נאָמען...

אָבער ראַביי גאָלד טענה׳ט אַלץ, אַז ער קאָן מיך ניט...

— איך בין פון די קיילער, — דערמאָן איך שוין דעם נאָמען פון דאָרף וואו מיין פעטער האָט געוואוינט. דאָס דערמאָנען פון דאָרף האָט, ווייזט אויס, אָנגערירט אַ פאַרבאָרגענע סטרונע אין זיין האַרץ, ווייל ער האָט שוין מער ניט געקאָנט מאַכן דעם אָנשטעל, אַז ער ווייסט מיך ניט און קאָן מיך ניט. ווי מיין שוועסטערקינד, דער דערמאָנטער יודל שאַפּיראָ, האָט מיר דערציילט, איז וועלוול דעם רב׳ס געווען פאַרליבט אין יודל׳ס אַ שוועסטערקינד רבקה פון קיילע נאָר זי האָט צוריקגעוויזן זיין ליבע, און מעגלעך, אַז דאָס איז געווען איינע פון די סיבות, פאַרוואָס ער האָט פאַרלאָזן דאָס שטעטל... — ווי עס זאָל ניט זיין, דערהערט, אַז איך בין איינער פון דער קיילער־משפחה, האָט ער שוין ניט אויסגעהאַלטן און געזאָגט:

— זייט אַזוי גוט, איך בעט אייך, און קומט אַריבער צו מיר אין האָטעל, וועלן מיר שמועסן.

איך בין זיך משער, אַז די סיבה פאַרוואָס ער האָט זיך געמאַכט, אַז ער דערקענט מיך ניט איז געווען צוליב מיינע מלבושים, מיין אָנטועכץ. איך בין געקומען צו דער ציוניסטישער אסיפה אין מיינע אַרבעטס־קליידער... היינט, ווי האָט עס געפּאַסט פאַרן אַמאָליקן „עסעסאָוועץ" און איצטיקן מזרחי־פירער און אָראַטאָר, זיך צו חבר׳ן מיט אַ פּשוטן אַרבעטער.

# אַ מתנה פאַר דער קינדער־שול

דאָס לעבן איז פול מיט אנטוישונגען און אויך מיט סיורפּריזן, איבעראַשונגען. אין דער פּערזאָן פון מיין געוועזענעם יוגנט־חבר און שפּעטערדיקן מזרחי־פירער האָב איך דורכגעלעבט אַן אַנטוישונג אָבער אין מיין קולטור־טעטיקייט איז מיר דווקא געווען באַשערט אַזאַ סיורפּריז, וואָס האָט מיר פאַרשאַפט אַ סך נחת־רוח און באַשטעטיקט דעם כלל, אַז מען קען קיינמאָל ניט וויסן פונוואַנען אַ ישועה קאָן קומען, און אַז עס זיינען דאָך דאָ אין אמעריקע יידן, וואָס זיינע גרייט צולייגן א האַנט לטובת דער יידישער פאָלקס־קולטור.

איך בין דעמאָלט געווען זייער אַקטיוו אין די יידיש־וועלטלעכע קולטור־קרייזן פון קליוולאַנד. מיין הויפּט־אַקטיוויטעט איז געווען אין דער ראַדיקאַל־נאַציאָנאַלער קינדער־דערציאונג אָדער שול־וועזן. באַזונדערס בין איך געווען טעטיק אין דער יהואָש־פאָלקס־שול, וואָס מיר, איך און מיינע חברים פון די פּועלי־ציון, מיט דער מיטהילף פון סימפּאַטיקער, האָבן געגרינדעט און אויסגעהאַלטן.

מיין גאַנצע ענערגיע איז אַוועק אויף העלפן שאַפן דעם בודזשעט פאַר דער שול, זען מען זאָל האָבן גענוג געלט צו צאָלן דירה־געלט און דעם לוין פאַר די לערער. דער בודזשעט איז געווען גרויס און שכר לימוד האָבן מיר אריינבאַקומען זייער ווייניק. האָבן מיר זיך געהאַלטן אין איין ברעכן דעם קאָפּ, וואו נעמט מען געלט צו דעקן די חובות. די דאָזיקע לאַסט און די זאָרגן, וואָס זיינען געלעגן אויף אונדזערע פּלייצעס, האָט געדריקט אויף מיין געמיט, ניט ווייניקער און אפשר נאָך מער, ווי די זאָרג פאַר מיין געשעפט.

ויהי היום, מאַכט זיך, און איך זיץ מיט מיין שותף און חבר, רעזניק, אַ טוער אין דער יהואָש־שול, ביי אַ טעפּל קאַווע אין אַ רעסטאָראַן און מיר שמועסן וועגן די שול־חובות.

זיצנדיק, באַמערק איך ווי אַנטקעגן אונדז ביי אַ טישל זיצן פיר פּערזאָן און זיינען פאַרטיפט אין אַ שמועס. איינעם פון די יידן

האָב איך געקאָנט. זיינס אַ קינד האָט געלערנט אין דער שולע, מיטאַמאָל דערטראָגן זיך צו מיינע אויערן אָפּגעריסנע ברעקלעך פון זייער שמועס. די יידן רעדן וועגן צדקה־זאַכן. איינער דערציילט, אַז ער האָט געגעבן צען טויזנט דאָלאר פאַר כבוד צו לייגן דעם ווינקל־שטיין פון מושב־זקנים, וואָס מען האָט דעמאָלט געבויט אין שטאָט; אַ צווייטער זאָגט, אַז ער האָט געגעבן צוויי טויזנט דאָלאר פאַר אַ צימער אויף זיין נאָמען אינעם מושב־זקנים.

רעזניק רוימט מיר איין אַ סוד, אַז די פיר פאַרשוין האַנדלען אונטער בשתיקה מיטן „ביטערן טראָפּן" און אַז זיי זיינען, קיין עין־הרע, אָן קיינעמס שאָדן, „גוד־אָפ"... דאָס הייסט, זיי שאַרן גאָלד... עס האָט דעמאָלט געהערשט אין אַמעריקע דער געזעץ פון „פּראָהי־בישאָן" — אַ פאַרבאָט צו האַנדלען מיט שאַרפע משקאות, אָבער היות די ציניקער זאָגן, אַז „געזעצן זיינען געמאַכט געוואָרן, מען זאָל זיי ברעכן"... האָט מען זיך שוין אַן עצה געגעבן, און מען איז „ארומגעגאַנגען" דעם געזעץ, און די וואָס האָבן שטילערהייט, געהאַנדלט מיט וויין און בראַנפן, האָבן טאַקע אַראָפּגעלאָזט שיינע עטלעכע דאָלאר אין די קעשענעס... די דאָזיקע הענדלער מיט דער פאַרבאָטענער סחורה האָט מען אויפן אַמעריקאַנער לשון גערופן „בוטלעגערס".

זיצנדיק קעגן די גבירים, איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק, אַז אפשר לוינט זיך מטריח זיין און אריבערגיין צו די נגידים און ביי זיי בעטן אַ געוויסע סומע, אַ ביישטייערונג פאַר דער קינדער־שול, ווער ווייסט, אפשר, „יידישע נשמה קאָן מען ניט אָפּשאַצן"...

הקיצור, איך מאַך ניט קיין שהיות, הייב זיך אויף, און גיי אַריבער צו די יידן און מאַך אַ דירעקטן „אַפּיל".

— מיינע פריינט! מיר האָבן דאָ אין קליוולאַנד אַ יידישע קינדער־שול. יידישע קינדער באַקומען דאָרט אַ וועלטלעכע דער־ציאונג. זיי לערנען זיך שרייבן און לייענען יידיש. די יידישע ליטעראַטור, יידישע געשיכטע, און מיר נויטיקן זיך זייער אין הילף...

— יידן, וואָס ענטפערט איר אויף דעם, — רופט זיך אָן איינער פון די זיצנדיקע צו זיינע קאָלעגן, — דער ייד זעט מיר אויס אַן אָנשטענדיקער מענטש, דאַרף מען העלפן. איך מאַך אַ פאַרשלאַג:

וויפיל יעדער איינער פון אייך וועט ביישטייערן, גיב איך צוויי מאָל אַזויפיל...

דערהערט אַזעלכע דיבורים נעמען זיך דריי יידן צו די טשעק־ביכלעך און שרייבן אויס צו פינף הונדערטער יעדער איינער און לייגן אַוועק די טשעקס אויפן טיש... דער ייד, וואָס האָט צוגעזאָגט צו פאַרטאָפּלען די סומע, שרייבט אויס אַ טשעק אויף פופצן הונדערט דאלאר — און דערלאַנגט מיר די קיילעכדיקע סומע פון דריי טויזנט דאלאר...

א רגע האָב איך מיינע אויגן ניט געגלויבט. פון גרויס איבער־ראַשונג האָט מיר גענומען שווינדלען אין די אויגן. עפּעס אַ קלייניקייט! דריי טויזנט דאָלאר, וואָס איז עס, חלום אָדער וואָר?

איך האָב צוגענומען די טשעקס און בין גלייך אַוועקגעלאָפן אין באַנק, זיך געוואָלט איבערצייגן צי האָב איך טאַקע געוואונען דאָס „גרויסע געווינס", אָדער מען האָט מיך פּשוט אָפּגענאַרט. דאָ, אין באַנק, האָט מיך ערשט דערוואַרט אַן איבערראַשונג, ווייל ווי נאָר איך האָב באַוויזן דעם „קעשיר" (קאַסירער) ביים פענסטערל די טשעקס, האָט ער מיר גלייך געזאָגט:

— זייער חתימה איז גאָלד... אויב איר ווילט צאָל איך אייך גלייך אויס „קעש" (מזומן געלט)...

מען קאָן זיך שוין פאָרשטעלן ווי גרויס די שמחה איז דעמאָלט געווען אין דער יהואָש־שול. אַזאַ גליק! אויס חובות! פּטור געוואָרן דערוויַיל פון דאגות. דאָס „גרויסע געווינס" האָט אויך אָנגעמאַכט אַ גאַנצע רעוואָלוציע אין מיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. איך האָב פּשוט פאַרלוירן דעם חשק ארומצוגייין איבער דער שטאָט און זאַמלען איין דאָלערדיקע אָדער צוויי דאָלערדיקע פאַר אונדזער שול. אַז איך האָב באַוויזן אין איין שעה ברענגען דריי טויזנט דאָלאַר! זאָל איך זיך אָפּעסן דאָס האַרץ ביז איך באַקום אַ דאָלאַר. עס שטייט מיר פּשוט ניט אָן!...

# אַ „שלעכטער״ דאָקטאַר

אם אין קמח — אין תורה, און דאָס זעלבע — פאַרקערט. אַז מען איז באַזאָרגט מיט עקאָנאָמישן וואוילזיין, טראַכט מען וועגן גייסטיקע שפּייז. אויפן געביט פון יידיש־וועלטלעכער קולטור האָט דאָס יידישע קליוולאַנד, גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, באמת פאַרצייכנט אַ שוואונג און פאַנאַנדערבלי.

די אַלט־יידישע געגנט, וואודלאַנד עוועניו, האָט זיך אָנגעהויבן אויסשפּרייטן, זיך פאַרצווייגט אין דריי יידישע געגנטן אָדער קוואַרטאַלן. די „הייטס״ — וואו עס האָבן געוואוינט די אַזוי גערופענע „מלחמה־קינדער״, יידן, וואָס האָבן אין די מלחמה־יאָרן אָפּגעשפּאָרט שיינע עטלעכע דאלאר; „הונדערט־און־פינפטע״־גאַס — אַ געגנט וואו יידן האָבן אויסגעקויפט די הייזער פון ניט־יידן, און „קינזמאַן״ — וואו עס האָט זיך קאָנצענטרירט די יידישע וועלטלעכקייט, די יידישע פאָלקס־מענטשן, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט דער מאָדערנער יידישער קולטור, מיט יידיש־וועלטלעכער דערציאונג, לעקציעס, און מיטן פאַרשפּרייטן ס׳יידישע בוך.

אין די „הייטס״ האָבן יידן אויפגעבויט רעפאָרמירטע און קאָנסערוואַטיווע, מאַסיווע טעמפּלען פון שיינער אַרכיטעקטור און מיט דעקאָראַציעס; אין דער 105־טע גאַס — אַ יידישן צענטער, און די קינזמאַנער האָבן אויפגעשטעלט זייער אייגענעם צענטער.

די יידיש־ראַדיקאַלע געזעלשאַפטלעכקייט האָט געקרייזט אַרום דעם אַרבעטער־רינג און נאַציאָנאַלן ארבעטער־פאַרבאַנד, די צוויי יידישע פראַטערנאַלע פּאָלקישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן אויפגעבויט זייערע צענטערס און אויך איז אויפגעבויט געוואָרן אַ צענטער פון די האָלץ אָדער סטאָליער־אַרבעטער (קאַרפּעטנערס יוניאָן). אַזוי איז געשאַפן געוואָרן אַ פיינע קולטור־אַטמאָספערע אין קליוולאַנד, און אין דער סביבה האָבן זיך די געסט פון דער גרויסער ניו־יאָרק, שרייבער און לעקטאָרן געפילט זייער גוט.

לעקציעס זיינען אין קליוולאַנד געווען אַן אָפּטע דערשיינונג. ניט ווייניקער ווי צוויי רעפּעראַטן אַ וואָך, מיט אַ היבשער באַ־זוכערשאַפט, און די לעקטאָרן פלעגן שוין פאַרברענגען אין שטאָט עטלעכע וואָכן.

אין יענער צייט, געדענק איך, האָבן מיר, איך און אַנדערע חברים, מיטגלידער פון נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד, באַשלאָסן אַראָפּצוברענגען קיין קליוולאַנד דעם באַרימטן געלערנטן, פאָרשער און לעקטאָר דר. יהודה קויפמאַן, אַן אויטאָריטעט איבער יודאַאיזם, וועלכער איז נאָכדעם באַרימט געוואָרן אין ישראל, צו האַלטן אין קליוולאַנד אַ סעריע רעפּעראַטן.

מיר האָבן אַראַנזשירט זיין באַזוך אויף אַ פּלאַנמעסיקן אופן. מיר האָבן אין פאָראויס פאַרקויפט צוויי הונדערט בילעטן צו פינף דאָלאַר אַ בילעט. פון דעם האָט דר. קויפמאַן באַקומען טויזנט דאָלאַר און פון דער הכנסה, וואָס איז אריינגעקומען ביי דער טיר האָט מען געדעקט די אַנדערע הוצאות.

דר. קויפמאַן איז געווען מיין גאַסט. ער האָט פאַרבראַכט ביי מיר אין הויז גאַנצע פינף וואָכן. אין משך פון דער צייט האָט ער געהאַלטן פאָרטראַגן וועגן די נביאים, וועגן תורה שבכתב און תורה שבעל פה וועגן קבלה און חסידיזם, זיינע לעקציעס האָבן אריינ־געבראַכט אַ יום־טובדיקע שטימונג אין די וועלטלעכע קרייזן. צו־הערנדיק זיך צו זיינע אָפּהאַנדלונגען וועגן דער אַנשטייאונג און אַנטוויקלונג פון דער יידיש־היסטאָרישער קולטור, האָט דער עולם צוזאַמען מיטן לעקטאָר געשוועבט אין די העכערע רעגיאָנען און ספערן פון גייסט. דר. קויפמאַן האָט באַגייסטערט די צוהערער און וואָס מער ער האָט גערעדט, אַלץ מער האָט דער עולם געוואָלט הערן.

צוליבן גאַסט איז מיין הויז געווען פול מיט יום־טוב. וואָס מיר דאַגת־הפרנסה, ווער מיר די טאָג־טעגלעכע זאָרגן פון די חובות, אַז סך הכל, האָב איך געלעבט די גאַנצע פינף וואָכן אין אַנדערע וועלטן, אין אַ וועלט פון כולו־שבת, אויסגעטאָן פון וואָך...

דר. קויפמאַן איז אַליין געווען א מין חסיד. ער פלעגט זינגען שיינע ניגונים און די קינדער האָבן זיך דערפאַר ממש געקלעפּט צו אים.

וועגן דר. חיים זשיטלאָווסקי דערציילט מען אַזאַ אַנעקדאָט:
א יידישע פרוי האָט געזאָגט צו איר שכנה, אַז זי איילט זיך צום „דאָקטאָר", מיינענדיק, אַז זי גייט הערן אַ לעקציע פון דר. חיים זשיטלאָווסקי. ביי געוויינלעכע יידן איז אָבער דער באַגריף „דאָקטאָר" פאַרבונדן מיט מעדיצין. אַ דאָקטאָר איז דער וואָס היילט, וואָס ברענגט די רפואה. האָט זיך די שכנה אָנגערופן צו דער יידישער פרוי:

— זייער גוט, וואָס איר גייט צום דאָקטאָר, אויף איין וועג וועט איר מיר שוין טאָן אַ טובה, און טאַקע פאַרבעטן דעם דאָקטאָר צו מיר אין שטוב, אַ קינד איז, לא עליכם, ביי מיר ניט געזונט...
— אָבער, וואָס רעדט איר — האָט די פרוי געענטפערט — דער דאָקטאָר איז דאָך ניט קיין דר. מעדיצין. ער איז אַ דאָקטאָר פון פילאָסאָפיע...

— „פילאָסאָפיע", — קנייטשט די פרוי דעם שטערן, — וואָס פאַר אַ סאָרט קרענק איז דאָס?...

עטוואָס פון דער פרוי'ס מענטאַליטעט האָט געהאַט מיין קליין דריי־יעריק טעכטערל. דר. זשיטלאָווסקי האָט אויך געהאַלטן אין קליוולאַנד אַ ציקל רעפעראַטן און איז אײַנגעשטאַנען ביי מיר אין הויז. האָט ער איינמאָל גענומען מיין טעכטערל אויף די הענט. אָבער ס'קינד האָט זיך געריסן פון זיינע הענט.

— פאַרוואָס, טעכטערל, ווילסטו ניט זיצן אויף מיינע הענט? — האָט זשיטלאָווסקי געפרעגט ביי דער „מויד"...

— ווייל דו ביסט אַ שלעכטער דאָקטאָר — ענטפערט זי אים — דר. קויפמאַן איז אַ גוטער דאָקטאָר. ער זינגט שיינע לידעלעך...

# ווי איך האָב פאַרשפּרייט זשיטלאָווסקיס ווערק

אין דער קייט פון מיינע זכרונות שטראַלט אַרויס די פּערזענ־לעכקייט דר. חיים זשיטלאָווסקי ווי אַ שיינענדיקער רינג. איך וויל דערפאַר ארײנפלעכטן אין דער מעמואַרן־קייט אַן עפּיזאָד, וויאַזוי איך האָב געהאַט דעם זכות, די פּריווילעגיע צו פאַרשפּרייטן דר. חיים זשיטלאָווסקיס ווערק און זיי אַריינגעבן אין יידישע הייזער.

געווען איז עס ביי אַ קאָנווענשאָן (צוזאַמענפאָר) פון די פּועלי ציון אין ניו־יאָרק, וואו איך בין געווען אַ דעלעגאַט. דער באַקאַנטער רוסישער רעוואָלוציאָנער און שפּעטעריקער מיטגליד פון אַ יוגנט־קבוצה (קאָמונע) אין ישראל, — מענדל ראָזענבאום, האָט זיך צו מיר געווענדט, איך זאָל אויף זיך נעמען דורכפירן אַ וויכטיקע מיסיע.

עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דר. זשיטלאָווסקיס זעקס בענדער שריפטן, וואָס אַ קאָמיטעט האָט דאַן ארויסגעגעבן, און מען האָט די ווערק געדאַרפט פאַרשפּרייטן כדי צו דעקן די הוצאות און טאַקע אַריינברענגען זשיטלאָווסקיס וואָרט און געדאַנק אין די יידישע היימען.

די רעדע וואָס זשיטלאָווסקי האָט דעמאָלט געהאַלטן ביי דער קאָנווענשאָן און מענדל ראָזענבאומס ווענדונג האָבן געמאַכט אויף מיר אַן איינדרוק און איך האָב אונטערגענומען די וויכטיקע שליחות פון פאַרשפּרייטן די זעקס בענדער פון דעם לערער און דענקער, אין זינען האָבנדיק אויך אים צו לאָזן וויסן, אַז ער האָט גענוג תלמידים און פאַרערער, וואָס באַציען זיך צו אים מיט ליבע און אָנערקענונג זיינע אויפטוען פאַר דער קולטור פון אונדזער פאָלק.

איך האָב זיך צוריקגעקערט קיין קליוולאַנד און זיך גלייך אריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט פון פאַרשפּרייטן זשיטלאָווסקיס געזאַמלטע שריפטן.

די זעקס ביכער האָבן זיך פאַרקויפט פאַרן פּרייז פון צוועלף דאָלאַר. איך האָב זיך געשטעלט דעם ציל צו פאַרקויפן פינף און־

צוואַנציק „סעטס". ווען איך בין אריבער דעם ציל האָט עס מיך אָנגערעגט צו דערגרייכן מער. איך בין אזוי באַגייסטערט געוואָרן פון מיין דערפאָלג, אַז איך האָב ביי זיך אָפּגעמאַכט צו דערגרייכן די צאָל פון גאַנצע הונדערט „סעטס", וואָס זאָלן אריינברענגען די סומע פון צוועלף הונדערט דאָלאר.

בין איך געוואָרן אַ „סעיליסמאַן", אַ פאַרשפרייטער פון דר. זשיטלאָווסקיס ביכער. איך האָב ניט דורכגעלאָזט קיין איין באַקאַנטן יידן, וואָס האָט געלייענט אַ יידישע צייטונג און האָב מיט יעדן איינעם איינגעטענהט וועגן דעם חוב און דער פּריווילעגיע צו קויפן און לייענען די ביכער.

דאָ דערמאָן איך זיך אין אַ טשיקאַווער פּאַסירונג: איך האָב געהאַט אַ געוויסן לאַנדסמאַן, מר. ר... אַ מעבל־סוחר, ער האָט אַמאָל געלערנט אין דער וואָלאָזשינער ישיבה, אויב איך האָב קיין טעות ניט, ביזן עלטער פון פינף־און־צוואַנציק יאָר. ער האָט געהאַט אַ ברדוער אַ רב אין מינסק, און ער אַליין האָט אויך געהאַט סמיכות. ער איז אַוועק קיין אַמעריקע, זיך פריער באַשעפטיקט ביי פּעדלעריי, געוועזן פון די פּאַרקויפער, וואָס גייען פון הויז צו הויז, דאָס וואָס מען רופט אויפן אַמעריקאַנער לשון אַ „קאָסטימער־פּעדלער". ער האָט ביסלעכווייז אָפּגעשפּאָרט אַ פּאָר דאָלאר און איז אליין אַריין אין „ביזנעס", געוואָרן אַ שותף מיט אַן אַרבעטער אין אַ מעבל־געשעפט. זיינע געשעפטן זיינען אַוועק גוט; מען האָט געאַרבעט טאָג און נאַכט, שבתים און יום־טובים, און מען איז רייך געוואָרן. פון צייט צו צייט פלעג איך אריינגיין צו די מעבל־סוחרים און קריגן אַ פּאָר דאָלאר פאַר געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע צוועקן.

איך האָב געוואוסט, אַז דער ר... איז פון די יידן וואָס זיינען באַהאַוונט אין די קליינינקע אותיות'לעך, און כאָטש ער פלעגט מיר זאָגן, אַז דער קאָפּ ליגט אים איינגאַנצן אין די געשעפטן און ער האָט ניט קיין צייט צו לייענען, האָב איך אים פונדעסטוועגן געוואָלט מזכה זיין מיט זשיטלאָווסקיס ווערק. איך האָב ביי אים געפּועלט און ער האָט מיר געהייסן אים ברענגען די ביכער.

איך האָב אים געבראַכט די ביכער און ער האָט מיר אויסגעשריבן אַ טשעק אויף צוועלף דאָלאר. דעמאָלט איז צוגעקומען זיין שותף און געזאָגט מיט טאָן פון פּאַרדרוס אין זיין שטים:

— מאָרגענשטערן, ווי איך זע פאַרקויפט איר מציאות... אויף מציאות בין איך אויך אַ בעלן, פרעג איך ביי אייך: פאַרוואָס האָט איר מיין שותף יאָ פאַרקויפט און מיר ניט?

הערנדיק די טענה בין איך געבליבן דערשטוינט. געוואוסט האָב איך אַז דער דאָזיקער שותף פון געוועזענעם וואָלאָזשינער ישיבה־בחור איז אַ קנאַפּער מבין אויף אַזעלכע מציאות, און אַז ער וועט פארשטיין אין די דאָזיקע וואָגיקע פילאָסאָפישע ווערק ווי אַ האָן אין בני אדם... נאָר אַ ברירה האָב איך געהאַט? איך האָב דאָך געוואָלט דערגרייכן מיין ציל פון פאַרשפרייטן גאַנצע הונדערט „סעטס". מילא — האָב איך געטראַכט — זאָל אַ זשיט־לאָווסקי בוך ארייִנפאַלן צו אַן עם הארץ... אין „ביזנעס" טאָר מען ניט זיין קיין צו גרויסער איבערקלייבער...

# אַ „לענדלאָרד" וואָס טויג זיך ניט אויס אין „ביזנעס"

אין דעם פעריאָד פון 1920 ביזן טרויעריק־באַרימטן קראַך פון 1929 האָט זיך דער עקאָנאָמישער מצב און די גאַנצע סטרוקטור פון די קליוולאַנדער יידן געענדערט. די שניידער־אינדוסטריע איז ביסלעכווייז פאַרשוואונדן פון קליוולאַנד, פילע פאַבריקן האָבן זיך אַרויסגעצויגן פון שטאָט, די וואָס זיינען יאָ פאַרבליבן האָבן באַקומען אַן אַנדער פיזאָנאָמיע, אַן אנדער געשטאַלט. אַנשטאָט מענער־שניידער זיינען די „שעפּער" אָנגעפילט געוואָרן מיט אַרבעטאָרינס, מיט מיידלעך פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן.

די זין און די טעכטער פון די יידישע אימיגראַנטן שניידער־אַרבעטער זיינען געוואָרן דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, סטענאָגראַפיסט־קעס, בוכהאַלטערינס און „סעילס גוירלס", פאַרקויפערינס אין „דעפּאַרטמענט־סטאָרס", הורטאָוונע געשעפטן. אַ סך יידן זיינען אַוועק פון דער שווערער און לייכטער אינדוסטריע מיט זייער אייגענעם ווילן און אָפט אויך ווייל זיי האָבן ניט געהאַט קיין אַרבעט.

האָט מען זיך גענומען צום מסחר, געבויט און געקויפט „ריעל־עסטעיט", הייזער און קראָמען. די וועלכע האָבן באַוויזן אָפּצושפּאָרן אַביסל געלט האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט לייען געלט אויף „מאָרט־געדשזעס" (משכנתא׳ס). די מנחם־מענדלשע פּראָפעסיע צווישן יידן איז זיך צעוואַקסן, אַז עס איז געווען הימל און ערד און הייזער־מסחרים.

אַלס אַ קאָנטראַקטאָר פון עלעקטרישע מכשירים, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט אַריינציען עלעקטרישע דראָטן אין די ניי־אויפגעבויטע הייזער, איז מיר אויסגעקומען האָבן עסקים, דאָס הייסט האַנדלען מיט די אַלע „שאַכער־מאַכער", וואָס האָבן געטאָן געשעפט אויפן האַנדל־וואַנדל־שטייגער, און מען קאָן זיך משער זיין, אַז

קיין צרות האָבן מיר ניט געפעלט. איך האָב געהאַט גענוג קאָפּ־דרייעניש, זאָרג און בּאָרג, חובות און וועקסלען.

ווי זאָגט דאָס יידישע פאָלקס־ווערטל: „פאַר אַ גויט עסט מען ווייס ברויט”, בין איך גאָר אין יענער צייט אַליין געוואָרן אַ „לענדלאָר”, דאָס הייסט אַ באַלעבאָס פון אַ הויז.

וויאַזוי טאַקע קום איך צו ווערן אַ „לענדלאָר”? — איך האָב דעמאָלט געאַרבעט ביי צושטעלן און אריינציען דראָטן אין עטלעכע הייזער, וואָס האָבן געהערט צו א געוועזענעם יידישן שניידער. אָבער אַז עס איז געקומען צו צאָלן האָט ער מיך אָפּגעשיקט צו דער באַנק, וואָס האָט געהאַלטן זיינע „מאָרטגעדזשעס”. דער באַנקיר האָט מיר געזאָגט, אַז קיין געלט קאָן ער מיר ניט געבן, נאָר אזוי ווי ער ווייסט, אַז איך בין אַ געשעפטסמאַן, וואָס האָט קרעדיט און אַ גוטן נאָמען, קאָן ער מיר צושאַרן אַ פּאָר הייזער.

שווער צו זיין אַ צדיק אין סדום, און אַז אַלע האַנדלען, קאָן מען ניט זיין קיין אויסנאַם. הקיצור, דער יצר הרע פון „ביזנעס” האָט מיך איינגערעדט צו ווערן אַ „באַלעבאָס” פון אַ הויז. — וואָס האָב איך דאָ צו פאַרלירן? — האָב איך זיך אַליין געזאָגט — קיין אַרבעט האָב איך דאָך סיי ווי סיי ניט...

עס האָט ניט גענומען לאַנג און איך בין געוואָרן מיט לייטן גלייך, אַ באַלעבאָס פון אַ הויז מיט זעקס שכנים („זעקס פאַמיליע־הויז”), עס רעדט זיך אַזוי „מיט לייטן גלייך”, קיין האַניק האָב איך שוין ניט געלעקט ביי די שכנים... ווי נאָר עס איז געקומען דער ערשטער פון חודש און איך בין געקומען אויפמאָנען דירה־געלט ביי די שכנים, איז אנשטאָט איך זאָל מאָנען, האָט מען ביי מיר גאָר געמאָנט מסתמא, ווי ביי יעדן באַלעבאָס, מען האָט פאַרלאַנגט איך זאָל איבער־פאַרבן די צימערן, געבן נייעם שפּאליר, פאריכטן דאָ און פאַריכטן דאָרט...

איך האָב זיי געפּרואווט דערקלערן, אַז היות זיי צאָלן דאָך מיר אזוי ווייניק דירה געלט, ווי קאָנען זיי פאָדערן איך זאָל אריינ־שטעקן נייע הוצאות אין די דירות? אַדרבה, זאָלן זיי עטוואָס דערלייגן און איך וועל טאָן מיין חוב אַלס באַלעבאָס... אָבער דאָ באַקום איך אַן ענטפער, — פרעגט שוין ניט, — איך האָב מיך שוין איינמאָל איינגעקויפט אַ מפטיר...

— ס׳טייטש ? — האָט זיך איין שכנה צעטנה׳ט אין אַ תרעומות׳-דיק קולכל — איר אויך, איר זאָלט גאָר רעדן די זעלבע רייד ווי אַלע לענדלאָרס. איר, וואָס זיינט קאַטאַרע, ווי רופט מען עס, אַ... ציוניסט־סאָציאַליסט...

—אויך איר העכערט „רענט״ (דירה־געלט) ווי אַלע הויט-שינדער... — האָט זיך אַן אנדער שכן געבייזערט. הכלל, עס איז מיר נעבעך געוואָרן פינצטער און ביטער. וואָס טוט מען ? — מילא, קיין „לענדלאָר״ וועל איך שוין, ווייזט אויס, ניט זיין; איך טויג זיך פשוט ניט אויס אין די „ביזנעס״. לאָמיר פאַרקויפן די געביידע און פטור...

די אַגענטן האָבן זיך באַלד דערוואוסט, אַז איך האָב צו פאַר-קויפן אַ נחלה און קיין בעלנים האָבן ניט אויסגעפעלט.

אין איין שיינעם פרימאָרגן איז אַריינגעקומען צו מיר אַן אָנ-געזועענער קליוולאַנדער באַלעבאָס, אַ פּרעזידענט פון אַ שול און מיר געזאָגט, אַז אַזוי ווי עס איז דערגאַנגען צו זיינע אויערן, אַז איך האַלט ביים פאַרקויפן מיין הויז, וויל ער זיין דער קונה, צי וואָס זאָל איך האָבן צו טאָן מיט מעקלערס און פאַרמיטלער.

זיינען מיר מושוה געוואָרן אויפן פרייז. איך האָב ביי אים גע-גענומען אַ „דעפּאָזיט״ (אויפגאָב־געלט) און אים געגעבן אַ קבלה, אַז איך פּלוני בן פּלוני האָב באַקומען דעם ערשטן איינצאָל פאַרן מיין הויז, וואָס איך פאַרקויף פאַר כך וכך, אַזויפיל און אַזויפיל. מיר זיינען זיך צעגאַנגען מיט דער פאַרשטענדעניש, אַז אין צוויי וואָכן אַרום וועלן מיר ענדיקן די זאַך ביי אַן אַדוואָקאַט על צד היותר טוב.

עס זיינען פאַרביי דריי וואָכן, נאָך אַ וואָך, איך האָב געהאַלטן אין איין רופן און דערמאָנען דעם שול־פּרעזידענט וועגן אונדזער אָפּמאַך, אָבער ער האָט געזאָגט אַז ער האָט צייט. עס איז אַוועק נאָך אַ שטיק צייט און אין קול ואין עונה, — מען הערט ניט און מען זעט ניט; בין איך שוין געצוואונגען אַריינצוגיין צו אַן אַדוואָקאַט און אויסלייגן פאַר אים די גאַנצע געשיכטע. דער אַדוואָקאַט האָט אַריינגעקוקט אין דער זאַך און האָט געפונען, אַז מר. ג... האָט מיין קבלה „רעקאָרדעט״ ד. ה. ער האָט עס פאַרשריבן אין די אינסטאַנצן פון דער שטאָט, אַז דאָס הויז איז זיינס. ער האָט עס שוין געקויפט אויף אַ לעגאַלן אופן, און איך טאָר דאָס הויז

קיינעם ניט פאַרקויפן, ביז עס וועט ארונטערגענומען ווערן פון „רעקאָרד". פאַר מיר איז געבליבן אָנגעבן אין געריכט, אָבער — האָט דער אַדוואָקאַט געזאָגט, — דאָס קען זיך ציען אַ יאָר מיט אַ מיטוואָך און עס וועט מיר קאָסטן אַ שיינע פּאָר דאָלאַר. ער האָט מיך דעריבער געראַטן, איך זאָל זען אויסגלייכן דעם סיכסוך מיטן בעל דבר, מיט דעם שול־פּרעזידענט.

בין איך געקומען צום שיינעם באַלעבאָס און ער האָט מיר געמאַכט אַ פאָרשלאָג, אז עס איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן. ער איז גרייט — האָט ער געזאָגט — מיר „צוריקגעבן" דאָס הויז פאַרן פּרייז פון... פינף הונדערט דאָלאַר. מיין „מזל"...

— און וואו איז יושר?

— געשעפט איז געשעפט! — ענטפערט ער מיר, — און יושר איז ניט קיין סחורה...

האָב איך געמוזט אָוועקלייגן 500 דאָלאַר און „צוריקבאַקומען" די רעכט אויף מיין אייגן הויז, וואָס איך האָב פריער פאַרקויפט געזעצלעך ביי אַן אַדוואָקאַט.

האָב איך שוין געקראָגן נאָך אַ לעקציע וועגן דער הייליקייט פון „פּרי־ענטערפּרייז" (פרייע אונטערנעמונג) אין דער געזעלשאַפט פון „ריעל־עסטייט־ביזנעס"...

צוליב מיינע געשעפטן איז מיר אָפט אויסגעקומען צו שטיין אין קאָנטאַקט מיט דער שטאָטישער אַדמיניסטראַציע. כמעט יעדן צווייטן טאָג האָב איך זיך געפונען אין דער מוניציפּאַליטעט וואו איך האָב אַרויסגענומען דערלויבענישן פאַר מיינע געשעפטן.

„מענטשן זיינען מענטשן, און אַמאָל דאָס אויך ניט" — זאָגט ערגעץ דער גרויסער שלום עליכם, און מען קאָן אָנקניפּן פריינטשאַפט אפילו מיט אַזעלכע מענטשן וואָס האָבן אַנדערע פּאָליטישע איבערצייגונגען און אָנשויאונגען.

די ביוראָקראַטיע, דאָס הייסט די אָנגעשטעלטע אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג זיינען אָפט געווען „מענטשלעך", געווען גרייט צו טאָן אַ טובה. צי זיי האָבן עס געטאָן ווייל עס איז געלעגן אין זייער נאַטור, א מין כאַראַקטער־אייגנשאַפט, אָדער עס האָט זיך גענומען פון דיפּלאָמאַטישע קאַלקולאַציעס, חשבונות פון „פּאָליטישנס", וואָס ווייסן אַז, פריער אָדער שפּעטער, מוזן זיי אָנקומען צו דער שטים

פון אַ בירגער... — סיי ווי, מען האָט געקענט ארויסקריגן פון זיי אַ טובה.

איך האָב געקענט אַ יידישע טאָכטער, וואָס האָט געאַרבעט אין איינער פון די ביוראָען. זי פלעגט פאַר מיר אויסשרייבן די דער־לויבענישן. האָט זי אַמאָל פאַרגעלייגט איך זאָל זיך באַקענען מיט איר פעטער ד... עס זיינען פאַראיבער אינגאַנצן עטלעכע טעג קומט אריין צו מיר אין געשעפט אַ קורצוואוקסיקער, מאָגערער און שטאַרק־באַוועגלעכער פאַרשוין און שטעלט זיך פאָר: ער איז דער מר ד... איך פרעג אים מיט וואָס ער באַשעפטיקט זיך און ער ענטפערט מיר, אַז ער גיט זיך אָפּ מיט טאָן טובות. אָט־ווען מענטשן זיינען אין אַן עת־צרה קומט מען צו אים און ער איז אַלעמאָל גרייט צו העלפן.

מיר זיינען געוואָרן גוטע פריינט. ער איז געווען אַן אָפטער אַריינגייער אין מיין געשעפט. געקומען איז ער נאָך פאַרשיידענע עלעקטרישע מכשירים, און האָט מיר געזאָגט, אַז דער לאָמפּ, יענער אַרטיקל איז פאַר דעם און יענעם ריכטער, פאַר דעם און יענעם שטאַטישן באַאַמטן.

איז געקומען די צייט און איך אַליין האָב געדאַרפט אָנקומען צום בעל־טובה. אין איין אינדערפרי ווען איך בין געקומען צו אים אין הויז האָט מיך באַגעגנט זיין ווייב, אַ ניט־יידישע פרוי, פון אירישן (אירלענדישן) אָפּשטאַם. זי האָט מיר געזאָגט, אַז איר מאַן האַלט אין מיטן דאַוונען, און זי בעט מיך איך זאָל מוחל זיין און אויסוואַרטן אין דערבייאיקן צימער ביז ער וועט אָפּדאַוונען. איך האָב געזען ווי דער בעל־טובה מיינער, איז אָנגעטאָן אין טלית־און־תפילין און דאַוונט מיט כוונה. אַז ער האָט אָפּגעדאַוונט האָט ער צענויפגעלייגט דעם טלית, געשמאַק אַ קוש געטאָן די תפילין און מיך פארבעטן צו עסן מיט אים פרישטיק.

באַלד האָט זיין איריש ווייב דערלאַנגט צום טיש „בעיקאָן" מיט אייער (געפּרעגלטן חזיר) און נאָכן פאַרטיק מאַכן דעם מאכל האָט דער באַלעבאָס געבענטש מיט גרויס כוונה...

מיר איז, פאַרשטייט זיך, די דאָזיקע אויפפירעכץ פון טלית־און־תפילין ייד, וואָס עסט אירישן חזיר און בענטשט דעם יידישן גאָט, ניט געפעלן געוואָרן... דערצו נאָך זיינען דערגאַנגען צו מיינע אויערן קלאַנגען, אַז דער ד... באַשעפטיקט זיך מיט ניט קיין כשרע

עסקים; אַז ער איז אַ גאַנצער מחותן מיט דער אונטערוועלט, און איך האָב אָפּגעמאַכט צו האַלטן זיך פון אים אויף אַ געוויסער דיסטאַנץ, אָבער ניט שטענדיק איז עס מיר געלונגען. איך האָב געהאַט צו טאָן מיט בעלי חובות און האָב זיך גענויטיקט אין אַ טובה פון דעם מענטשן, וואָס איז אַלעמאָל גרייט צו טאָן אַ טובה...

עס האָט פּאַסירט און איך האָב געהאַט שוועריקייטן אויפצומאָנען אַ חוב ביי אַ געוויסן באַלעבאָס. ער פלעגט מיר אויסצאָלן דעם חוב מיט צען דאָלאַרדיקע און עס איז מיר נמאס געוואָרן צו גיין נאָך די צענערלעך. האָב איך זיך אָנגעכאַפּט אין אַ פּשרה וואָס מיין בעל־חוב האָט פאָרגעשלאָגן: אַזוי ווי ער איז מיר שולדיק געבליבן נײַנציק דאָלאַר, און לויט דעם אופן פון זיין אויסצאָלן, דאַרף עס נאָך נעמען חדשים און יאָרן ביז איך וועל קריגן דעם לעצטן צענערל, לייגט ער דעריבער פאָר, איך זאָל „סעטלען" (שליכטן) דעם חוב, ער וועט מיר געבן פינף־און־פערציק דאָלאַר און מיר זיינען „קוויט"; איך וועל דערביי נאָך פאַרדינען, ווייל איך וועל פאַרשפּאָרן אָפּשלאָגן די פיס און צערייסן די שיך... איך האָב זיך אָנגעכאַפּט אין דעם פאָרשלאָג, אַ ברירה האָב איך געהאַט? האָב איך צוגענומען די 45 דאָלאַר און אים געגעבן אַ קבלה, אַז ער איז מיר מער ניט שולדיק. אהיים בין איך אַוועק אין ניט קיין צו־אויפגעלייגטער שטימונג. סוף־כל־סוף האָב איך דאָך פאַרלוירן גאַנצע 45 דאָלאַר, אין יענער צייט און ביי יענעם עקאָנאָמישן מצב מיינעם, איז עס ניט געווען קיין קליינע סומע...

ווען איך בין אריינגעקומען אין געשעפט האָב איך שוין דאָרט געטראָפן דעם „בעל טובה" ד... ער האָט גלייך באַמערקט, אַז עפּעס דריקט מיך — אַ פּנים איז אַ מסור — און מיך געפרעגט:

— וואָס איז מיט אייך?

האָב איך אים דערציילט די גאַנצע מעשה און אים נאָך דערצו באַוויזן אַ קאָפּיע פון דער קבלה.

— אַזאַ זאַך וועט ביי מיר ניט גיין! — האָט ער אויסגערופן מיט צאָרן — איך וועל ניט לאָזן מען זאָל אַזוי באַהאַנדלען מיין פריינט. — איר גיט אָן אין געריכט און דאָס איבעריקע לאָזט איבער צו מיר... איך וועל שוין אַכטונג געבן אויפן געזעץ...

קיין גרויס צוטרוי האָב איך ניט געהאַט צו דעם טלית־און־

תפילין־ייד, דאָך, עס שאַדט ניט... — האָב איך צו זיך אַליין געזאָגט.

מיט זעקס חדשים שפּעטער איז פאָרגעקומען דער פּראָצעס, וואָס איז צוגעגאַנגען אויף דעם אופן: איידער די „קעיס" איז פאָר־געבראַכט געוואָרן פאַרן ריכטער, איז ד... אריין אין געריכט־זאַל, האָט אַוועקגערופן דעם ריכטער אין אַ זייט און אים עפּעס געזאָגט. נאָכדעם האָט דער ריכטער אויסגעהערט ביידע צדדים, האָט זיך געהייסן ווייזן די קבלה, און באַלד אַרויסגעטראָגן דעם פּסק, אַז מיין בעל חוב דאַרף מיר אויסצאָלן די גאַנצע סומע מיט פּראָצענט פאַר די לעצטע פאָר יאָר, און אַז ער דאַרף אויך אויסשטיין אַלע הוצאות וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיטן מאָנען דאָס געלט. דער ריכטער האָט אויך דערלאַנגט מיין בעל־חוב אַ פאָרציע מוסר, אַז יענעם איז איצט פינצטער געוואָרן אין די אויגן... איך בין אַוועק פון געריכט אין אַ פריילעכער שטימונג.

אַזוי האָב איך געלערנט אַ לעקציע אין הלכות געזעץ: דער מוסר־השכל איז געווען: וואויל איז דעם וואָס האָט אַ צד אין טיש, גוט איז יענעם, וואָס האָט אַ פריינט, וואָס קאָן עפענען אַ טיר וואו מען דאַרף. גאָר גוט איז דעם מענטשן וואָס האָט אַ „צי", אויפן אַמעריקאַנער לשון — „פול"...

# אויסגעדאַכטע מיליאָנען

געווען איז עס אין די יאָרן 1928־1929.

אין די ציוניסטישע און ראַדיקאַלע קרייזן פון דער יידישער קליוולאַנד האָט זיך דאַן גע׳רעש׳ט מיט אַ געשעעניש. אַ באַ־שיידענער און בכבודיקער מיטגליד פון נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד ש... אַ מענטש פון די רייען, וואָס פלעגט זיך לאָזן קאָסטן אַ פּאָר דאָלאַר פאַר געזעלשאַפטלעכע צוועקן, אַ ייד, וואָס האָט געשיקט זיינע קינדער לערנען אין דער שולע, — דער דאָזיקער ש.. האָט מען גערעדט, איז מיטאַמאָל גאָר אויפגעריכט געוואָרן, געוואָרן אַ מיליאָנער... האָט זיך געטאָן אויף טיש און אויף בענק!

וויאַזוי ווערט עס איינער פון אנשי־שלומנו, אַן „עמך״־ייד, איבערנאַכט אַן עושר? איז דער תירוץ: ער האָט געמאַכט אַ „פּאַטענט״, אַ דערפינדונג, און ער וועט דערפאַר באַקומען פון וואַשינגטאָן אַ באַלוינונג. וויפיל, אַ מיליאָן? — ווייס איך וואָס? — עס האַנדלט זיך וועגן מיליאָנען.

האָט די נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע באַוועגונג פון קליוולאַנד מיטאַמאָל אַריינבאַקומען אַ מילאָנער. איין קלייניקייט! האָט זיך אונדזער וועלטל ממש געוויגט ווי אויף רעדער, געגאַנגען כאָדאָראָם. ש... איז געווען דער געשפּרעך פון טאָג.

דער חבר ש... האָט געהאַט שכל צו פּראָפיטירן פון דעם שם־טוב, פונעם גוטן נאָמען וואָס ער האָט געקראָגן. „אַ גביר האָט מזל״, און אויפן סמך פון די מיליאָנען, וואָס ער וועט באַלד באַקומען, האָט ער אָנגעהויבן לייען און באָרגן אויף רעכטס און אויף לינקס... קרעדיט האָט אים שוין ניט געפעלט, אַז מען רעדט אַ מיליאָנער, איז דאָך ניט שייך... מען האָט געשמועסט, אַז ער פירט זיך שוין אויף ווי דער אמתער נגיד. עס זיצן שוין ביי אים אין שטוב אַ טוץ שניידערינס וואָס פאַסן צו נייע קליידער־פאַסאָנען דער מאַדאַם ש... ער אַליין, דער נגיד, גרייט זיך צו טאָן עפּעס גרויסעס פאַר דער באַוועגונג. איר שפּילט זיך מיט אַ מיליאָנער!...

די פירערשאַפט פון נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד האָט פאַר־רופן אַן אסיפה און מען האָט באַשלאָסן אַז היות מען בויטיקט זיך אין אַ נייעם בנין פאַר אַ קולטור־צענטער, וועט מען קויפן דעם באַדן, און ער, דער אויפגעקומענער עושר, וועט שוין צושטעלן די מזומנים פאַרן אויפבוי פון צענטער. פאַרשטייט זיך, אַז פריער דאַרף מען צוגרייטן אַ באַנקעט לכבוד דעם נגיד הגדול, און דאָרטן, אויפן פייערלעכן אָוונט כטוב לב המלך, וועט ער אַליין אַנאָנסירן די סומע וואָס ער איז מנדב פאַרן צענטער...

צווישן עולם באַגייסטערטע בין איך געווען דער איינציקער אַפּיקורס, וואָס האָט, מילד גערעדט, זיך באַצויגן סקעפּטיש און גע־צווייפלט וועגן דער ממשותדיקייט פון גאַנצן ענין. עס האָט זיך מיר פשוט ניט געלייגט אויפן שכל, אַז אַ מענטשל ווי ש... אַ ייד מיט קנאַפּער בילדונג, וואָס הגם ער איז געווען אַ שטיקל אינזשינער אָבער וואָס זיין גאַנצע אינזשינערישע קאָנטשאַפּט איז געווען דאָס מעסטן לאַנד, — אַז ער זאָל מיט אַמאָל דערפינדן אַ זאַך, וואָס קאָן צונויץ קומען אין וואַשינגטאָן. איך האָב אויך געוואוסט — פון דערפאַרונג — אַז ראשית כל דאַרף אַ קרעדירטער פּאַטענט מצד דער דעגירונג רעקאָרדירט ווערן אין וואַשינגטאָן און דאָ האָט קיינער דעם נאָמען פון דערפינדער ניט דערמאָנט...

איך האָב מיינע ספקות ארויסגעזאָגט פאַר חברים, אָבער עס האָט אויף זיי ניט געמאַכט דעם מינדסטן איינדרוק. מען האָט רק געהאַלטן אין איין רעדן מיט קעלבערנער התפעלות וועגן דעם אויפגעקומענעם גביר, דעם פּאַטענט־מילאָנער.

איינער האָט דערציילט, אַז ער האָט אליין געלייענט אַ בריוו פון אַ גרויסער באַנק, וואָס ווענדט זיך צו דעם ש... מיט אַ ביטע, ער זאָל אינוועסטירן אין דער באַנק זיינע מילאָנען. אַ צווייטער האָט דערציילט, אַז אַזוי ווי ער, איז לויט זיין פּראָפעסיע אַ שטייער־מאַנער, האָט אים ש... אַריינגערופן און זיך מיט אים באַראַטן ווי ער זאָל באַריכטן זיין הכנסה, אויסמאַכן דעם שטייער. פאַר דער עצה, וואָס ער, דער שטייער־אויסמאַכער, האָט אים געגעבן, האָט אים דער גביר באַלוינט מיט גאַנצע דריי הונדערט דאָלאַר. און אַז איך האָב גע׳טענה׳ט — זאָגט דער עדות—אַז 300 דאָלער—איז צופיל פאַר

אַן עצה, ענטפערט מיר ש... — ס'מאַכט ניט, אייער עצה וועט מיר שפּאָרן שיינע עטלעכע טויזנטער...

אַזוי האָט מען גערעדט און געציילט די מיליאָנען און געשאַצט דאָס פאַרמעגן פון בעל הפּאַטענט.

איך האָב געוואָלט זיין ביים פייערלעכן באַנקעט, אָבער וויסנדיק, אַז מען וועט מיך זיכער רופן צו זאָגן אַ וואָרט לכבוד דעם נגיד, האָב איך באַשלאָסן בעסער צו זיצן אין דער היים און אויסמיידן די פאַרלעגנהייט. אַז מען רופט צום פּסוק דאַרף מען גיין, איז וואָס זאָגט מען? יאָ לויבן, ניט לויבן? בעסער אַז מען שווייגט...

אויף מאָרגן האָב איך אָפּגענומען גרוסן פון באַנקעט. דאָס איז שוין געווען איינמאָל אַ באַנקעט! אַ באַנקעט וואָס לא היה כמוהו! אָט, וואָס מען האָט דערציילט: דער פירער פון דער לאָקאַלער ציוניסטישער באַוועגונג ג... האָט אין זיין באַגריסונג־וואָרט לכבוד דעם בעל היובל אויסגערופן מיט גרויס פּאַטאָס: דאָס ידישע פאָלק פאַרמאָגט היינט צו טאָג צוויי גרויסע פּערזענלעכקייטן, מיט וועלכע עס מעג שטאָלצירן: אַלבערט איינשטיין און אונדזער טייערער יובילאַר ש. .. ער איז אונדז טייער ווייל ער איז איינער פון אונדז, אַ קינד פון „עמך", אַ זון פון פאָלק. — דער עולם האָט די דאָזיקע ווערטער באַגלייט מיט אַ כוואַליע שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן...

שפּעטער בין איך געוואויר געוואָרן דעם סוד פאַרוואָס ג... האָט אַזוי שיין „באַזונגען" דעם יובילאַר, אַז ער האָט אים אַזש אַוועקגעשטעלט אויף איין פּעדעסטאַל מיט אַלבערט איינשטיין. די אורזאַך: דער בייער מיליאָנער האָט געקויפט ביי דעם מר ג... אַן „אינשורענס־פּאָליסי" (פאַרזיכערונגס־אַקט) פאַר אַ גאַנצן מיליאָן. אמת, אַז די ערשטע איינצאָלונג האָט ער דערווייל געמאַכט מיט אַ וועקסל... אָבער אַ מיליאָן איז אַ מיליאָן... מילא, — האָב איך מיר געטראַכט — און מלמד זכות געווען אויף דעם פירער פון די קליוולאַנדער ציוניסטן; דער ייד איז נעבעך אַ נצרך, האָט זיך איצט פאַר אים געעפנט אַ גאָלד־גרוב, זאָל אים וואויל באַקומען...

אין אַ פּאָר טעג ארום האָב איך אין אַ רעסטאָראַן אָנגעטראָפן דעם ציוניסטישן פירער און האָב אים אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דעם פאַקט וואָס די פרעסע האָט עד היום ניט פּובליקירט די נייעס וועגן „פּאַטענט". אָבער ג... האָט געקוקט אויף מיר מיט

פאַרוואונדערונג: וואָס, איך גלויבט ניט אין דער גאַנצער מעשה, אַ גאַנצע וועלט קלינגט דאָך מיט דעם ש...

עס האָבן זיך אָנגעהויבן ארומטראָגן קלאַנגען וועגן דעם גרויסן דערפינדער. מען האָט געהאַלטן אין איין רעדן וועגן זיין גדלותדיקן מצב. ער גרייט זיך צו מאַכן אַ רייזע איבער דער וועלט; דערווייל איז ער צוגעפאָרן קיין פּיטסבורג, וואו ער האָט זיך געטראָפן מיטן קאַסירער פון דער רעגירונג (סעקרעטערי אָוו דהי טרעזשורי), דעם מאַגנאַט מעלאָן; ער איז אַ גאַסט ביי מעלאָנען; דער מולטי־מילאָנער מעלאָן האָט אים אָפּגעוואַרט ביי דער באַן; ש... פאָרט אין דער באַן אין דער באַגלייטונג פון צוויי דאָקטוירים...

איך האָב אויך באַגעגנט אַ פּיטסבורגער יידן וועלכער האָט ניט בלויז באַשטעטיקט די קלאַנגען, נאָר האָט צוגעגעבן נאָך מער איבעראַשנדיקס. דער מיליאָנער ש... — דערציילט ער מיר, — וואוינט אין מילאָנערסקן וויליאַם פּען האָטעל. איך אליין, אַן אייגנטימער פון אַ פאַבריק פון עלעקטרישע הענגלייכטער האָב אים באַזוכט און נאָכדעם האָט ער אָפּגעשטאַט אַ באַזוך אין מיין פאַבריק. ער האָט מיר אפילו צוגעזאָגט צו אינוועסטירן אין מיין געשעפט אַ היבשע סומע...

— נו, האָט ער שוין אינוועסטירט? — פרעג איך דעם פּיטס־בורגער פאַבריקאַנט.

— ניין — ענטפערט ער מיר, — דערווייל האָב איך אים באַקאַנט מיט מיין ברודער, וואָס האָט אים עד לחשבון ביז די עסקים מיט מעלאָנען וועלן אַוועק, געבאָרגט 500 דאָלאַר...

הקיצור, וואָס איז געווען דער סוף פון דער גאַנצער געשיכטע? זייער אַ טרויעריקע.

יאָרן זיינען אַוועק. אין 1942 רופט מען מיך צום טעלעפאָן. אויף יענער זייט ליניע געפינט זיך דער אידעם פון „מיליאָנער". ער זאָגט מיר צו, היות ער זאַמלט חתימות, אונטערשריפטן אויף אַ ווענדונג צו דער רעגירונג, בעט ער מיך...

— וואָס פאַר אַ ווענדונג? — פרעג איך.

אַ פּעטיציע וואָס זאָגט עדות וועגן כאַראַקטער, אַז ש... איז אַלעמאָל געווען אַן אָרענטלעכער מענטש..

— וואָס טויג אייך אַזאַ פּעטיציע?

— וואָס איר ווייסט גאָרניט וועגן דעם אומגליק? ש... זיצט דאָך שוין פינף יאָר אין תפיסה. מען דאַרף העלפן אים באַפרייען. ער איז פאַר׳משפּט אויף גאַנצע זיבן יאָר...

איך האָב ניט געוואוסט וויאַזוי דער ש... איז אַריינגעפאַלן, איך האָב אָבער יאָ געוואוסט, אַז די זעלבע חברים וואָס האָבן דעם ש... אַוועקגעשטעלט אויף איין מדרגה מיט אַלבערט איינשטיין, האָבן איצט ניט געוואָלט אונטערשרייבן די פּעטיציע מען זאָל אים באַגנעדיקן און ער האָט געמוזט אָפּזיצן דעם פולן טערמין...

# איך „אַנטלויף" אין שפּיטאָל

גלגל החוזר — אַ ראָד, וואָס דרייט זיך אַרויף און אַראָפּ. די רעדער דרייען זיך אַזוי לאַנג ביז זיי שטעלן זיך אָפּ. פּראָספּעריטי און קריזיס: היינט אַ פאַבריקאַנט, מאָרגן — אַן אָרעמאַן, וואָס זוכט צו פאַרקויפן זיין איינציקע סחורה — זיינע הענט...

ווי שוין דערציילט, בין איך אַ יאָרצענדליק — פון 1922 ביז 1932 — געווען אַ פאַבריקאַנט פון עלעקטרישע פּראָדוקטן, וואָס דאָס האָט מיר פאַרשאַפט גענוג קאָפּ־דרייעניש און דאגות. די וועלט האָט מיך אפילו געהאַלטן פאַר אַ שטיקל נגיד, אָבער מיין גאַנצער מסחר איז געווען באַזירט אויף לייען און באָרגן, חובות און זאָרגן... היינט האָב איך געליען ביי חיימען און מאָרגן געדאַרפט צאָלן יאַנקלען...

אין יענע טעג האָב איך, צו זיך געזאָגט: אַ פאַבריקאַנט אַן געלט און אַן דערפאַרונג זאָל בעסער ניט געבוירן ווערן, — און דערביי געטראַכט: ווי גוט און ווי וואויל וואָלט מיר געווען, ווען איך כאַפּ זיך אויף אין איין פרימאָרגן און געפין אויס, אַז מיין גאַנצער מסחר איז געווען אַ פוסטער חלום און איך בין צוריק אַן אַרבעטער.

וויאַזוי ווערט מען פּטור פון די באָרגענישן און צאָלונגען?

די חובות האָבן מיך אַזוי געדריקט, און אַזוי פאַרשוועכט מיין געמיט, אַז מיין איינציקער פאַרלאַנג איז איצט געווען פטור צו ווערן פון חובות, זאָל זיין דורך אַן אָנשיקעניש, אַ קאַטאַסטראָפע און אַ קראַנקהייט אבי איך זאָל ניט דאַרפן אָנקוקן די בעלי חובות.

אין איין טאָג האָב איך דערפילט אַ ווייטאָג אין מאָגן און בין אַריין צום דאָקטאָר. ער האָט מיך באַטראַכט און געזאָגט:

— עס איז מעגלעך, אַז דאָס איז דער ערשטער סימפּטאָם פון דער „בלינדער קישקע" („פּענדיסייטעס"); אָבער איך דאַרף נאָך צו וואַרטן, אין פאַל איך באַקום אַ צווייטע אַטאַקע, וועט ער מיך דאַן רעקאָמענדירן אין שפּיטאָל צו אָפּערירן. ....

בשעת מעשה, הערנדיק די ווערטער, איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק אַז דאָס אַוועקגיין אויף עטלעכע וואָכן אין שפּיטאָל קאָן גאָר זיין פאַר מיר אַ שטיקל ישועה. אַז מען טרינקט זיך כאַפּט מען זיך אָן אין אַ שטרוי, און אז מען איז אַרומגערינגלט פון בעלי־חובות, קאָן דער שפּיטאָל ווערן אַ גוטער מקום־מקלט, אַן אַנטרינונגס־פּלאַץ. מענטשן וועלן דאָך ניט קומען אין שפּיטאָל אריין מאָנען געלט ביי אַ חולה מסוכן...

האָב איך דערקלערט דעם דאָקטאָר אַז היות איך מוז אָפּט רייזן צוליב מיינע געשעפטן, קאָן דאָך, חלילה, טרעפן איך זאָל קריגן די אַפּענדיציט־אַטאַקע אין מיטן וועג, איז אפשר גלייכער ער זאָל מיך גלייך פאַרשרייבן אין שפּיטאָל און פטור אַן עסק! דער דאָקטאָר האָט מיך פאַרשריבן אין שפּיטאָל און אַזוי אַרום בין איך פטור געוואָרן אויף עטלעכע וואָכן פון די בעלי חובות.

אַ געוויסע צייט נאָך דער „קראַנקהייט" האָב איך זיך אָפּגעזוכט אַ שותף מיט געלט. דאָס רעדל האָט זיך ווידער אַ דריי געטאָן און דאָס געשעפט איז אַוועק גאַנץ נשקשה׳דיק... האָט זיך אָבער באַלד אָנגערוקט דער טרויעריק־באַרימטער קראַך פון יאָר 1929, וואָס האָט עקאָנאָמיש צעטרייסלט דאָס גאַנצע לאַנד, אָפּגעשטעלט די רעדער פון די פאַבריקן, געמאַכט א סוף צו דער בוי־אַרבעט און באַזונדערס רואינירט דעם קליינעם געשעפטסמאַן. באַנקראָטן האָבן זיך געמערט פון טאָג צו טאָג און אָפּט איז טאַקע באַנקראָט געווען דער איינציקער אויסוועג.

אין יענע טעג איז מיין שותף געוואָרן אַלץ נערוועזער, אַלץ צעטרייסלטער, מיט דער דאגה, אַז אָט־אָט און ער פאַרלירט דאָס ביסל מזומן וואָס ער האָט אריינגעשטעקט אין געשעפט. מיר, דעם אָרעמען שותף, וואָס האָט גאָרניט, חוץ דעם פאַך, אריינגעלייגט אין געשעפט איז ער פשוט דערגאַנגען די יאָרן... עס האָט ניט גענומען לאַנג און מיין שותף האָט באַשלאָסן אַז עס איז געקומען די צייט, ער אויך זאָל זיך אָנשליסן אין דער אָנשטענדיקער חבריה באַנקראָטירטע. אַזוי האָט ער זיך באַפרייט פון זיינע חובות... איך בין ווידער געבליבן ווי אויפן וואַסער. אויס פאַבריקאַנט און ניט קיין ארבעטער. צוליבן קריזיס און צוליב דער מוראדיקער אַרבעטס־לאָזיקייט איז פאַר מיר ניט געווען דער מינדסטער שאַנס צו קריגן וועלכע עס איז אַרבעט.

אָבער, ווי געזאָגט, דאָס רעדל דרייט זיך אַרויף־אַראָפּ. די טבע פון קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם. פּעריאָדישע ציקלען פון קריזיסן, וואָס ווערן בייגעקומען דורך געוויסע איינשפּריצונגען, וואָס שטעלן ווידער די קראַנקע עקאָנאָמיק אויף די פיס. פון קריזיס וואַקסן אַרויס די סאָציאַלע רעפאָרמען, און ווידער קומט אַ „נאָרמאַלער" פּעריאָד.

נאָכן הואווער־קריזיס איז געקומען דער רוזוועלטישער „ניו־דיל", און דער חולה איז ביסלעכווייז צוריקגעקומען צו זיך... קיין געלט האָב איך טאַקע ניט געהאַט, אָבער די אינדוסטריעלע דער־פאַרונג איז מיר פאַרבליבן. דעמאָלט האָט מיר מיין געוועזענער שותף געגעבן אַ שטעלע מיט אַ צוזאָג אויף אַ טייל ריוח אין געשעפט און איך בין ווידער אריין אין „ביזנעס".

# ווער טעטיק אין „איקאָר״

ווי נאָר איך האָב דערפילט באָדן אונטער די פיס און מער ווייניקער פאַרזיכערט מיין עקאָנאָמישע עקזיסטענץ, האָב איך זיך ווידער אַריינגעוואָרפן אין געזעלשאַפטלעכער און קולטור־אַרבעט.

די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע טראַדיציעס אויף וועלכע איך בין דערצויגן געוואָרן; מיין טעטיקייט אין ס. ס. און פועלי־ציון, און מיין סאָציאַלער באַוואוסטזיין, וואָס איז רייפער געוואָרן אין די קריזיס־יאָרן, — דאָס אַלץ האָט געווירקט איך זאָל ווערן טעטיק אין די רייען פון דער „איקאָר״־ אָרגאַניזאַציע וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט העלפן דער איבערוואַנדערונג פון סאָוועטישע יידן אין דער וויט־מזרחדיקער ,יידישער אויטאָנאָמער געגנט — ביראָ־בידזשאַן.

עס איז געווען נאָך דער אָקטאָבער רעוואָלוציע. דאָס אומגעריכטע רוסלאַנד האָט מיך געהאַלטן אין גרויס שפּאַנונג. איך האָב געלייענט אַלץ וואָס איז געווען געדרוקט אין די צייטונגען, און כ׳בין אַלץ נישט געווען באַפרידיקט. עס האָט זיך געוואָלט וויסן וואָס מער און וואָס אויספירלעכער. איך בין אַרומגעגאַנגען אַ צעחושטער. און אָט האָב איך באַקומען דאָס בוך פון דזשאָן ריד „די צען טעג וואָס האָבן צעטרייסלט די וועלט״. האָב איך עס געלייענט איין מאָל און נאָך אַמאָל און כ׳האָב גענומען פילן, אַז עפּעס גרויסעס איז געשען. ס׳איז ווייזט אויס דער אָנהויב פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע וועגן וועלכער מ׳האָט געטרוימט און אָט הויבט אָן דער טרוים פאַר־ווירקלעכט צו ווערן.

ווען איך האָב אויף אונדזערע פאַרזאַמלונגען ביי די פועלי־ציון אַרויפגעבראַכט די פראַגע וועגן די געשעענישן אין רוסלאַנד, און אַז מיר פועלי־ציון באַדאַרפן זיך אינטערעסירן מיט דעם אַלעמען וואָס דאָרטן קומט פאָר און מיר דאַרפן רעאַגירן אויף דעם, — האָב איך געקראָגן אַ קאַלטע אויפנאַמע ביי די חברים, ווי די זאַך וואָלט קיין שייכות ניט געהאַט צו אונדז... עס האָב זיך גענומען שאַפן אַ פרעמדקייט צווישן אונדז. איך האָב זיך גענומען

פילן ווי אַ זייטיקער אין דער פּאַרטיי פּועלי ציון. איך האָב נישט געקאָנט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז מיר, סאָציאַליסטן־ציוניסטן דאַרפן בלייבן גלייכגילטיק צו אַזאַ וועלט־פּאַסירונג.

אַז עס איז געקומען די נייס אַז די סאָוועטן־רעגירונג באַזעצט יידן אויף ערד, בין איך געווען אין גרויס התפּעלות. איך האָב געזען אין דעם אַן אָנהייב פונעם איבערבוי פון דעם יידישן לעבן, און אויך געטראַכט, אַז מיין אַלטער טעריטאָריאַליסטישער אידעאַל הויבט אָן ווערן אַ קאָנקרעטער ענין. און אָט זיינען אָנגעקומען נייע פריידיקע בשורות וועגן יידישע קאָלאָניעס אין כערסאָנער גובערניע און אין קרים, און וועגן דעם אַז ס׳איז אויפגעקומען דער פּלאַן פון אַ קאָנצענטרירטער יידישער קאָלאָניזאַציע. מיין באַגייסטערונג איז אַלץ געשטיגן און איך האָב גענומען גלויבן, אַז אין סאָוועטנ־פאַרבאַנד וועט פאַרווירקלעכט ווערן אונדזער טעריטאָריאַליסטישער אידעאַל, און אַז די דאָרטיקע יידן וועלן שאַפן אַ יידישע טעריטאָריע, וואו אונדזער שפּראַך און קולטור וועט אויפלעבן און צוזאַמען מיט די אַלע אַנדערע, גרעסערע און קלענערע פעלקער וועט לעבן און וואַקסן אַ פריי יידיש פאָלק מיט אַ רייכער יידישער קולטור.

איין מאָל איז צו מיר דערגאַנגען אַ ידיעה, אַז אין קליוולאַנד ווערט אָפּגעהאַלטן אַ פאַרזאַמלונג, וואו אַ רעדנער פון ניו יאָרק, וועט רעדן וועגן דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין סאָוועטנפאַרבאַנד. בין איך געגאַנגען צו דער פאַרזאַמלונג. כ׳האָב אויסגעהערט די באַגייסטערטע רייד פונעם רעדנער (כ׳געדענק נישט, ווער עס איז געווען!), וועלכער האָט דערציילט, אַז ס׳האָט זיך געגרינדעט אַן אָרגאַניזאַציע מיטן נאָמען „איקאָר״, פאַרן צוועק צו העלפן דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין סאָוועטנפאַרבאַנד.

מיר האָבן געוואוסט, אַז דער „דזשאָינט״, די אָרגאַניזאַציע פון די היגע רייכע יידן, העלפט אויך מיט די קאָלאָניזאַציע פון די סאָוועטישע יידן און דעריבער באַדאַרפן די יידישע מאַסן צושטיין צו דער דאָזיקער וויכטיקער אַרבעט. איך האָב אויסגעהערט דעם באַריכט און געהאַלטן, אַז עס איז מער ווי רעכט צולייגן אַ האַנט צו דער נייער אָרגאַניזאַציע. איך האָב באַשלאָסן זיך ווענדן צו מיין אָרגאַניזאַציע, צו דעם נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד, וואו איך

בין געווען אַ טעטיקער מיטגליד, אַז מיר זאָלן צושטיין צו דעם „איקאָר״. אָבער מיין רעדן האָט נישט געפונען קיין אָפּקלאַנג.

און ווען איך האָב געזען, אַז מיינע ווענדונגען און אַפּילן צו די מיטגלידער פון נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד, געפינען נישט קיין אָפּקלאַנג, בין איך אַוועק צו אַ פאַרזאַמלונג, וואָס איז דאַן גערופן געוואָרן פון דעם „איקאָר״ און דאָרטן האָב איך זיך אָנגעשלאָסן אין דער נייער אָרגאַניזאַציע, און מיטן גאַנצן ברען פון מיין נשמה האָב איך זיך־אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט פון „איקאָר״, לטובת דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, אויף וועלכער איך האָב געלייגט גאָר גרויסע נאַציאָנאַלע האָפנונגען.

אין די יאָרן 1924־1929 איז דער „איקאָר״ שוין געווען אַן אמתע פאָלקס־באַוועגונג. ביי אונדז, אין אונדזער קליוולאַנד, האָבן זיך הונדערטער יידישע פאָלקס־מענטשן אָנגעשלאָסן אין „איקאָר״. אונדזערע פאַרזאַמלונגען און אונטערנעמונגען האָבן געטראָגן אַ פאָלקס־כאַראַקטער. מיר האָבן אָדורכגעפירט גרויסע זאַמלונגען פאַר געצייג צו שיקן עס קיין ביראָבידזשאַן. איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם באַנקעט מיט דוד בערגלסאָן, ווען ער האָט באַזוכט אונדזער שטאָט. דער באַנקעט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאָלקס־דעמאָנסטראַציע אויך פאַר דער יידישער קולטור.

דעם ערשטן צוריקשטויס און קלאַפּ האָבן מיר געקראָגן אין 1929, אין די טרויעריקע טעג, ווען עס איז פאָרגעקומען דער פּאָגראָם אין ארץ־ישראל, און די שטעלונג פון די פירנדיקע קרייזן אין די ערשטע טעג וואָס האָט אַרויסגערופן אַן אומצופרידנקייט צווישן אַ צאָל חברים־פריינט. זיי האָבן פאַרלאָזט אונדזערע רייען. מיר האָבן דאָך איבערגעלעבט דעם קריזיס און די אָרגאַניזאַציע איז ווייטער אָנגעגאַנגען מיט איר אַרבעט.

מיר האָבן פאָרגעזעצט אונדזער אַרבעט אין די יאָרן 1931 און 1932, ווען עס האָט געהערשט אַ קריזיס אין דער אַמעריקאַנער ווירטשאַפט. אין יענער צייט האָבן פיר חברים, צוויי מיט זייערע פאַמיליעס, זיך געלאָזט קיין ביראָבידזשאַן ווי פּיאָנערן. לײדער, האָט זיך פון אָט דער רייזע אויסגעלאָזט אַ ביטערער סוף. אין אַ יאָר אַרום זיינען אַלע געקומען צוריק. נישט ביראָבידזשאַן איז געווען גרייט פאַר זיי, און נישט זיי זיינען געווען גרייט פאַר דעם

נייעם לאַנד. זיי האָבן זיך איינגעלעבט און צוגעוואוינט צום אמערי־קאַנער סטאַנדאַרד פון לעבן, און נישט געקאָנט זיך צופּאַסן צום דאָרטיקן, דאַן זייער פּרימיטיוון לעבן, ביי די אַמאָליקע לעבנס־באַדינגונגען. אונדזערע פּאַרנונפטיקע טוער, און מיטגלידער האָבן עס פאַרשטאַנען, און דער דורכפאַל פון דעם ערשטן פּרוּוו האָט אונדז נישט אַנטמוטיקט. מ׳האָט ווייטער געטאָן די אַרבעט, הגם אביסל אָפּגעשוואַכט.

און דאָ איז אונטערגעקומען אַ געשעעניש, וואָס האָט אריינ־געבראַכט אַ נייעם אויפשוואונג אין דער באַוועגונג. יענעם יאָר איז אָנגעקומען די נייעס, אַז דער סאָוועטן פאַרבאַנד פאַרבעט אַ דע־לעגאַציע פון אַמעריקאַנער יידן צו באַזוכן די יידישע אויטאָ־נאָמע געגנט ביראָבידזשאַן. פאַר קליוולאַנד זיינען באַשטימט געוואָרן צוויי מיטגלידער אין דער דעלעגאַציע. דאָס האָט אונדז אַלעמען אויפגעמונטערט. מיר האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין דער קאָמפּאַניע צו שיקן אַ דעלעגאַציע קיין ביראָבידזשאַן, די יידישע לאַנדסמאַנ־שאַפט־אָרגאַניזאַציעס, די יידישע יוניאָנס. ס׳איז צוגעצויגן געוואָרן צו דער קאָמפּאַניע דער באַוואוסטער אַרבעטער־פירער וויליאַם גאָלדבערג, וואָס האָט געהאַט אַ סך פאַרדינסטן אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. ער האָט זיך איבערגעגעבן דער אַרבעט, און זיין שטאַרקער איינפלוס אין די יוניאָנס, האָט געווירקט, אַז די קאָמפּאַניע זאָל אָננעמען אַ ברייטן פאָלקס־כאַראַקטער.

אויף אַ פאָלקס־קאָנפערענץ איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז כדי צו דעקן די הוצאות פון די צוויי דעלעגאַטן, זאָל יעדער מאַן און פרוי, וואָס וועט אָפּגעבן אַ שטימע פאַר אַ דעלעגאַט, איינצאָלן 10 סענט פאַר דער רעכט צו שטימען. די קאַנדידאַטן זיינען געווען: דער פאַרשטאָרבענער קאַטאָווסקי, וויִס־פּרעזידענט פון דער אינטער־נעשאַנאַל לעידיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן און מענעדזשער פון קליוולאַנדער יוניאָן, און איך. די וואַל־קאָמפּאַניע איז אַריבער ווייט איבער די גרענעצן פון דער יידישער גאַס. די אַמעריקאַנער פּרעסע האָט געווידמעט אַרטיקלען דער פאָלקס־קאָמפּאַניע, און עס זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין די צייטונגען אויך איבערזיכטן, אינ־פאָרמאַציע איבער ביראָבידזשאַן, אין יעדער יידישער יוניאָן און

אין יעדער לאַנדסמאַנשאַפט זיינען פאָרגעקומען וואַלן פאַר דער פאָלקס־דעלעגאַציע קיין ביראָבידזשאַן.

דער רעזולטאַט האָט אַלעמען איבערראַשט. עס זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן 7,500 שטימען און עס איז אַריינגעפלאָסן אַ סומע פון 1,000 דאָלאַר אויף הוצאות־הדרך. עס זיינען אויסגעקליבן געוואָרן קאַטאָווסקי און איך.

ס'איז דערביי אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז מיט איניקע יאָר פריער האָב איך אָנגעפירט אַ קאָמפּאַניע פאַר אַ דעלעגאַציע צום יידישן קאָנגרעס, און אָן אַ באַצאָלס פאַרן רעכט צו שטימען, האָבן מיר אויפגעזאַמלט ביי אונדז אין שטאָט בלויז אַ 3,000 שטימען. דאָס באַווייזט וואָס פאַר אַ שטימונג עס האָט געהערשט ביי אונדז צווישן די יידישע מאַסן פאַרן ביראָבידזשאַן־פּלאַן... עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן פאַר די צוויי דעלעגאַטן אַ געהויבענער אָפּשייד־באַנקעט.

אָבער... צוויי טעג פאַרן געפּלאַנטן אָפּפאָר איז אָנגעקומען אַ ידיעה פון ניו־יאָרק, אַז די דעלעגאַציע קיין ביראָבידזשאַן איז אָפּגעלייגט געוואָרן אויף אַן אומבאַשטימטער צייט. ווי עס האָט געווירקט אויף אונדז אַלעמען — איז לייכט צו פאַרשטיין.

און דערווייל האָבן אָנגעהויבן אָנקומען פון סאָוועטנפאַרבאַנד די טרויעריקע ידיעות וועגן די רייניקונגען און פּראָצעסן, וואָס האָבן זיך שווער געלייגט אויף די געמיטער. די שטימונג איז געפאַלן און די אַרבעט אַרום „איקאָר" האָט זיך אַלצמער אָפּגעקילט.

# „מען זאָגט — נאָר סאַ ליגן"

איך וויל דאָ דערציילן אַ כאַראַקטעריסטישן עפּיזאָד, וואָס שפּיגלט אָפּ דעם מצב פון דער יידיש־וועלטלעכער, ראַדיקאַלער געזעלשאַפטלעכקייט אויף דער יידישער גאַס אין יענע יאָרן, ווען עס זיינען פאָרגעקומען די טרויעריק־באַרימטע מאָסקווער פּראָצעסן ביז דעם סטאַלין־היטלער פּאַקט, — אַ צושטאַנד, וואָס קאָן באַצייכנט ווערן ווי דער ברודער־קריג אויף דער יידישער גאַס, וואָס האָט אויך ניט אויסגעמיטן די שטאָט קליוולאַנד.

זייענדיק סימפּאַטיש צום פּראָיעקט פון אַ יידישער טעריטאָריע אין סאָוועטישן ווייטן מזרח — ביראָבידזשאַן — און איבערגעבן מיט לייב און לעבן דער יידיש־וועלטלעכער קולטור, האָב איך זיך שטענדיק באַמיט צו בלייבן אומפּאַרטייאיש, ניט געוואָלט אריינמישן די וועלט־פּאָליטיק אין דער יידישער הילפס און קולטור־אַרבעט.

אין יענע יאָרן האָבן אין קליוולאַנד עקזיסטירט דריי וועלטלעכע יידישע קינדער־שולן: אַ שול פון דער יידישער קולטור־געזעל־שאַפט, א שול פון ארבעטער רינג און אַ שול פון דער יידישער סעקציע ביים אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־אָרדן. איך האָב זיך געהאַלטן ביים פּרינציפּ פון טרייקייט צו דער וועלטלעכער יידישער קולטור און געשטיצט אַלע דריי קינדער־שולן, אָן שום אונטערשייד.

מיין בייטראָג צו די שולן איז געווען דאָס צושטעלן זיי אויס־געאַרבעטע פאָרצעלייענע בלומען־טעפּ, וואָס זיינען פּראָדוצירט געוואָרן אין אַ געוויסער פאַבריק אין אַ שטעטל אין אָהייאָ, ביי דער גרענעץ פון פּענסילווייניע. די דאָזיקע פאַבריק האָט פאַר מיין געשעפט פּראָדוצירט געוויסע עלעקטרישע מכשירים.

די באַלעבאַטים, אייגנטימער פון דער פאַבריק, וואָס זיינען אגב געווען גלויביקע איירישע (אירלענדישע) קאַטאָליקן, האָבן גערן בייגעשטייערט די דערמאָנטע אַרטיקלען פאַר די „זונטאָג־שולן" אָדער „סאַנדעי־סקולס" וואָס זיי האָבן שוין צוליבן נאָמען אַליין געהאַלטן פאַר „רעליגיעזע"... די דאָזיקע בלומען־טעפּ האָב איך געבראַכט

אויף די באַזאָרן פון די דריי דערמאָנטע שולן.. זיי זיינען דאָרט פאַרקויפט געוואָרן לטובת דער שול.

און אָט איז אָנגעקומען דאָס יאָר 1939, און עס איז געשלאָסן געוואָרן דער סטאַלין־היטלער אָפּמאַך. דער ברודער־קריג צווישן לינקס און רעכטס אויף דער יידישער גאַס האָט זיך צעפלאַקערט, און איך, דער אומפּאַרטייאישער און פּראָגרעסיווער, בין גלייך געוואָרן דאָס ציל־ברעט פאַר אַטאַקעס מצד אַ געוויסער ריכטונג.

אין אַ שיינעם טאָג באַקום איך אַן אַנאָנים בריוול, אָן אַן אונטער־שריפט. אינעם בריוול איז געשריבן, לאמר, אַזוי צו זאָגן: אין געוויסע קרייזן פון שטאָט האַלט מען מיך, ניט מער און ניט ווייניקער פאַר אַן אַגענט פון דער „גע־פּע־או" (סאָוועטישע געהיים־פּאָליציי). ער, דער אנאָנימער בריוו־שרייבער, ראָט מיך דערפאַר, איך זאָל עס עפנטלעך אָפּלייקענען, פאַרשטייט זיך, אויב איך קען. דער „אויב איך קען" האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ פראַגע־צייכן?

ביים איבערלייענען דאָס „חנוודיקע" בריוול, האָב איך זיך פאַנאַנדערגעלאַכט: וואָס מענטשן קאָנען אויסטראַכטן? באַלד איז מיר איינגעפאַלן, אַז עס וואָלט גאָרניט געשאַדט, איך זאָל זיך אביסל מטריח זיין און אויסגעפינען, ווער דער בריוו־שרייבער איז און דער עיקר, פונוואַנען ער האָט געשעפּט זיין „באַגלויבטע" אינ־פאָרמאַציע.

געוואוסט האָב איך אַז אין קליוולאַנד איז דאָ אַ געוויסע גרופּע, וואָס האַלטן זיך פאַר אינטעליגענטן, פאַר מענטשן אַלץ קענער און־אַלץ־וויסער, זייער עובדא איז באַרעדן מענטשן, וואָס זיינען געזעל־שאַפטלעך טעטיק. אָט די דאָזיקע פאַרשוינען פירן זיך לויט דער מעטאָדע פון שלום עליכמ'ס „קאַלאָמייער ייד". — „מען זאָגט, יאַקבי... אָבער — ס'אַ ליגן"... אין קאַלאָמעע — אין קליוולאַנד.

בקיצור, איך האָב גענומען דעם בריוו און בין אַוועק צו מיינעם אַ באַקאַנטן, וואָס האָט גוט געקענט די באַריידעוודיקע יידן, וועלכע טרייבן רכילות'ן אויפן שטייגער פון קאַלאָמייער פאַרשוין, ער האָט איבערגעלייענט ס'בריוול און געזאָגט:

— וואָס? עס איז פאַר איך נייס? ס'איז אַ סוד פאַר גאַנץ בראָד. מען רעדט, אַוודאי רעדט מען אַז איר זיינט דער אַגענט...

דערהערט די רייד, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז די קליוולאַנדער

„אינטעליגענטן״ זיינען שוין צו ווייט פאַרפאָרן און בין אַריבער געגאַנגען צו מיין אַדוואָקאַט זיך שואל עצה זיי מיט אים: וואָס טוט מען מיט די בלבול־פאַרשפרייטער. דאָ האָט זיך דער אַדוואָקאַט צעשמייכלט און האָט מיר דערציילט, אַז די רכילותניקעס האָבן שוין אָנגעשפאַרט ביי אים און גע׳טענה׳ט צו אים:

— וויאַזוי פּאַסט עס פאַר אַ מענטשן פון אייער גראַד זיך צו חבר׳ן מיט אַ מענטשן, וואָס איז באַקאַנט ווי סטאַלינס אַן אַגענט?

דערביי דערציילט מיר דער אַדוואָקאַט, אַז ער האָט צו זיי גערעדט ווי אַן אַדוואָקאַט: „מיין פּראָפעסיע״ — האָט ער זיי געזאָגט — פאָדערט פאַקטן. אַדרבה, באַאַשטעטיקט, אַז די פאַקטן זיינען אמתע!

— פאַקטן? — האָבן זיי געזאָגט און געקנייטשט מיט די אַקסעלן,

— וואָס טויגן אייך נייע פאַקטן? שוין דאָס אַליין וואָס אַזאַ ייִד ווי מאָרגענשטערן, ווייט פון אַן עושר, קאָן זיך פאַרגינען צו ברענגען צו די באַזאַרן אַזעלכע טייערע חפצים ווי פאָרצעליי, באַווייזט באַשיימפּערלעך, אַז ער איז דאָס וואָס מע זאָגט אויף אים... ניט אַנדערש אַז סטאַלין אַליין האָט פאַר אים געעפנט אַ פאַבריק כדי ער זאָל מיט די פּראָפיטן קאָנען אָנפירן קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע...

דער אַדוואָקאַט דערציילט מיר, אַז ער האָט זיי גוט אויס־געזידלט פאַר די וויסטע בלבולים, זיי באַוויזן אַז ער אַליין האָט דאָך אויסגעשריבן דעם קאָנטראַקט צווישן מיר און די איירישע פאַבריקאַנטן, וואָס אַרבעטן אויס די בלומען־טעפּ, — היינט, ווי וואָגט איר גאָר אויסטראַכטן אַזעלכע בלבולים? די רכילותניקעס זיינען אַרויס פון זיין ביוראָ ווי אָפּגעשמיסענע...

עס איז אַביסל שטילער געוואָרן אויף דער ייִדישער גאַס. דער קריג צווישן לינקס און רעכטס האָט ווייניקער געברענט, אָבער אַרויסלאָזן פון מויל אַ פריינטלעך וואָרט וועגן סאָוועטנפאַרבאַנד איז נאָך אַלץ געווען סכנת נפשות...

# די גרויסע איינקייט

זאל זיך דער לייענער נישט וואונדערן, וואָס מיינע זכרונות וועלן איצט אָננעמען אַן אַלץ־אַלגעמיינערן כאַראַקטער, און וואָס איך וועל אַרויסברענגען פּאַסירונגען און געשעענישן, וואָס האָבן צו טאָן מער מיטן כלל, מיט דער געזעלשאַפט, ווי מיט מיר גופא, מיט מיין אייגענעם לעבן. אַזוי האָבן זיך שוין אַנטוויקלט די פּאַ־סירונגען ביי אונדז אין לאַנד און אַזוי האָט דאָס אַלגעמיינע יידישע קולטור־געזעלשאַפטלעכע לעבן אַלצמער גענומען איינשלינגען דאָס אייגענע, פּערזענלעכע.

איך וועל זיך באַמיען ווי וויינט מעגלעך אָביעקטיוו צו דערציילן וועגן מיינע איבערלעבענישן, און כ׳וועל זיך אָפּשטעלן בלויז אויף די וויכטיקסטע געשעענישן, וואָס האָבן זיך פּאַרלאָפן אינעם לאַנד בכלל און אינעם יידישן לעבן בפרט, און אויף וויפיל זיי האָבן מיך און מיינע נאָענטע באַווירקט, און איך וועל דערביי אויך דערציילן וועגן מיין באַשיידענעם אַנטייל אין די אַלע דערשיינונגען. און עס איז דאָך אַ פּאַקט, אַז דאָס וואָס עס מאַכט דורך אַ פּרט, אַ יחיד, איז כאַראַקטעריסטיש פּאַרן כלל.

איך מאַך אין מיינע זכרונות גרעסערע שפּרונגען, אַ קפיצת־הדרך ווייל עס ווילט זיך ניט אָפּשטעלן אויף פּרטים, אויף קלייניקייטן, וואָס יעדער איינער באַגעגנט אויף זיין לעבנס־וועג. איך וויל אַרויסרוקן די וויכטיקסטע עפּיזאָדן, וואָס גיבן איבער וואָס מיר, יעדער איינער פון אונדז, האָבן אַדורכגעמאַכט און אַדורכגעלעבט אין די לעצטע צוויי צענדליק יאָר.

1937! אַ שטאַרקע אויפלעבונג האָט אַרויסגערופן ביי אונדז די אידייע און דער רוף פאַר דעם אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס אין פּאַריז. ווידער האָט זיך אַ באַוועג געטאָן אין אונדזער יידישן קליוולאַנד, ווי אין אַ צאָל אַנדערע שטעט און לענדער. עפּעס אַ קלייניקייט — פאַראייניקן אַלע שעפערישע כחות פאַר דער

פאַרשטאַרקונג פון די יידישע קולטור־פּאָזיציעס און פאַר דער פאַר־בריייטערונג פון אונדזערע קולטור־באַזעס! דער פּאַריזער קולטור־קאָנגרעס האָט געפונען זיין אָפּקלאַנג אויך ביי אונדז און ממש אריינ־געגעבן אין אונדז אַ נייע נשמה. מיט גרויס באַגייסטערונג און אויפ־מונטערונג האָבן מיר אויפגענומען די לאָזונגען און וואונטשן.

אָבער עס איז ניט באַשערט געווען צו לעבן אין רו און פרידן. עס האָבן דערגרייכט צו אונדז די אָפּהילכן פון דעם טראַגישן בירגער־קריג אין שפּאַניע, וואָס האָט געהאַלטן אונדזערע נערוון געשפּאַנט און באַלד הייבט זיך אָן דער גרויליקער אויפשטייג פון היטלערס חוצפּהדיקן און אומגעשטערטן אַריינמאַרש אין פרעמדע לענדער, אַריינדרינגען אין טשעכאָסלאָוואַקיע, און באַלד — דער מוראדיקער אויסברוך פונעם צווייטן וועלט־קריג. עס גייט נאָך איצט איבער אַ שוידער איבערן לייב ווען מען דערמאָנט זיך. ווי יעדער טאָג האָט געבראַכט וויסטע „איוב בשורות". אָפטמאָל איז מען ארומגעגאַנגען ווי אין היגער־פּלעט און מען האָט זיך געפרעגט: וועט טאַקע דער פאַשיזם באַזיגן די וועלט און מאַכן אַ סוף צו דער גאַנצער קולטור און מענטשלעכער ציוויליזאַציע? אָבער אין די סאַמע שווערסטע מאָמענטן האָב איך און אַזעלכע ווי איך געזאָגט צו זיך: מיר האָבן נישט קיין רעכט צו זיין פּאַסיווע צוקוקער, מען דאַרף עפּעס טאָן, און אדרבה, ווען די געפאַר איז גרויס — מוז מען נאָך מער זיך און אַנדערע מאָביליזירן פאַר אַ ווידערשטאַנד.

1941! די געשעענישן אנטוויקלען זיך אַלץ האַסטיקער!

דער וועלט־קריג צעפלאַקערט זיך און היטלער באַפאַלט דעם סאָוועטנפאַרבאַנד. עס קומט דער גרויסער הכשר פון וואַשינגטאָן אויפן סאָוועטנפאַרבאַנד. מען דאַרף העלפן דעם גרויסן אליאירטן אין קריג. עס האָבן זיך גענומען גרינדן אין פאַרשיידענע אַמערי־קאַנער שטעט „רוסישע הילף־אָרגאַניזאַציעס" („ראַשען וואָר רעליף") אַ נייַ פעלד פון אַקטיווער טעטיקייט הייבט זיך פאַר מיר אָן.

אין קליוולאַנד ווערט געגרינדעט אַ קאָמיטעט פון דעם „ראַשען וואָר רעליף" אויף אַ ברייטן פאַרנעם. אַן איניציאַטאָר פון דעם קאָמיטעט איז געווען דער באַליבטער שטאָט־ריכטער מאַרגאָן. דער פּאָרזיצער דער געוועזענער מעיאָר פון שטאָט קלעטאָן. צווישן די פירער אין קאָמיטעט האָבן זיך געפונען אָנגעזעענע רעפּובליקאַנער,

דעמאָקראַטן, פּראָפעסאָרן פון וועסטערן רעזערוו יוניווערסיטי, אַ באַנקיר, אינדוסטריעלער און פאָרשטייער פון די טשעכישע און אונגאַרישע מינדערהייטן.

און אָט אַ ניי קאַפּיטל אין דער אַרבעט. סוף 1942 רופט מען מיך אָפּ מיטן טעלעפאָן. ווער רעדט? אב. גאָלדבערג, ער איז גע־קומען פון ניו־יאָרק, ער שטייט איין אין האָטעל קאַרטער. ער וויל מיך גלייך זען. איך בין באַלד אריבערגעקומען. דאָס איז דאָך געווען דער באַוואוסטער ציוניסטישער פירער אב. גאָלדבערג, וואָס אין די יונגע יאָרן האָט ער, ווי איך, באַלאַנגט צו דער טעריטאָריא־ליסטישער באַוועגונג. ער האָט זיך צו מיר געווענדט מיט קלאָרע דיבורים: הגם אַ סך ציוניסטן האַלטן נישט פון דעם, אָבער ער איז איבערצייגט אַז מיר, יידן, באַדאַרפן זיך אויסצייכענען אין דער הילף־אַרבעט אין דעם „ראָשען וואָר־רעליעף". זאָלן די סאָוועטן וויסן אַז מיר, יידן, זיינען ספּעציעל געגרן זיי צו העלפן, און דעריבער איז נויטיק, אַז אונדזער יידישע הילף זאָל זיך אַרויסזען. מיר דאַרפן גרינדן אַ יידישן קאונסיל, וואָס זאָל זיין אַ טייל פון דער אַלגעמיינער הילף־אָרגאַניזאַציע. ווען דער קריג וועט זיך ענדיקן, וועלן די סאָ־וועטן שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע אין דער וועלט־פּאָליטיק און מיר וועלן זיך נויטיקן אין זייער פריינטשאַפט. איך בין זיכער, אַז דער סאָוועטן־פאַרבאַנד וועט עס געדענקען...

דאָס זיינען געווען די ווערטער פון אַ גרויסן יידישן פּאַטריאָט. ביז אַ געוויסן גראַד האָט ער דאָך פאָראויסגעזען די צוקונפט.

ליידער איז דאָס געווען דאָס לעצטע מאָל, וואָס מיר האָבן זיך געזען און גערעדט. אין עטלעכע חדשים ארום איז ער געשטאָרבן און נישט דערלעבט צו זען, ווי זיינע ווערטער זיינען טיילווייז מקוים געוואָרן, ווען דער סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט דאָך מיטגעהאָלפן אין דער גרינדונג פונעם יידישן שטאָט, מדינת ישראל.

די אַרבעט פון אונדזער הילף פאַר רוסלאַנד האָט זיך ברייט אַנטוויקלט. איך בין דערוויילט געוואָרן אַלס אָרגאַניזאַטאָר און פאַרוואַלטער פון אַ גרויסער קאָמפּאַניע פאַר שיך און קליידער. דורך מיינע הענט זיינען אַדורך ביז אַ מיליאָן פונט קליידער און אַ 5,000 שפּייז־פּעקלעך. די קליידער זיינען געזאַמלט געוואָרן און זיינען

געבראַכט געוואָרן אין אַ צענטראַלן פּונקט וואו מען האָט זיי גע־רייניקט, אויסגעפּאַרטיקט און געפּאַקט פאַרן אָוועקשיקן.

די באַגייסטערונג און דער ענטוזיאַזם פאַר דער אַרבעט פון דעם הילפס־קאָמיטעט האָט ארומגענומען אַלע ברייטערע שיכטן פון דער אַלגעמיינער און דער יידישער באַפעלקערונג. די אַלגעמיינע פרעסע האָט געשטיצט יעדער אונטערנעמונג לטובת דער הילף פאַר סאָוועט־רוסלאַנד; מיטינגען זיינען אַראַנזשירט געוואָרן אין אַלע געגנטן פון דער שטאָט, און אין דער דאָזיקער הילפס־אַרבעט האָט זיך אַרויסגעוויזן: די גרייטקייט פון דער אַמעריקאַנער גאַס צו שמידן פריינטשאַפט צווישן די צוויי אליאירטע גרויס־מאַכטן, די פאַראייניקטע שטאַטן און די סאָוועטישע פעלקער.

און אַט דערגרייכן מיר אַ דערהויבענע סטאַדיע אין דער הילפס־אַקציע. מיר האָבן דערגרייכט די ציפער פון איבערשיקן אַ מיליאָן קליידער און שיך צו די העלדישע און אין בלוט־אָפּגייענדיקע סאָ־וועטישע קעמפער. צו דער געלעגנהייט האָט דער קאָמיטעט אַראַנזשירט לכבוד מיר אַן אָנערקענונגס־באַנקעט, וואָס איז באמת פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ יום־טוב פון פריינטשאַפט און אייניקייט צווישן די צוויי פעלקער און אַ מוסטער פון „שבת אַחים״, א שמחה וואָס איז געווען ברייטער פון ברייט... ביי איין טיש זיינען געזעסן דער עקס־מעיאָר פון שטאָט און די פאַרשטייער פון דער קאָמפּאַרטיי.. און אַ ספּעציעלער שליח פון גאָווערנאָר לאושי פון אָהייאָ האָט פאַרגעלייענט זיין באַגריסונג. באַמת משיח״ס צייטן — האָב איך געטראַכט. — ווער האָט זיך דעמאָלט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז די הייסע פריינטשאַפט צווישן די אליאירטע גרויס מאַכטן וועט אין משך פון אַ יאָרצענדליק אינגאַנצן אויסגעוועפּט ווערן און נאָך איבערגיין אין שנאה...

# מיכאָעלס־פעפער קבלת פנים

מיט פרייד האָט קליוולאַנד אויפגענומען דעם רוף פון אונזערע שוועסטער און ברידער, וואָס האָבן אין יענע שווערע צייטן דערפילט די באַזונדערע נאָענטקייט צו זייערע ברידער און שוועסטער איבער גאָר דער וועלט. מיר האָבן מיט טיפער שפּאַנונג נאָכגעפאָלגט נאָך די טעטיקייטן פון דעם יידישן אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט אין מאָסקווע.

און אָט איז געקומען די צייט ווען די צוויי שליחים פון סאָוועטישן יידנטום, דער טעאַטער־קינסטלער שלמה מיכאָעלס און דער דיכטער איציק פעפער זיינען געקומען צו אונדז קיין קליוולאַנד. דער קבלת־פנים פאַר די חשובע געסט, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ריזיקער מאַסן־פאַרזאַמלונג, וואו עס זיינען געווען פאַרטראָטן אַלע שיכטן פון פאָלק, — דער קבלת פנים איז געווען פון די שענסטע יום טובים און באַגייסטערטע מאַסן־דעמאָנסטראַציעס וואָס קליוולאַנד האָט ווען געהאַט.

כדי צוציען די ברייטסטע מאַסן פון קליוולאַנד האָט אונדזער קאָמיטעט באַשלאָסן זיך ווענדן צום באַקאַנטן ציוניסטישן מנהיג און גייסטיקן פירער פון קליוולאַנדער רעפאָרם־אידענטום ראַביי אבא הלל סילווער, ער זאָל זיין איינער פון די רעדנער אויף דער קבלת פנים פאַרזאַמלונג וויסנדיק, אז דורך זיין איינפלוס וועט אונדז געלינגען צוציען אַלע שיכטן פון דער יידישער און אַלגעמיינער באַפעלקערונג אין קליוולאַנד..

ראַביי סילווער האָט מיך דעמאָלט געשטעלט אין אַ געוויסער פאַרלעגנהייט. ער האָט אָנגענומען אויפצוטרעטן ביי דער פאַר־זאַמלונג מיט דעם באַדינג מיר זאָלן ניט איינלאַדן דעם צווייטן אָנערקענטן פירער פון רעפאָרם טעמפל אין קליוולאַנד ראַביי באַרנעט בריקנער. איך האָב דעם באדינג אָנגענומען מיט אַ שווער געמיט. ראַביי בריקנער איז געווען זייער טעטיק אין אונדזער קאָמיטעט. די פרויען, מיטגלידערינס פון זיין טעמפל האָבן ניט נאָר ברייטהאַרציק געשטיצט די הילפס־אַרבעט, נאָר געטאָן אַרבעט

מיט זייערע צען פינגער, געגייט, געשטריקט און געפּאַקט די קליידער, — און דאָ מיטאַמאָל אַזאַ תנאי; ווי קאָן איך דיס־קרימינירן קעגן אַזאַ טעטיקן פירער ווי ראַביי בריקנער! איך האָב זיך מיטאַמאָל געפונען צווישן „צוויי בערג״... אָבער פאַרפאַלן! אויף איינעם האָב איך געמוזט פאַרציכטן, דער פּרעסטיזש און די השפּעה פון דעם אָראַטאָר אבא הלל סילווער האָט איבערגעוואויגן...

דער מיכאָעלס־פעפער קבלת פּנים איז געווען די אימפּאָ־זאַנטסטע און פייערלעכסטע מאַסן פאַרזאַמלונג. עס איז נאָר אַ שאָד, וואָס די פּרעכטיקע רעדעס פון מיכאָעלסן און סילווערן זיינען דעמאָלט ניט אָראָפּגענומען געוואָרן סטענאָגראַפיש. דאָס זיינען באמת געווען היסטאָרישע רעדעס, וואָס וואָלטן פאַרבליבן אין דער געשיכטע.

נאָכן קבלת פּנים האָב איך געפירט די חשובע געסט צו דעם מעיאָר פון שטאָט, לאושע, שפּעטער דער סענאַטאָר פון אָהייאָ. ער איז פון אָפּשטאַם אַ יוגאָסלאַוו און האָט גערעדט צו זיי סלאָוועניש. מיר האָבן זיי אויך געפירט צו אונדזער נאַציאָנאַלן קולטור־גאָרטן, וואו זיי האָבן פאַרפלאַנצט צום אָנדענק פון זייער באַזוך, אַ בוים, אין דעם יידישן טייל, וואָס מען רופט „היברו גאַרדען״.

עס געדענקט זיך מיר איין עפּיזאָד. אין קליוולאַנד האָט געוואוינט פעפערס אַ פעטער מיט שוועסטערקינדער. איינער פון זיי, אגב מיינער אַ פאַמיליע־פאַרוואַנדטער, האָט איינגעאָרדנט ביי זיך אין הויז אַ צונויפקום, וואו איך בין געווען איינגעלאַדן.

איציק פעפערס פעטער, זיין מאַמעס ברודער האָט זיך געווענדט צום דיכטער:

— איציקל, ביסט דאָך איצט אין אַמעריקע. דאָ קאָנסטו מאַכן אַ שיין לעבן, פאָלג מיך, פאַרבלייב שוין דאָ! מיר וועלן דיר אַרויס־העלפן אין „ביזנעס״ און וועסט, אם ירצה השם, מאַכן אַ לעבן.נאָכן קריג וועסטו אַריבערברענגען דיין פאַמיליע און דו וועסט זיין „אָלרייט״.

איציק פעפער האָט זיך הילכיק פאַנאַנדערגעלאַכט און הארציק דעם פעטער אַ קוש געטאָן... אַז ער, דער גרויסער דיכטער אַליין, וועט שפּעטער אומקומען אין זיין לאַנד, דורך די בעריאַ־באַנדעס אין די יאָרן פון דעם געפערלעכן „סטאַלין־קולט״, האָט ער זיך דעמאָלט ניט פאָרגעשטעלט...

# איין דאָלאַר פאַר ביראָבידזשאַן

און דאָס לעבן ביי אונדז גייט דערווייל זיין גאַנג מיט די אַלע באַרג אַרויפן און באַרג אַראָפּן. עס איז שוין נאָכן קריג, נאָך דער וויסטער מפּלה פון היטלערן.

מיין טעטיקייט אין דעם אַמעריקאַנער „אַמבידזשאַן"־קאָמיטעט און מיינע בייטראָגן אין די ראַמען פון דער טעטיקייט, סיי אויפן געביט פון ממשותדיקער פינאַנציעלער הילף און סיי אויפן געביט פון געזעלשאַפטלעכער צוזאַמענאַרבעט מיט די ברייטסטע יידישע קרייזן — דאָס דאָזיקע קאַפּיטל בין איך אפשר ניט באַרופן צו באַשרייבן, ווייל עס וואָלט געמיינט זיך אַליין אַוועקשטעלן אין צענטער פון דער אַרבעט וואָס איז ניט באַשיידן. איך קאָן אָבער דעם קאַפּיטל ניט פאַרבייגיין, טאַקע צוליב דעם, וואָס מיין בייטראָג צו דעם קאָמיטעט אַלס יחיד, איז דאָך געווען כאַראַקטעריסטיש פאַרן כלל, פאַרן גייסט פון יענער עפּאָכע, איידער נאָך עס האָט זיך צעפלאַקערט די„קאַלטע מלחמה", וואָס האָט צעריסן די יידישע גאַס און דערוויטערט אַזויפיל יחידים און אָרגאַניזאַציעס.

נאָר איידער איך דערצייל וועגן יענער טעטיקייט מיינער, וויל איך דאָ איבערגעבן איין טשיקאַוון עפּיזאָד פון יאָר 1934.

אין יענעם יאָר האָבן פינאַנץ עקספּערטן איבערגעקוקט מיינע געשעפט־ביכער און דאָרט געפונען אַ פּגם... עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ הוספה אין די שכירות פון מיינע אַרבעטער אין דער פאַבריק, וואָס איך האָב זיי געגעבן אָן דער דערלויבעניש פון דער ספּעציעלער רעגירונגס־ביוראָ פאַר דעם צוועק. דאָס איז פאַררעכנט געוואָרן פאַר אַ „זינד" און מען האָט מיך געראַטן אַריבערצוגיין אין דער ביוראָ פון דער אָפּטיילונג פאַר שכירות־רעגולאַציעס, זיך אַליין מודה זיין אין דעם „חטא" און דערפאַר אָפּקומען מיט אַ לייכטערער שטראָף, ווייל, — האָט מען מיך געוואָרנט, אין פאַל די שליחים פון דער ביוראָ וועלן אַליין געפינען דעם פּגם ווען זיי וועלן אַריינקוקן אין די ביכער, קאָן איך שווער באַשטראָפט ווערן.

איך בין אַוועק אין דער ביוראָ און זיך געווענדט צום לייטער פון דער אָפּטיילונג, וואָס האָט צוטאָן מיט די לוין־רעגולאַציעס. מיר האָבן זיך פאָרגעשטעלט, אָנגערופן אונדזערע נעמען. דער נאָמען פון דעם באַאַמטן האָט מיר געקלונגען באַקאַנט. האָב איך אים אַ פרעג געטאָן, צי ער, אָדער זיין פאָטער, האָבן אַמאָל ניט געוואוינט אויף דער 97טער גאַס אין קליוולאַנד.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז, זיין פאָטער האָט געהאַט אַ הויז אויף יענער גאַס.

— איך מיט אייער פאָטער — האָב איך אים געזאָגט, — זיינען אַלטע באַקאַנטע. איך האָב אַמאָל אריינגעצויגן עלעקטרישע דראָטן ביי אים אין הויז.

דער פאָטער פון באַאַמטן איז געווען אַן אָנגעזעענער געשעפטס־מאַן פון קליוולאַנד, פון פּוילישן אָפּשטאַם און אַ פאַרברענטער פּוילישער פּאַטריאָט. דער זון האָט מיר דערציילט אַז ביים אויסברוך פון קריג איז ער אַוועקגעפאָרן קיין פּוילן און זיך דאָרטן דערדינט צום ראַנג פון אַ גענעראַל אין דער פּוילישער אַרמיי. איצט איז ער מיט דער גלות־רעגירונג אין לאָנדאָן.

איך האָב באַמערקט, אַז איך געדענק טאַקע ווי דער אַלטער האָט שטענדיק גערעדט מיט באַגייסטערונג וועגן זיין געווען פאָטער־לאַנד. איך וואונדער זיך דערפאַר ניט ווען איך הער, אַז ער האָט איבערגעלאָזט זיין פאַמיליע און זיין פאַרמעגן און איז אַוועק קיין פּוילן. פאַר אַ פּאַטריאָט איז דאָס פאָלק און זיינע נאַציאָנאַלע פליכטן וויכטיקער ווי די פאַמיליע און אייגנטום...

וויאַזוי דער פּוילישער פּאַטריאָט האָט זיך אין פּוילן באַצויגן צו די דאָרטיקע יידן, ווייס איך ניט. אין קליוולאַנד האָט ער אפילו געהאַט אַ יידישן שותף. סיי ווי, פון דער באַגעגעניש מיט זיין זון, איז מיר אַרויסגעקומען אַ טובה. איך בין דעמאָלט אָפּגעקומען מיט אַ לייכטער שטראָף. פאָרט אַ זון פון אַן אַלטן באַקאַנטן.

אין 1934 איז אין ניו יאָרק געשאַפן געוואָרן דער קאָמיטעט צו העלפן יידישער קאָלאָניזאַציע אין בירָאָבידזשאַן — אַמבידזשאַן. אָט דער נייער קאָמיטעט האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו פאַר־אינטערעסירן וואָס ברייטערע שיכטן. לויטן צעטל נעמען פון זיינע

גרינדער האָט מיר אויסגעזען, אַז דער קאָמיטעט קאָן אַריינ־ציען עלעמענטן פון יידישן מיטל קלאַס און אַפילו רייכערע שיכטן פון דער אַמעריקאַנער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט.

דער קאָמיטעט האָט שטאַרק אַפּעלירט צו מיר. איך בין געווען זיכער און איבערצייגט, אַז נאָכן קריג, ווען אַזויפיל יידישע שטעט און שטעטלעך זיינען חרוב געוואָרן און אַ גרויסע צאָל איז אינגאַנצן אָפּגעווישט געוואָרן דורך די היטלער האָרדעס, וועלן צענער און הונדערטער טויזנטער יידן זיך אַ לאָז טאָן קיין ביראָבידזשאַן און זיי וועלן דאָרט בויען זייער היים.

אַן אָרגאַניזאַציע ווי דער „אַמבידזשאַן", וואָס וועט העלפן די מלחמה־געליטענע יידן, וואָס זיינען צעשפּרייט און צעזייט איבער די ווייטע שטחים פון סאָוועטנלאַנד, זיך קאָנצענטרירן אין דער אויטאָנאָמער יידישער געגנט פון ווייטן מזרח — אַזאַ קאָמיטעט האָב איך געהאַלטן, איז ניט בלויז קיין ענין פון רעהאַביליטאַציע, נאָר איז אַ נייער אָנהויב פון אַ יידישן נאַציאָנאַל־עקאָנאָמישן אויפבוי אין די ראַמען פון אַ טעריטאָריע.

אין פאַרשטענדעניש מיט דער ניו־יאָרקער פירערשאַפט האָבן מיר אָרגאַנזירט אין קליוולאַנד פאַרזאַמלונגען און אויסגעקליבן ביי אונדז אַ קאָמיטעט. מיר איז געלונגען צו פאַראינטערעסירן אַ צאָל אָנגעזעענע יידישע טוער און אויך אייניקע ליבעראַלע ניט־יידן.

מיר האָבן באַקומען ידיעות, אַז אין ביראָבידזשאַן נויטיקט מען זיך אין פאַרשיידענע מאַשינעס, און די וויכטיקסטע זיינען, — עלעקטרישע דזשענערייטאָרס, וואָס זיינען נויטיק כדי צו קאָנען פּראָדוצירן עלעקטרישע קראַפט און ליכט. אַזעלכע מאַשינעס זיינען דאָן געווען צום פאַרקויפן דורך דער אַמעריקאַנער רעגירונגס־ביוראָ „רעקאָנסטראָקטאָן פיינענס קאָרפּאָריישאַן", וואָס האָט איבער־גענומען דעם איבערפלוס מאַטעריאַלן פון דער אַמעריקאַנער ארמיי. אַזוי ווי מיר זיינען געווען קלאַסיפיצירט ווי אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס מאַכט ניט קיין פּראָפיטן, נאָר גיט זיך אָפּ מיט פילאַנטראָפּישער הילף, האָבן מיר געקויפט די מאַשינען פאַר אַ העלפט פון רעגולערן פּרייז.

איך האָב בייגעשטייערט די סומע פון זעכציק טויזנט דאָלאַר, און

און די איבעריקע אַכט טויזנט דאָלאַר געקראָגן אין קאָמיטעט, און מיר האָבן געקויפט די דזשענערייטאָרס פאַר 68 דאָלאַר און זיי אַוועק־געשיקט קיין בירָאָבידזשאַן.

שפּעטער האָבן מיר אויך געשיקט לאַסט־אויטאָס („טראָקס”). מיט דער הילף פון קליוולענדער קאָמיטעט זיינען געשיקט געוואָרן צען לאַסט־אויטאָס, צו פירן געהילץ פון דער טייגע און די וועלדער, צוויי טריילערס און איין מאַשין צו מאַכן ציגל...

די אידייע אויפצובויען בירָאָבידזשאַן האָט געפונען פיל אָנ־הענגער. די רעגירונג האָט עס אָנערקענט ווי אַ וויכטיקע רעליעף־אָרגאַניזאַציע, און יעדעביישטייערונג איז געווען באַרעכטיקט ארונטערצונעמען פון דעם אינקאָם־טעקס.

אויפן סמך פון דעם געזעץ האָב איך אין 1946 אָפּגעמאַכט מיט די פירער פון פּאַראייניקטן יידישן אַפּיל אין קליוולאַנד, אַז איך גיב זיי 30 טויזנט דאָלאַר פאַר אַלע יידישע אָרגאַניזאַציעס און זיי האָבן מיר געהאָלפן צונויפזאַמלען אנדערע דרייסיק טויזנט דאָלאַר פון דער אַלגעמיינער יידישער באַפעלקערונג פאַר דעם בירָאָבידזשאַן פּראָיעקט. די באַציאונג פון די פירנדיקע יידישע קרייזן פאַר דער אַרבעט פון „אַמבידזשאַן” איז געווען אַ פּאָזיטיווע. מען האָט דאַן ערנסט דיסקוטירט די פראַגע וועגן אַריינצונעמען דעם „אַמבידזשאַן” אין פּאַראייניקטן יידישן אַפּיל.

איך בין אַריינגעצויגן געוואָרן אַלצמער אין דער אַרבעט, זיך באַטייליקט אין אַלע אונטערנעמונגען, אין די יערלעכע פייערלעכע דינערס, אין וועלכע ס׳האָבן אָטיילגענומען באַרימטע רעגירונגס־מענטשן, אַזעלכע ווי סענאַטאָר בערקלי פון קענטאָקי (דער שפּעטער־טערדיקער וויצע פּרעזידענט) און סענאַטאָר פּעפּער פון פלאָרידאַ.

איך האָב זיך דערטראַכט צו אַן אָריגינעלן פּלאַן, ווי אַזוי צו מאַכן די ברייטע יידישע מאַסן פאַר שותפים אין אונדזער אַרבעט. אין נאָמען פון אונדזער קאָמיטעט האָב איך אַרויסגעשיקט אַ בריוו צו פינף טויזנט קליוולאַנדער יידן, אין וועלכן איך האָב אַפּעלירט פאַר שטיצע צו העלפן די מלחמה־געליטענע סאָוועטישע יידן זיך צו באַזעצן און איינאָרדענען אין דער אויטאָנאָמער יידישער וויט־מזרחדיקער געגנט. אין בריוו האָב איך אַריינגעלייגט איין דאָלאַר, אַ באַשיידענע באַשטייערונג פון אַ יידישן מענטשן, וואָס בעט דעם

לייענער פון דעם בריוו בייצולייגן זיין באשטייערונג וויפיל זיין האַרץ דערלויבט אים, איש כמתנת ידו...

דער רעזולטאַט איז געווען — דערפאַלג. 64 פון יעדער הונדערט מענטשן וואָס האָבן באַקומען דעם בריוו האָבן געשיקט ביישטייערונגען פון הונדערט ביז איין דאָלאַר. בלויז פינף און צוואַנציק האָבן צוריקגעשיקט דעם בריוו מיטן דאָלאַר.. מיר האָבן דעמאָלט ארייננבאַקומען דרייצן טויזנט דאָלאַר...

עס איז כדאי אונטערצושטרייכן דעם ברייטן פאַרנעם פון די מנדבים. צווישן זיי האָבן זיך געפונען ניט ווייניק ציוניסטן. קיינער האָט דעמאָלט ניט געטראַכט, אַז מיט דעם וואָס ער העלפט יידן אין ביראָבידזשאַן, איז ער קעגן ארץ־ישראל אָדער ציוניזם.

איך האָב געהאַלטן אַז איך טו אַ וויכטיקע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט און האָב געטרוימט וועגן אַ רייזע קיין ביראָבידזשאַן צו זען מיט מיינע אייגענע אויגן דעם אויפבוי־פּראָצעס פון דער יידישער אויטאָנאָמער געגנט.

ווער קאָן איצט זאָגן מיט זיכערקייט ווי דער ענין וואָלט זיך דעמאָלט אַנטוויקלט, ווען צייטן בייטן זיך ניט און עס קומט ניט דער נייער פּעריאָד אין דער וועלט געשיכטע, וואָס ווערט באַצייכנט ווי די „קאַלטע מלחמה".

# די פּראָגרעסיווע פּאַרטיי

אָנהייב 1948, ווען עס איז געוואָרן טעטיק די פּראָגרעסיווע פּאַרטיי, וואָס האָט געזאָלט אויסוואַקסן אין אַ גרויסן פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן כח, און הענרי וואַלאַס איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן אַלס קאַנדידאַט פאַר אַ פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, האָב איך, ווי אַ סך אַנדערע פון מיינע פריינט און באַקאַנטע געטראַכט, אַז ס'איז ענדלעך געקומען די צייט, ווען די פּראָגרעסיווע עלעמענטן ביי אונדז אין לאַנד וועלן האָבן וואָס צו זאָגן וועגן דער צוקונפט נישט נאָר פאַר אַמעריקע, נאָר אויך פון דער גאַנצער וועלט.

האָט דאָך הענרי וואַלאַס דעמאָלט אַזויפיל גערעדט און געשריבן וועגן יאָרהונדערט פון פשוטן פאָלקס־מענטשן, וואָס דאַרף האָבן די דעה איבער דער וועלט.

איך בין דערצו געווען זייער צופרידן, וואָס אויסער מיר, וואָס כ'האָב שוין געהאַט הינטער זיך אַ פאַרגאַנגענהייט פון פאַרשיידענע טעטיקייטן אין לויף פון באַלד פיר צענדליק יאָר, זיינען צו אונדז צוגעשטאַנען, ווי אַקטיווע טוער, אויך מיינע זין, וואָס ה[illegible] זיך אריינגעוואָרפן מיט יוגנטלעכן ברען אין דער ארבעט צו העלפן דער קאָמפּאַניע פאַר די פּראָגרעסיווע קאַנדידאַטן.

אין קאָלאָמבוס, די הויפּט־שטאָט פון אָהייאָ שטאַט, איז אין יולי 1948 פאָרגעקומען אַ צוזאַמענפאָר פון דער פּראָגרעסיווער פּאַרטיי. אין מיין פאַבריק, וואו ס'איז געווען אַ שטאַרקע יוניאָן פון ראַדיאָ־און עלעקטריק־אַרבעטער, מיט אַ הונדערט אַרבעטער, וואָס פיל פון זיי, זיינען געווען נאָענט, לויט זייערע אַנשויאונגען, צו דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג, איז געמאַכט געוואָרן אַ זאַמלונג פאַר דעם קאָמפּאַניע־פאָנד פון דער פּאַרטיי, און ס'איז אריינגעפאַלן אַ סומע פון 1,500 דאָלאַר. איך און מיינע זין האָבן צוגעטראָגן נאָך 1,000 דאָלאַר. ווען מען האָט אָדרוכגעפירט אויפן פּאַרטיי־צוזאַמענ־פאָר אין קאָלאָמבוס אַ גרויסע זאַמלונג, האָט מען עפּענטלעך אַנאָנ־

סירט, אַז די עלעקטראָליין קאָמפּאַניע, די ארבעטער און די פּאַר־וואלטונג טראָגט צו אַ סומע פון 2,500 דאָלאַר.

נאָכן צוזאַמענפאַר, ווען מ׳האָט אָנגעהויבן אָרגאַנוזשירן פאַר־שיידענע אונטערנעמונגען לטובת דעם פאָנד פאַר די פאָרשטייענדיקע וואַלן, האָט מיין זון, דוד, צונויפגערופן ביי זיך אין הויז אַן ערך הונדערט מענטשן וואו מ׳האָט זיך אַדרוכגערעדט וועגן די פּרינציפּן און אויסזיכטן פון דער פּראָגרעסיווער פּאַרטיי.

אָבער ווי עס זעט אויס האָט שוין דאַן די רעאַקציע זיך גענומען צו מאָביליזירן און זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שום מיטלען און טאַטן, ווי צו באַקעמפן די פּראָגרעסיווע עלעמענטן און די מער ראַדיקאַלע שטימונגען אין לאַנד.

אויף מאָרגן נאָך דעם זונטיק־צוזאַמענקום, וואָס איז פאָר־געקומען אין מיין זונס הויז, איז אין דער „קליוולענד פּרעס" אויף דער ערשטער זייט דערשינען אַן אַרטיקל מיט אַזעלכע נישט־גע־שטויגענע און נישט־געפלויגענע באָבע־מעשיות: אין דעם הויז פון דוד מאָרגענשטערן זיינען זיך צונויפגעקומען די און די קאָמוניסטן און אויסגעאַרבעט פּלענער ווי... צו שטירצן די רעגירונג. געטאָן די „ריינע מלאכה" האָט מיין זונס אַ „פריינט". דער פאַרשוין האָט אָנטיילגענומען אין צונויפקום און האָט פאַרצייכנט די נעמען פון די אַלע, וואָס זיינען געקומען העלפן דער דעמאָקראַטישער פּראָגרעסי־ווער פּאַרטיי פאַר די וואַלן.

נאָך אָט דער פּאַסירונג האָב איך אָנגעהויבן פילן און באַגרייפן, וואָס ס׳טוט זיך אַרום מיר און איבערן לאַנד. מיר, די טוער אין דער פּראָגרעסיווער פּאַרטיי, האָבן פאַרגעזעצט אונדזער אַרבעט, אָבער וואָס־ווייטער האָבן זיך די מענטשן גענומען שרעקן, זיך אָנגעהויבן אָפּרוקן און אויסבאַהאַלטן צוליב מורא פאַרן וואָרט פּראָגרעסיוו. פיל פון מיינע נאָענטע ביזנעס־לייט האָבן שוין איצט גענומען קוקן קרום אויף מיר, און זיך אפילו באַמיט אויסצומיידן מיין געזעלשאַפט. פירמעס מיט וועלכע מיר, איך און מיינע זין און אונדזערע אַגענטן, האָבן געפירט געשעפטן, האָבן אונדז גענומען באָיקאָטירן. מיר האָבן געשפּירט אַז עס רוקט זיך אָן די קאַלטע מלחמה, דער גאַנצער פּאָליטישער קלימאַט ענדערט זיך און מען קאָן נאָך דערוואַרטן נאָך און נאָך איבערראַשונגען.

# מען אונטערזוכט מיך

עס זיינען אָוועק אַ פּאָר וואָכן און עס האָט זיך באַוויזן אין מיין ביוראָ אַן אַגענט פון טעקס־דעפּאַרטמענט אונטערצוזוכן די ביכער פון אונדזער קאָמפּאַניע. לויט די געזעצן האָבן די שטייער־אָפּטיילונג פון דער רעגירונג, דאָס רעכט אונטערצוזוכן די ביכער פון די לעצטע דריי יאָר, אָבער, ווען לויט זייער מיינונג, באַדאַרף די אונטערזוכונג און דער ענדגילטיקער רעזולטאַט נעמען אַ לענגערע צייט, באַדאַרף מען שוין אָנגעבן אַ צייט וויפיל עס וועט דויערן.

די אונטערזוכונג האָט געדויערט אַ פּאָר וואָכן און נאָכדעם האָט זיך דער אַגענט פון טעקס־דעפּאַרטמענט אַריינגעשטעלט מיט דער „גוטער בשורה", אַז זיי קאָנען נישט דערלויבן ארונטערצורעכענען פון די טעקסעס די אַלע געלטער, וואָס איך און מיין פאַמיליע האָבן אין די פאַרגאַנגענע יאָרן געגעבן צו אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס, ווי „אַמבידזשאַן", „איקוף". די סומע האָט באַטראָפן אַן ערך 172 טויזנט דאָלאר, און ווען מען רעכנט צו דעם פּראָצענט און דעם פּראָצענט אויף פּראָצענט, קומט פון מיר די סומע פון 185 טויזנט דאָלאר.

די רעכענונג איז מיר צוגעשטעלט געוואָרן און לויטן געזעץ האָב איך געקענט טאָן איינס פון די בײדע: אָדער באַצאָלן די סומע, אָדער פּראָטעסטירן. אויב איך וועל טאָן דאָס צווייטע הייבט זיך ערשט אָן אַ סדרה פון פאַרהאַנדלונגען, און אַז מען קאָן ניט דורכקומען, האָט מען דאָס רעכט צו גיין אין געריכט.

מיר האָבן, פאַרשטייט זיך, לכתחילה אָנגעהויבן פאַרהאַנדלען, און אין פּראָצעס פון די פאַרהאַנדלונגען האָבן מיר איינגעזען אַז דאָ האָבן מיר צו טאָן נישט מיט אַ פראַגע פון אַ געוויינלעכער „טעקס־קעיס" (אַן ענין פון ארונטערנעמען אָדער אויסמיידן שטייערן), נאָר מיט אַ גאַנץ־באַשטימטער פּאָליטיק פון פאַרפאָלגונג צוליב אַנשויאונגען, אידעאָלאָגישע און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן, וואָס זיינען נישט צום הארצן און טוען נישט וואוילגעפעלן דער הערשנדי־קער מאַכט, און אַז זיי האָבן דערביי אַ קלאָרע כוונה — אונדז צו

רואינירן... און דעריבער האָבן זיי באַשלאָסן צו דערקלערן, אַז די הילף פאַר יידישע קאָלאָניזאַציע און די ביישטייערונגען פאַר דער קולטור טעטיקייט פונעם איקוף, וואָס מיר האָבן געמאַכט, זיינען אַן אַפּנאַרעריי. מיר האָבן, הייסט עס, דאָס געלט אויסגענאַרט ביי דער רעגירונג, איז דאָס אומגעזעצלעך, און מיר דאַרפן דעריבער צוריק צאָלן אַלע געלטער, וואָס מיר האָבן אַמאָל אַוועקגעגעבן.

און גלייך דערמיט האָט זיך אָנגעהויבן אַ ווייטערדיקע סדרה פון פאַרפאָלגונגען. אין אַ פּאָר חדשים ארום, באַקום איך אַ מעלדונג פון דער באַנק, מיט וועלכער מיר האָבן געפירט יאָרנלאַנג אונדזערע באַנק־געשעפטן, און וועלכער איך בין שולדיק געווען אַ היפּשע סומע, איך זאָל אַזוי גוט זיין און גלייך אריינטראָגן דאָס געלט און גיין, ווייל זיי ווילן מיט מיר מער קיין מגע ומשא, קיין געשעפטן ניט האָבן. פאַר אַ ביזנעס־מענטש איז עס, פאַרשטייט זיך, קיין גוטע נייעס נישט.

אַזוי אַרום האָבן גענומען קומען אויף מיר קלעפּ פון אַלע זייטן. אָבער דער באַוואוסטזיין, אַז איך לייד פאַר גוטע מעשים און נישט חס־וחלילה פאַר באַגאַנגענע זינד, האָט מיך געשטאַרקט, צו־געגעבן כח און מוט אריבערצוטראָגן די אַלע קלעפּ און די פאַר־פאָלגונגען. באין ברירה האָב איך זיך געמוזט צופּאַסן צו די נייע אומשטענדן, אויספאַרקויפן און ליקווידירן וואָס נאָר כ׳האָב געקאָנט און אויסצאָלן און אַרומצאָלן זיך, כדי ווייטער צו קאָנען אָנגיין מיט מיינע געשעפטן אָן די נאַטירלעכע, געוויינלעכע באַנק־הלוואות.

# אין אַזאַ צייט...

איין מאָל, גייענדיק אַזוי אין קליוולאַנד איבער דעם געשעפט־דיסטריקט, באַגעגען איך מיינעם אַן אַלטן באַקאַנטן, וואָס איז שטאַרק אָנגעזען אין דער געשעפט־וועלט אין קליוולאַנד, און דערצו — גרויסער „שער״־אייגנטימער פון אַ באַוואוסטער נאַציאָנאַלער באַנק. ער האָט זיך דערפרייט מיט מיר, און מיך פאַרבעטן צו זיך אין זיין אָפיס. איך האָב פאַר אים, ווי פאַר אַ גוטן פריינט, דערציילט וועגן מיין שווערן מצב אין דער פינאַנץ־וועלט, און אַז אַ קליוולאַנדער טראָסט האָט מיר געהייסן פאַרלאָזן זיין באַנק... אויסהערנדיק מיך, האָט דער מאַן מיר פאָרגעלייגט, איך זאָל אים ברענגען אַ פינאַנציעלן „סטעיטמענט״ פון מיין געשעפט און ער פאַרזיכערט מיך, אַז די נאַציאָנאַלע באַנק, וואו ער איז גוט באַוואוסט און וואו ער באַזיצט פיל „שערס״ (חלקים), וועט מיך גערן אויפנעמען, און מיר אַרויסהעלפן.

פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב געבראַכט אַ סטעיטמענט, ווי ער האָט פאַרלאַנגט, און געוואַרט אויף אַ גוטער ידיעה. אין איניקע טעג אַרום האָט מיך מיין פריינט פאַרבעטן צו זיך, פאַרמאַכט די טיר פונעם אָפיס און מיט אַ ציטערדיקער שטימע געזאָגט צו מיר: „מאָרגענשטערן, איך האָב געהאַט די גרעסטע איבעררַאשונג אין מיין לעבן. נאָכן אריינגעבן דיין סטעיטמענט אין באַנק, האָט מען מיך גערופן, באַוויזן באַריכטן, וואָס זיי האָבן פון זייערע קוועלן, אַז די מאָרגענשטערן־פירמע איז אַ קאָמוניסטישע, און דעריבער האָט מיין באַנק זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו טאָן וואָסערע ס'איז געשעפטן מיט אייך... און ווען, — זעצט פאָר מיין פריינט, אַן אויפגערעגטער, — איך האָב געטענהט, אַז ס'מוז זיין אַ טעות, עס קאָן נישט זיין אַזאַ זאַך ווייל איך קען דיך פאַר די לעצטע דרייסיק יאָר, — האָבן זיי ענדלעך איינגעוויליקט צו געבן דיר אַ קרעדיט, אָבער מיטן תנאי דו זאָלסט חתמנען אַן אַפידייוויט, אַז דו ביזט

נישט קיין קאָמוניסט... איז אָט, — כאַפּט ער אַרויס אַ פּאַרטיקן פּאַפּיר און זאָגט מיר, אַז איך זאָל אים אונטערשרייבן...

איך האָב אים אָבער געזאָגט און דערקלערט, אַז אַזאַ פּאַפּיר טאָר איך נישט חתמנען, ווייל דאָ נישט לאַנג האָבן אייניקע צייטונגען איבערן לאַנד אָנגערופן עפנטלעך אַזאַ ווי מרס. רוזוועלט ווי אַ קאָמוניסטקע, און מען גלויבט אין דעם. און אויב איך וועל חתמנען אַזאַ פּאַפּיר, וועלן די וואָס פאַרפאָלגן מיך, פאַרפירן קעגן מיר אַ פּראָצעס פאַר פעלשונג. ניין, האָב איך געזאָגט, איך וויל נישט דאָס געלט און וועל נישט חתמנען אַזאַ פּאַפּיר, וואָס מ׳קאָן דערנאָך אויף אים בויען נייע און ערנסטערע פאַרפאָלגונגען קעגן מיר.

דער פרייַנט האָט געקוקט אויף מיר זייער ערנסט און דערנאָך מיט וויטיק צוגעגעבן: יאָ, מיר לעבן איצט אין אַזאַ צייט, ווען אַלץ איז מעגלעך...

ער האָט מיר אויסגעדריקט מיטגעפיל, מיטלייד, אָבער דערפון זיינען מיינע געשעפטן נישט געגאַנגען בעסער.

איך דערצייל דאָס אַלץ, ווייל אין דעם אַלעמען, וואָס איך האָב אַדורכגעמאַכט, שפּיגלט זיך אָפּ די צייט, וואָס מיר האָבן אַדורכגעלעבט. און די פּאַסירונגען, וואָס זיינען פאַרלאָפן ביי אונדז, וועלכע האָבן געקאָנט אַן ערלעכן מענטשן ברענגען צו יאוש, צום אָפּגרונט, צו רואינע.

איך האָב זיך אַלץ נישט אָפּגעשטעלט און געזוכט וועגן און פּראָווון ווי צו געהאָלפן ווערן. מיינער אַ גוטער פרייַנט, וואָס איז פּערזענלעך געווען פאַראינטערעסירט, אַז די געשעפטן, וואָס מיר האָבן געפירט מיט אַנדערע לענדער זאָלן נישט אונטערגיין צוליבן מאַנגל אין קרעדיט, האָט געפּרואווט דאָס מזל מיט אַ באַוואוסטער באַנק אין ניו־יאָרק... איז ווי עס פירט זיך, האָט די ניו־יאָרקער באַנק זיך געווענדט נאָך אינפאָרמאַציע צו דער קליוולאַנדער באַנק. און, ווי איך האָב זיך דערנאָך דערוואוסט, האָט מען פון קליוולאַנד מיטגעטיילט צו דער ניו־יאָרקער באַנק, נישט מער און נישט ווייניקער, אַז דער יונגער מאָרגענשטערן איז אַ... קאָמוניסט און דער אַלטער, יוסף מאָרגענשטערן, גיט אָוועק זיין גאַנצע צייט צו...

בויען עפּעס אַ דאָרף אין רוסלאַנד און ער פֿאַרנאַכלעסיקט דעריבער אינגאַנצן זיינע געשעפֿטן און ער איז נישט קרעדיט־פֿעאיק.

אַזוי האָב איך זיך געוואָרפֿן און געצאַפּלט ווי אַ פֿיש אויף דער טריקעניש.

איך האָב גוט געזען ווי איך האַלט אין דער וועלט, האָב איך אויפֿגעגעבן אַלע פּרוּוון געהאָלפֿן צו ווערן דורך אַנדערע און געטאָן אַלץ וואָס מעגלעך נישט אונטערצוגיין אינגאַנצן אין דער געשעפֿט־וועלט.

איך האָב זיך באַמיט אויסצומיידן אַ פֿולשטענדיקע רואינע. און ס׳איז געווען אין יענער צייט פֿאַר מיר ספּעציעל וויכטיק, כּדי איך זאָל קאָנען אָנפֿירן דעם ווייטערדיקן קאַמף פֿאַר מיינע רעכט אין די געריכטן, איך האָב זיך פֿאַרשטענדיקט מיט באַקאַנטע אַדוואָקאַטן צו פֿירן פֿאַר מיר דעם קאַמף פֿאַר רעכט און גערעכטיקייט.

# מיין ערשטער באזוך אין ישראל

אין דער צייט פון מיינע פּערזענלעכע דאגות, האָב איך זיך געגעבן אַ וואָרט, נישט אָפּצוזאָגן זיך פון מיינע נוצלעכע טעטיקייטן. ווי מיין קאָפּ איז נישט געווען פאַרנומען און מיין געמיט איז נישט געווען באַשווערט פון די אַלע זאַכן, האָב איך נישט געוואָלט זיך אָפּרוקן אָן אַ זייט און זיך אַליין איזאָלירן און צעשיידן זיך מיט די אַרבעטן, וואָס זיינען מיר געווען ליב און טייער. איך דערצייל עס נישט ווי אַ שבח, ווי אַ לויב־געזאַנג פאַר זיך, נאָר ווי אַ באַווייז, אַז מען טאָר אין די שווערסטע צייטן ניט פאַרלירן קיין מוט.

1949! אַ יאָר נאָכן אויפקום און דער עטאַבלירונג פון מדינת ישראל און נאָך דעם זיג פון דער יונגער מדינה איבער אירע אַראַבישע שכנים־פעלקער וואָס זיינען זי באַפאַלן.

אויף אַ קאָנפערענץ פון דעם אַמבידזשאַן־קאָמיטעט איז אָפּגעגעבן געוואָרן אַ באַריכט, אַז מ'דאַרף מער נישט קיין שטיצע און הילף פאַר בירָאָבידזשאַן פון אמעריקע, ווייל די קאַלטע מלחמה האָט פאַרשאַרפט די קעגנזייטיקע באַציאונגען און פאַרהעלטנישן צווישן די לענדער.

איז ביי אונדז דאַן אויפגעקומען דער געדאַנק זיך נעמען מיט אונדזער ענערגיע און ווילן צו שאַפן עפּעס ממשותדיקס אין מדינת ישראל. צוליב דעם צוועק בין איך אָנהויב 1950 אינאיינעם מיט דעם דעמאָלטיקן סעקרעטאַר פון אַמבידזשאַן י. מ. ב. געפאָרן קיין ישראל. מיר האָבן געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט דער „הסתדרות" צו גרינדן אין ישראל אַ קאָאָפּעראַטיוו, וואָס זאָל ברייט פינאַנסירט ווערן פון מיר און פון די כחות, וואָס האָבן זיך גרופּירט ארום אַמבידזשאַן.. נאָך לאַנגע פאַרצויגענע פאַרהאַנדלונגען האָבן מיר געשלאָסן אָן אָפּמאַך צו עטאַבלירן אַ קאָאָפּעראַטיוו איןדער שטאָט צפת. לויטן אָפּמאַך האָב איך איבערגעשיקט דעם צפתער קאָ־

אָפּעראַטיוו מאַשינען און מאַטעריאַלן פאַר דרייסיק טויזנט דאָלאַר.

דערווייל האָט זיך די קאַלטע מלחמה דאָ אין לאַנד אַלץ מער צעפלאַקערט און דער אמבידזשאן האָט זיך אויפגעלייזט און מער נים געקאָנט דערפילן די פאַרפליכטונגען, וואָס ער האָט אויף זיך גענומען צו בויען דעם קאָאָפּעראַטיוו. איך האָב אָבער געשיקט די מאַטעריאַלן אויף מיין אייגענעם חשבון.

מיין באַזוך אין ישראל האָט מיר זייער פיל געגעבן. איך האָב פלייסיק באַטראַכט און שטודירט די פאַרשיידענע אינדוסטריעלע צווייגן אין לאַנד און האָב באַזוכט אַ צאָל קיבוצים, די קאָאָפּעראַטיווע און קאָמונאַלע ווירטשאַפטן פון לאַנד, און איך האָב אויסגעאַרבעט פאַר זיך גופא אַ פּלאַן מיט אַ פּראָגראַם וויאַזוי און מיט וואָס איך קאָן דירעקט העלפן ישראל, און אַז מיין הילף זאָל זיין דורכאויס אַ קאָנסטרוקטיווע און זאָל ברענגען דעם מאַקסימום פּראָדוקטיוון

פאַר מיין אָפּפאָרן קיין ישראל האָט עפּעס פּאַסירט אין מיין נוצן פאַרן לאַנד...

פאַבריק, וואָס האָט באַשטימט מיין ווייטעדיקן עקאָנאָמישן און מאָראלישן צובונד צו ישראל און אירע קיבוצים.

אָנגעהויבן האָט זיך עס מיט אַ געוויסן טייל פון א מאַשין, וואָס אַן אינזשינער פון מיין פאַבריק האָט מיר באַוויזן. דאָס איז געווען אַ מין „רער", וואָס ווערט באַנוצט אין דער „פּלאָמבינג אינדוסטריע". איך האָב באַטראַכט דעם מאַשין־טייל און באַמערקט אויף אים אויס־געקריצט דאָס אות „ח". האָב איך געפרעגט דעם אינזשינער, וואו ער האָט באַקומען דעם „טייל" און ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט דאָס באַקומען אין אַ געוויסער פירמע, וואָס קויפט דעם טייל ביי א קיבוץ אין ישראל א. נ. קיבוץ חצור".

אויב אַזוי, — טראַכט איך, — אויב אין ישראל איז דאָ אַ קיבוץ וואָס גיט זיך אָפּ מיט אַזאַ פּראָדוקציע, דאַרף מען זיך באַקענען מיט דעם קיבוץ.

מיין באַזוך אין ישראל אין 1950 איז געווען אין אַ צייט ווען די יונגע מדינה, וואָס איז נאָרוואָס געקומען צו זיך פון דער שווערער מלחמה מיט אירע אראַבישע שכנים־פעלקער און האָט זיך געראַנגלט מיט איר שווערער עקאָנאָמישער לאַגע. איך האָב באַזוכט א ריי

קיבוצים צו וועלכע איך האָב געהאַט אַ באַזונדער אינטערעס. און איך האָב ענדלעך אויך באַזוכט דעם דערמאָנטן קיבוץ „חצור".

אין דעם קיבוץ האָב איך געטראָפן די חברה אַרבעטן ביים אויס־פּאַרטיקן די דאָזיקע מאַשין, וואָס ווערט פּראָדוצירט פון אַלומינום, צין און ענלעכע רוי־מאַטעריאַלן.

— וואו נעמט איר דעם רוי־מאַטעריאַל פאַר אַזאַ מין סאָרט פּראָדוקציע? — פרעג איך זיי.

זיי ווייזן מיר אָן אויף אַ קופּע ברוכוואַרג, צעבראָכענע טיילן פון מאַשינען, וואָס די אַרמייען האָבן איבערגעלאָזן אויף די שלאַכט־פעלדער. פון אָט־די הויפנס ברוכוואַרג, רוי־מאַטעריאַל, אַרבעטן זיי אויס די „טיילן".

— און אַז דער רוי־מאַטעריאַל, דער מלחמה־אָפּפאַל, וועט זיך אויסלאָזן, וואָס וועט איר טאָן? — פרעג איך ווייטער.

זיי ענטפערן, אַז קיין לייכטער ענין וועט עס ניט זיין. אמתן רוי־מאַטעריאַל — „ברעס", צין, — מוז מען קויפן אין אַמעריקע, פאַר דעם דאַרף מען האָבן „דיוויזן", דאָלאַרן, און די רעגירונג, ווי מיר ווייסן, קאָן זיך ניט פאַרגינען צו וואַרפן מיט דאָלאַרן...

איך האָב באַשלאָסן, אַז מען דאַרף דער דאָזיקער חברה וואָס האָבן גאָלדענע הענט, און פּראָדוצירן אַזאַ וויכטיקן אַרטיקל, אַרויס־העלפן. איך האָב ביי זיך אָפּגעמאַכט, ווי נאָר איך קום צוריק אהיים, זיי איבערשיקן מאַטעריאַלן און זיי העלפן אַנטוויקלען דעם זייער וויכטיקן פּראָדוקט, וואָס קאָן אויך העלפן דעם עקספּאָרט פון ישראל.

אַזוי האָט זיך דעמאָלט געשלאָסן דער ערשטער „שידוך" צווישן מיר און דעם קיבוץ. איך האָב זיך באַמיט צוהאַלטן וואָרט און זיי שיקן די מאַטעריאַלן פאַר זייער אינדוסטריע.

אָבער וועגן דעם וועט מיר נאָך אויסקומען שפּעטער צו דערציילן אויספירלעכער.

# וואָס מיינט אַ מסור?

קומענדיק אהיים פון ישראל קיין קליוולאַנד, בין איך זיך ווייטער אָנגעגאַנגען מיט מיין לעבן און מיט מיינע קולטור־טעטיקייטן. פון צייט צו צייט אָבער, האָט מען מיר געלאָזט הערן און צו וויסן געבן, אַז מען „היט מיך", מען גייט מיר נאָך פוסטריט, כדי צו זאַמלען נייע „מאַטעריאַלן" קעגן מיר.

אַזעלכע קלייניקייטן. ווען איך בין געקומען צוריק פון מדינת ישראל, האָבן די פריינט פונעם איקוף אין קליוולאַנד אַראַנזשירט אַן אָוונט, אויף וועלכן איך האָב אָפּגעגעבן אַ באַריכט און איינדרוקן פון מיין באַזוך אין לאַנד. דאָס זעלבע האָט די קאַרפּענטערס יוניאָן אַראַנזשירט אַזאַ מין אומשולדיקן צונויפקום, וואו מ'האָט אָפּגע־נומען דורך מיר אַ גרוס פון מדינת ישראל. אָבער אין אייניקע טעג אַרום זיינען געקומען שליחים פון „עף. בי. איי" צו מיין זון, נאָכצופרעגן זיך ביי אים וועגן מיין באַזוך אין ישראל, און דערביי אפילו אים איבערגעגעבן, אַז די קאָמוניסטן זיינען נישט צופרידן מיט מיין באַריכט, ווייל איך בין צופיל סימפּאַטיש צו ישראל.

מען איז אויך געקומען צו מיר און געפּרואווט פירן דיסקוסיעס וועגן דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע און מיך געהאַלטן אין לערנען ווי און וועמען צו געבן געלט, און דערביי האָבן די שליחים אַפילו אַרויסבאַוויזן „בקיאות" אין מאַרקסיזם און לעניניזם... עס האָט מיר געקאָסט פיל מי אָפּצושטעלן אָט די „וויזיטן" פון די אומ־געבעטענע געסט... מוחל זיי זייערע עצות טובות!...

יאָ, די געהיים־אַגענטן האָבן אין יענע מעקאַרטישע יאָרן זיך אָנגעזעצט אויף מיר און מיר פאַראומערט דאָס לעבן. שווער געווען פּטור צו ווערן פון זיי, אָבער איך בין דאָך פּטור געוואָרן פון זיי.

געקומען זיינען זיי צו מיר כלומרשט זיך דורכשמועסן ווי „פריינט". אָבער זייער אויפגאַבע איז געווען דורך אַ וואָרט מיך צו פאַנגען אין זייער נעץ, איך זאָל זיך שוין נישט קאָנען אַרויסדרייען פון דער מעקאַרטישער אינקוויזיציע..

די אינפאָרמאַציע וואָס זיי האָבן פאַרלאַנגט פון מיר איז געווען פון אַ פאַרשיידאַנרטיקן כאַראַקטער. זיי פלעגן אָנהויבן מיט אַ געוויסער „מאָראַל", מיר „אויפקלערן" געוויסע ענינים, וואָס איך דאַרף ניט טאָן. למשל, די אָרגאַניזאַציעס וועלכע איך שטיץ זיינען ניט כשר געגוג. דערביי האָבן זיי געגוי געוואוסט, ווען און וויפיל איך האָב געגעבן דער און יענער אָרגאַניזאַציע. איינמאָל, געדענק איך, האָב איך זיי געזאָגט, אַז פאַר די לאָיאַליסטישע קעמפער פון שפּאַניע האָב איך געגעבן צען דאָלאַר און אַ געהיים אַגענט האָט מיך באַלד אויפמערקזאַם געמאַכט:

— ניין! נישט קיין צען, נאָר בפירוש פינף־און־צוואַנציק! כ'האָב פשוט באַוואונדערט זייער אויפמערקזאַמקייט און באַהאַוונטקייט. זיי ווייסן אַלץ, ניטאָ פאַר זיי קיין סודות...

זיי זיינען אַמאָל אָפּגעזעסן ביי מיר פינף שעה נאָכאַנאַנד און מיך געהאַלטן אין איין אויספרעגן וועגן דער און יענער אָרגאַניזאַציע, וועגן דער און יענער אינסטיטוציע, וואָס איך האָב געשטיצט מיט געלט. מיר איז שוין נמאס געוואָרן דאָס גאַנצע שמועסן מיט זיי, האָב איך זיי אָפּגעגעבן אַזאַ מין דערקלערונג:

כל ימי, מיין גאַנץ לעבן, האָב איך זיך באַמיט אויפצוקלערן מענטשן, זיי זאָלן העלפן וואוילטעטיקע אָרגאַניזאַציעס, אנשטאלטן פאַר סאָציאַלן וואוילזיין, קולטור־אינסטיטוציעס. אָפט איז מיר געלונגען איבערצייגן די מענטשן, אַז מען דאַרף העלפן. איצט, אַז איר האָט מיר אויפגעקלערט, אַז דאָס ניט געבן איז גאָר אַ צייכן פון פּאַטריאָטיזם, זאָג איך אייך צו, אַז פון היינט אָן וועל איך מער ניט געבן! ניט געבן איז דאָך גרינגער ווי יאָ געבן, האָט איר מיך איבערצייגט... פון היינט אָן גיב איך מער קיין סענט ניט, קיינעם ניט. וואָרים עס קאָן דאָך פּאַסירן, אַז אין אַ יאָר אַרום זאָל די איצט־כשרע אָרגאַניזאַציע, ווערן טרייף אין אייערע אויגן, איז בעסער אַז מען גיט קיינעם ניט. צופרידן?

זיי האָבן געשוויגן און זיינען אַוועק.

פּטור געוואָרן? ניין! איך בין נאָך ניט פאַרטיק מיט זיי.

מיט אַ צייט שפּעטער הייבט זיך אָן אַ געיעג אויף דער לינקער באַוועגונג אין קליוולאַנד, און ברוך הבא! ס'קאַצל קומט! די געהיים־

אַגענטן זיינען ווידער ביי מיר צוגאַסט... וואָס איז שוין ווידער?

זיי זיינען געקומען מיך עפּעס פרעגן:

— וועל איך ביישטייערן פאַר דעם פאַרטיידיקונגס־פאָנד פון די לינקע? יאָ אָדער ניין?

— אַז מען וועט זיך ווענדן צו מיר פאַר הילף — ענטפער איך — וועל איך שטיצן לויט מיינע מעגלעכקייטן. העלפן מענטשן זיי זאָלן זיך קאָנען פאַרטיידיקן. איז דאָך, דאַכט מיר, מענטשלעך? וואָס זאָגט איר דערצו, מיינע הערן! אדרבה, לאָמיר הערן?

— העלפן מעג מען, — הייבן זיי מיר אָן אויפצוקלערן, — אָבער ניט העלפן די לינקע. פאַרקערט, עס איז גאָר אַ פליכט אונדז איבערצוגעבן די נעמען פון די מענטשן וואָס וועלן ביי אייך בעטן געלט פאַר זייער פאַרטיידיקונגס־פאָנד.

דערביי נוצן זיי אַזאַ מין „בײַשפּיל": צו וואָס איז די זאַך געגליכן? צו אייענם, וואָס אנשטאט כאַפּן דעם אונטערצינדער פון אַ הויז העלפט ער גאָר דעם פאַרברעכער אַנטלויפן? מעג מען דען אַזאַ פאַרברעכער העלפן?

— אָבער לויטן געזעץ, — טענה איך צו זיי, — איז דאָך די זאַך פונקט פאַרקערט. אַפילו אַ פאַרברעכער, וועלכן מ'האָט געכאַפּט ביי דער האַנט, איז, אויב ער האָט ניט קיין געלט פאַר אַן אַדוואָקאַט. דאַן שטעלט אים די רעגירונג צו אַ פאַרטיידיקער בחינם...

— ס'איז יאָ און ניט דאָס זעלבע — דרייען זיי זיך, און צו זייערע ניין מאָס רייד, נעמט גאָר קיין סוף ניט...

איך באַשליס אַז ס'איז אַ מעשה אָן אַן עק... מיינע אַלע אַרגומענטן, מיינע טענות פאַלן אויף טויבע אויערן. איך רעד טאַקע צו זיי וועגן מינימאַלער מאָראַל, וועגן הומאַנער פליכט, אָבער זיי שליסן אויס די קאָמוניסטן, די „לינקע". עד מתי? ביז וואַנען איז דער שיעור זיך מיט זיי מתווכח צו זיין?

האָב איך גענומען אַ שטיקל פּאַפּיר און אויפגעשריבן די פיר העברעאישע אותיות, מ ס ו ר, און זיי באַוויזן.

— וואָס באַדייט עס, ? — פרעגן זיי

— הערט מיך אויס! — זאָג איך צו זיי — ביי אונדז אין שטאָט, געפינען זיך, קיין עין־הרע, ארום פופצן רבנים. נעמט דאָס שטיקל פּאַפּיר און גייט אריבער צו וועלכן רב איר ווילט אליין, ווייזט אים

דאָס אויפגעשריבענע. אויב איינער פון די רבנים וועט אייך זאָגן, אַז איך דאַרף אייך אַרויסגעבן די נעמען פון די וועלכע וועלן זיך ווענדן צו מיר פאַרן פאַרטיידיקונגס־פאָנד, וועל איך אייך גלייך אַרויסגעבן די נעמען.

זיי האָבן זיך אַ ווײַלע איבערגעקוקט און נאָכדעם האָט זיך איינער פון זיי אָנגערופן:

— דערקלער די באַדייטונג פון דעם וואָס האָסט אָנגעשריבן אויפן פּאַפּיר. עס זעט אויס ווי אַ „היברו"־וואָרט. מיר קאָנען עס ניט לייענען.

— איך האָב בלויז אָנגעשריבן אויף העברעאיש — זאָג איך — דעם „טיטול" פון אַזאַ, וואָס פאַר'מסר'ט פאַר דער ממשלה, גיט אינפאָרמאַציע וועגן אַ צווייטן. ביי אונדז, יידן, ווערט אַזאַ מענטש באַטראַכט ווי אַן אויסוואורף, אַ וואָס אין דער קאָרט, אַן אויס־געשלאָסענער פון דער געזעלשאַפט, אַ לא־יבוא־בקהל, קיין אָנ־שטענדיקער מענטש טאָר מיט אים ניט קומען אין באַרירונג. ער איז אין חרם, אויף ענגליש — „עקסקאָמוניקירט"...

זיי האָבן זיך איבערגעקוקט און דער הויפּט־וואָרטזאָגער האָט דערקלערט:

— יאָ, ס'איז אַ שווערער ענין. שוין נישט דאָס ערשטע מאָל אַז מיר טרעפן אַזעלכע. אַלעמאָל ווען מיר ווענדן זיך צו אַ יידן נאָך אינפאָרמאַציע וועגן די לינקע, אָדער וועגן אַ מענטשן, וואָס מיר פאַרדעכטיקן, ווערן זיי ווי פאַרציטערטע... עפּעס מוז זיין אין דער יידישער רעליגיע, וואָס פאַרבאָט זיי צו טאָן אַזאַ זאַך...

זיי האָבן זיך אויפגעהויבן פון טיש, זיך פריינטלעך געזעגנט מיט מיר און זיינען אַוועק.

מער האָבן זיי מיך ניט „באַגליקט" מיט זייערע „וויזיטן"...

# אַ טרויעריקער קאַפּיטל־
# אַ גוטער סוף

אין יוני 1953 האָט מיר מיין לאָיער געלאָזט וויסן, אַז אונדזער „קעיס" וועט אויפגענומען ווערן קומענדיקן חודש. עס קומען צופאָרן פון וואַשינגטאָן ריכטער, וועלכע נעמען אויף פאַרשיידענע „טעקס־קעיסעס" אין די דיסטירטן, וואו די אָנגעקלאָגטע וואוינען. מיר האָבן זיך גענומען גרייטן צום געריכט.

אין איינעם אַ טאָג קום איך צו מיין אַדוואָקאַט, ער איז דערשראָקן. ער דערציילט מיר, אַז ער איז געווען ביים רעגירונגס־לאָיער, וואָס וועט פאַרטרעטן די אָנקלאַגע מצד דער רעגירונג. יענער האָט אים געזאָגט, אַז ער גייט מיר שטעלן די באַוואוסטע „64,000 דאָלער"־פּראַגע. דאָס איז — צי בין איך אַ קאָמוניסט. און איך וועל אונטער אַ שבועה מוזן ענטפערן. עס בלייבט פאַר מיר אָדער צו ענטפערן „ניין", אָדער זיך באַנוצן מיטן 5־טן אַמענדמענט צו דער אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע. די אַטמאָספערע אין לאַנד איז דאַן געווען זייער אַ שווערע, און ווער וויס צו וואָס עס קאָן דערפירן דער געריכט?

נאָכן ברעכן דעם מוח און איבערלייגן זיך אַהער און אַהין, האָב איך אין עטלעכע טעג אַרום געזאָגט מיין אַדוואָקאַט אַז איך בין גרייט צו „סעטלען". אָבער קיין 187 טויזנט דאָלאַר האָב איך נישט. איך קאָן געבן בלויז דאָס, וואָס איך פאַרמאָג... מיר האָבן געוואָלט געווינען צייט. אין דער געשפּאַנטער אַטמאָספער האָט מען זיך גע־קאָנט אויף אַלץ ריכטן, איז בעסער אָפּוואַרטן, אָפּלייגן. עס וועט אפשר זיך ענדערן די לאַגע אין לאַנד.

און ווי נאָר מ'האָט געגעבן צו וויסן דעם ריכטער, אַז מען פאַרהאַנדלט וועגן „סעטלען", האָט ער די „קעיס" אָפּגעלייגט. און כדי אויסצוגעפינען, וויפיל איך פאַרמאָג, האָט די רעגירונג איבער־געגעבן אַן אַגענט די אַרבעט פון אונטערזוכן מיינע פינאַנסן, וויפיל הכנסה איך האָב פאַר די לעצטע יאָרן אַריינגעקראָגן, וויפיל איך האָב אויסגעגעבן. צוויי מאָל אַ וואָך האָב איך געהאַט קאָנפערענצן

מיט די רעגירונגס־אַגענטן. יעדער דאָלאַר, וואָס איך האָב אַריינ־באַקומען, האָט געדאַרפט פעסטגעשטעלט ווערן פונוואַנעט ער קומט און אַזוי אויך — דאָס וואָס איך האָב אין משך פון די יאָרן אויס־געגעבן. עס איז געווען אַן אמתער גיהנום!

איך האָב זיך קלאָר דערוואוסט, אַז עס איז זייער ווילן צו באַווייזן דער וועלט, אַז מ'האָט דאָ אַנטדעקט איינעם פון די קוואַלן, פונוואַנען די קאָמוניסטישע באַוועגונג קריגט פינאַנסן. אין לויף פון די פאַרהאַנדלונגען איז אויך געקומען אַ פאָרשלאַג, אַז אויב איך וועל נאָכגעבן דעם פונקט, אַז דער אַמבידזשאַן און דער איקוף זיינען קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, וועלן זיי שנעלער מיט מיר סעטלען.

האָב איך באַשלאָסן זיך גרייטן ווי געהעריק צום קאַמף אין געריכט און אָנגעשטעלט אַ גוטן אַדוואָקאַט.

יוני 1954, האָט געזאָלט פאָרקומען אונדזער „קעיס" אין פעדעראַלן געריכט אין קליוולאַנד. ווי דער שטייגער, ווייסט איר נישט אַפריער דעם טאָג, ווען אייער „קעיס" וועט אויפגענומען ווערן דורך די ריכטער, וועלכע קומען פון וואַשינגטאָן צו באַהאַנדלען די פאַרשיידענע „קעיסעס", וועלכע זיי האָבן.

ווען ס'איז געקומען די ריי צו אונדזער „קעיס", האָט דער ריכטער אַריינגערופן ביידע צדדים און דערקלערט, אַז ער וויל די „קעיס" דאָ נישט באַטראַכטן און ער לייגט פאָר, מיר זאָלן קומען דעם 4־טן נאָוועמבער קיין וואַשינגטאָן, וואו די „קעיס" וועט אויפ־גענומען ווערן. פאַר אונדז איז דאָס געווען אַ זיג, ווייל די קליוולאַנדער צייטונגס־מענטשן האָבן שוין געוואַרט אומגעדולדיק, כדי צו קאָנען צעשמירן דעם ענין און ברענגען סענסאַציעס וועגן אויפדעקונגען פון מוראדיקע געהיימנישן...

אָנהייב נאָוועמבער בין איך געפאָרן קיין וואַשינגטאָן אין דער־וואַרטונג אויף אַ גערעכטן אורטייל פון מיין „קעיס".

ווען דער געריכט האָט זיך געעפנט, האָט די אָנקלאַגע אַוועק־געזעצט אויפן שטול איר ערשטן עדות, איינעם אַ מאַן מיטן נאָמען מאָריס מאַלקין. ווי געוויינלעך, שטעלט מען אים די פאַרשיידענע פראַגן, ווען געבוירן, צי איז ער אַ בירגער א. א. וו. דערנאָך פרעגט ביי אים דער רעגירונגס־אַדוואָקאַט זיין „פּאָליטישע געשיכטע".

מאַלקין דערציילט, אַז ער איז פריער געווען אַ מיטגליד פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי און אין 1919 האָט ער געהאָלפן גרינדן אין אַמעריקע די קאָמוניסטישע פאַרטיי. אין 1920 איז ער געווען געהילף פעקרעטאַר פון דער פאַרטיי, געווען אַ מיטגליד פון דעם שטאָטישן צ. ק.; ווייטער דערציילט ער, אַז אין 1924 האָט ער באַקומען אַ פאַראָרדענונג פון צ. ק. פון דער פאַרטיי צו אָרגאַניזירן דעם איקאָר, און ס׳איז פאַרשטאַנען געוואָרן, אַז דער איקאָר דאַרף קאָנטראָלירט ווערן פון דער פאַרטיי, אין דער דאָזיקער אַרבעט האָט אים געהאָלפן די יידישע ביוראָ א. א. וו. ער ווייסט אויך, אַז דאָס געלט, וואָס דער איקאָר האָט געזאַמלט, האָט מען אַוועקגעגעבן דער קאָמפּאַרטיי. אויף דער פראַגע פון דעם רעגירונגס אַדוואָקאַט, ענטפערט מ. מאַלקין, אַז ער האָט געזאַמלט געלט פון פאָלגנדיקע אָרגאַניזאַציעס און איבערגעגעבן דער פאַרטיי: פון די פריינט פון סאָוועט-יוניאָן, פון דער ליגע קעגן פאַשיזם, פון טרעיד-יוניאָנס, פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרטיידיקונגס-יוניאָן, פון דער אָרגאַניזאַציע פאַר מעדיצינישער הילף צו דער שפּאַנישער דעמאָקראַטיע און אַנדערע.

דער רעגירונגס-אַדוואָקאַט פרעגט אים: האָסטו געקראָגן געלט פון איקאָר און איבערגעגעבן דער פאַרטיי?

מאַלקין ענטפערט: איך נישט, אָבער אָלגין האָט גענומען געלט פון איקאָר און איבערגעגעבן צו אַמטערן (אַ פירער פון דער קאָמפּאַרטיי).

פראַגע: ווער איז אָלגין?

ענטפער: אָלגין איז געווען דער סעקרעטאַר פון איקאָר.

נאָכדעם איז אויפן עדות-שטול איינגעשוואָרן געוואָרן איינער וואַלד. ער גיט איבער פאַרן ריכטער איבערזעצונגען פון יידיש אויף ענגליש, וואָס ער האָט געמאַכט פון די זשורנאַלן „ניי-לעבן" און „יידישע קולטור". דער עדות גיט זיך אָן ווי אַ מיטאַרבעטער פון „פאָרווערטס".

דער רעגירונגס-אַדוואָקאַט פרעגט ביי מאַלקינען:

ווייסט איר, ווער ס׳זיינען געווען די גרינדער פון איקאָר?

מאַלקין ענטפערט: אָלגין, עפּשטיין, אַלמאַזאָוו, וואַטנבערג, זאַלצמאַן, נאָוויק און אַנדערע.

פראַגע: האָט דער איקאָר געביטן זיין נאָמען?

ענטפער: יאָ, אויף אַ קאָנווענשאָן פון דער פּאַרטיי אין קליוולאַנד אין יאָר 1934 האָבן מיר באַשלאָסן צו בייטן דעם נאָמען אויף אמבידזשאַן, ווייל דער איקאָר איז צופיל באַטראַכט געוואָרן ווי אַ קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציע.

דער רעגירונגס־אַדוואָקאַט ווייזט מאַלקינען דעם טשאַרטער פון אַמבידזשאַן און פרעגט ביי אים, צי ווייסט ער, אַז די אַלע טשאַרטער־מיטגלידער זיינען געווען קאָמוניסטן. ער לייענט די נעמען: דזש. וואָטערמאַן־וויז, דזשעק סקרייבער, דזשוליוס האַמער, טשאַרלס שעדאָווער, יאָזיף ברייניך, עדוואַרד אַראַנאָוו און מ. לעווין און וו. סטעפּאַנסאָן, פּראָפעסאָר קונץ.

דער רעגירונגס־לאָיער פרעגט ביי מאַלקינען: זייט איר באַקאַנט מיטן יידישן קולטור־פאַרבאַנד?

מאַלקין: אין 1931 איז באַשלאָסן געוואָרן אין דער פּאַרטיי צו אָרגאַניזירן די שרייבער און קינסטלער. מיר האָבן אָרגאַניזירט דעם דזשאָן ריד־קלוב און דעם פּען־קלוב, אָבער קיין יידישע אָרגאַניזאַציע איז נישט געווען. אין 1935 האָט די פּאַרטיי גערופן אַ קאָנפערענץ אין פּאַריז, אונטער דער פירערשאַפט פון אָלגין און זאַלצמאַן. האָט מען אָרגאַניזירט דעם יידישן קולטור־פאַרבאַנד.

פראַגע: וואָס איז דער ציל פונעם יידישן קולטור־פאַרבאַנד?

ענטפער: דער ציל צו אָרגאַניזירן שרייבער און קינסטלער, זיי זאָלן זיין אונטערן איינפלוס פון דער פּאַרטיי.

פראַגע: ווער זיינען די דירעקטאָרן? דערקענט איר פון זייערע נעמען, אַז זיי זיינען מיטגלידער פון דער פּאַרטיי?

ענטפער: יאָ, איך דערקען: ז. וויינפער, משה כץ, ב. צ. גאָלדבערג, ר. זאַלצמאַן גאָלדע דוביצקי מאָריס קאַלעם, לואי האַרקאַווי, דר. זלאַטקין.

פראַגע: קענט איר זיי אַלע ווי קאָמוניסטן?

ענטפער: יאָ, וויינפער איז אַ מיטגליד אין אַלע פראָנט־אָרגאַני־זאַציעס. ב. צ. גאָלדבערג וואָס אַרבעט אין „טאָג", איז אַ מיטגליד אין דער קאָמפּאַרטיי זינט די 30־קער יאָרן. ווען מ'האָט אים געוואָלט אויסשליסן פון דער קאָמוניסטיש־קאָנטראָלירטער „ניוס־פּעיפּער גילד".

מיין לאָיער האָט געפרעגט ביי מאַלקינען, צי קאָן ער אָנווייזן אַרטיקלען אין דער „יידישער קולטור״, וואו עס ווערט אַרורכגעפירט די פּאַרטיי־ליניע.

הערנדיק דעם נאָמען פון ב. צ. גאָלדבערג, האָב איך באַשלאָסן אים צו פאַרבעטן קיין וואַשינגטאָן אַלס עדות פון דער פּאַרטיידיקונג. איך האָב אָפּגערופן אין דער רעדאַקציע פון „טאָג״, אים געטראָפן און אים דערציילט אַז זיין נאָמען איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן דורכן רעגירונגס־עדות מאַלקין. ב. צ. גאָלדבערג איז, אויף מיין בקשה, גלייך געקומען קיין וואַשינגטאָן און איז דערשינען אין געריכט .

מאַלקין זאָגט, אַזוי ווי נאָוויק קאָנטראָלירט דעם זשורנאַל, זעט ער שוין, אַז אַלע אַרטיקלען זאָלן זיין אַזעלכע וואָס די פּאַרטיי וויל... ווייטער ענטפערט מאַלקין אויף נאָך פראַגן פון מיין לאָיער, אַז אין חודש מערץ 1949 האָט משה כץ קריטיקירט אין זשורנאַל אַ. ערנבורגס שטעלונג צו דער יידישער קולטור, און דערנאָך איז ער געצוואונגען געוואָרן פון דער פּאַרטיי צו בייטן זיין מיינונג. מאַלקין רעכנט אויס אַלע, וואָס שרייבן אין זשורנאַל און ער גיט צו, אַז ער ווייסט, אַז אַלע זיינען קאָמוניסטן.

מיין אַדוואָקאַט פאַרלאַנגט פון אים, ער זאָל אויסרעכענען יעדן איינעם ביים נאָמען. דאָסמאָל האָט ער אויסגעלאָזן דעם נאָמען פון ב.צ. גאָלדבערג, — איז עס דערפאַר, ווייל גאָלדבערג איז דאָ און דערקאָנט אים ? — מאַלקין לייקנט עס און שרייט אויס : יאָ, ב. צ. גאָלדבערג איז אַ מיטגליד פון דער פּאַרטיי. איך ווייס עס אויף זיכער.

מיין לאָיער האָט אויך פאַרלאַנגט פון מאַלקינען, ער זאָל באַווייזן, וועלכע אַרטיקלען אינעם זשורנאַל „יידישע קולטור״ זיינען פּאָליטישע, וואָס זיינען געשריבן פאַר דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

מען לייענט פאַר די קעפּלעך פון פיר אַרטיקלען פון ב. מייזיל, ז. וויינפּער און פון נאָך און נאָך שרייבער, וואָס האָבן נישט צו טאָן מיט קיין שום פּאָליטישע פראַגן. מאַלקין האָט נישט וואָס צו זאָגן... מיין לאָיער גיט איבער פאַרן געריכט דעם אינהאַלט פון פאַרשיידענע אַרטיקלען אין „יידישע קולטור״, באַווייזט, אַז דער זשורנאַל פאַרנעמט זיך דורכאויס מיט קולטור־פּראָבלעמען, און

ער ציט די אויפמערקזאַמקייט פונעם געריכט אויף די פיל אַרטיקלען וועגן מוזיק שרייבער און קינסטלער.

עס ווערט דערנאָך גערופן צום עדות־שטול איינער אַ הערשל ווײַנרויך. ער דערקלערט, אַז ער קאָן נישט גוט קיין ענגליש, אָבער דאָך וועט ער פּרוּוון ענטפערן אויף ענגליש. ער דערציילט, אַז ביז 1938 איז ער געווען אַ שרייבער אין מאָסקווער „עמעס״. ער האָט גע־אַרבעט אין דאָרטיקן „שטערן״. אויף פראַגן ענטפערט ער, אַז אין אין 1938 איז די צײַטונג, אנשטאט טעגלעך, דערשינען 3 מאָל אַ וואָך. ווייטער גיט ער איבער, אַז פון 1942 ביז 1945 איז ער געווען אַ לייטענאַנט אין דער רויטער אַרמיי, ער גיט איבער פּרטים וועגן די פירער פון ביראָבידזשאַן... אין די יאָרן 1932־1937 זײַנען געקומען אהין פיל יידן. אָבער נאָך דעם ווי ביראָבידזשאַן איז דערקלערט געוואָרן ווי אַ מיליטערישע זאָנע, זײַנען אהין אַרײַנגעשיקט געוואָרן רוסן, אוקראַינער, רויטע ארמיי, און די יידן זײַנען געוואָרן אַ מינדערהייט.

מען פרעגט אים, צי ער האָט אין ביראָבידזשאַן געהערט וועגן איקאָר. ענטפערט ער, אַז יאָ. ער ווייסט אַז דער איקאָר האָט געשיקט אהין מאַשינעריע און אַז אין ביראָבידזשאַן איז געווען אַ קליינע קאָלאָניע מיטן נאָמען איקאָר. אויף אַ פראַגע, צי די דאָרטיקע יידן האָבן באַקומען מאַשינען, האָט ער געענטפערט, אַז די רעגירונג האָט געטאָן וואָס זי האָט געוואָלט. ער ווייסט אַז אַ לינאָטיפּ־מאַשין האָט דער „ביראָבידזשאַנער שטערן״ באַקומען, ווײַל ער האָט דאָרט געאַרבעט.

אויף פראַגן ענטפערט ער, אַז אין 1946 איז ער אַנטלאָפן פון סאָוועטנפאַרבאַנד קיין פוילן, דערנאָך קיין דייטשלאַנד, פון דאָרט קיין ישראל, און פון ישראל האָט אים דער „פאָרווערטס״ געבראַכט קיין אַמעריקע; אויף אַ פראַגע, צי ער קען ב. צ. גאָלדבערגן, ענטפערט ער, אַז ער קען אים פון זײַן שרײַבן, אַז ער לייענט זײַנע אַרטיקלען אין „טאָג״.

אין דער צווייטער סעסיע ווערט גערופן ב. צ. גאָלדבערג דורך דער פּאַרטיידיקונג. אויף דער פראַגע, צי ער איז אַ קאָמוניסט,

ענטפערט ער: ניין! מען פרעגט אים צי ער קען מאַלקינען, צי ער האָט אים אַמאָל געטראָפן. ער ענטפערט: ניין! ער ווערט ווייטער געפרעגט, צי ער האָט אַמאָל געשריבן אין „טאָג" אָדער אין אַנדערע צייטונגען אַרטיקלען קעגן דער „פּאָליסי" פון דער סאָוועט־רעגירונג. ב. צ. גאָלדבערג וויזט אָן אויף פילע קאָלומס, וואו ער איז אַרויס־געטראָטן קעגן דער פּאָליטיק פון דעם סאָוועטנפאַרבאַנד. אויף דער פראַגע, צי ער איז אַמאָל געווען אין ביראָבידזשאַן, דערציילט ב. צ. גאָלדבערג דעם געריכט, אַז ווען ער איז דאָרט געווען, האָט ער געטראָפן אַ יידישן טעאַטער, אַ יידישע צייטונג, אין אַלע רעגירונגס־אָפיסעס האָבן די באַאַמטע גערעדט יידיש. ער האָט דאָרט געזען יידישע שולעס, וואו די קינדער האָבן געלערנט יידיש... און ווען ער איז אין 1946 געווען אין סאָוועטן פאַרבאַנד האָט ער אין מאָסקווע געטראָפן דעם פאָרשטייער פון דער יידישער אויטאָנאָמער געגנט זילבערשטיין. ער איז געווען אויפן צוזאַמענפאָר פון די סאָוועטישע רעפּובליקן און אויטאָנאָמיעס.

אויף די פראַגן, וואָס ווערן אים געשטעלט, זאָגט ב. צ. גאָלדבערג אַז ער שרייבט פון צייט־צו־צייט אין „יידישע קולטור", און אויף דער פראַגע צי ער קען דעם רעדאַקטאָר פון „יידישע קולטור" נחמן מייזיל, ענטפערט ער, אַז ער קאָן אים גוט. מייזיל איז אַ באַ־וואוסטער ליטעראַטור־קריטיקער. ער שרייבט בעיקר וועגן ליטע־ראַרישע פראַגן, ווי וועגן ביבליאָגראַפיע און געשיכטע פון לי־טעראַטור. דער זשורנאַל „יידישע קולטור" גיט זיך אָפּ מיט לי־טעראַטור־פראַגן, מיט איבערבליקן און אָפּהאַנדלונגען פון ביכער, פון פּאָעזיע און ליטעראַטור, פון קונסט און מוזיק.

און ווייטער פרעגט מען אים, צי ווייס ער, ווער עס איז בעל־מחשבות, וואָס מ. מאַלקין האָט גערעדט וועגן אים ווי וועגן אַ קאָמוניסט, כאָטש ער האָט ניט געקאָנט ארויסרעדן גענוי זיין נאָמען... ב. צ. דערקלערט אַז בעל־מחשבות איז געווען אַ באַרימטער יידישער קריטיקער. ער איז אין אַמעריקע קיינמאָל נישט געווען און אַז ער איז שוין איבער 30 יאָר טויט, אין דער „יידישער קולטור" איז בלויז געווען אַן אַרטיקל וועגן אים.

און ווייטער ענטפערט ב. צ. גאָלדבערג אויף דער פראַגע, צי ווייס ער וועגן אַן אַרטיקל פון מ. כץ, וואָס ער האָט געשריבן וועגן

אַ. ערענבורג אין „יידישע קולטור" און דערנאָך זיך צוריקגעצויגן פונעם אַרטיקל. ב. צ. גאָלדבערג שטעלט פעסט, אַז די דערקלערונג איז געווען בלויז אין „מאָרגן־פרייהייט"...

דער לעצטער ווער איך גערופן צום „עדות־שטול". מען פרעגט מיך, וויאַזוי און פאַרוואָס איך בין פאַראינטערעסירט געווען אינעם ביראָבידזשאַנער פּראָיעקט. איך דערקלער, אַז נאָך אַלס ייִנגל האָב איך מיך אינטערעסירט מיט דער יידישער לאַגע, געווען אַ ציוניסט, אַ טעריטאָריאַליסט, און אין ביראָבידזשאַן האָב איך געזען אַ פּרואוו איבערצובויען דאָס יידישע לעבן און אַ פּראָוו צו קאָנצענטרירן יידן אויף אַ טעריטאָריע, וואו זיי זאָלן קאָנען אַנטוויקלען אַ יידיש לעבן און אויפהאַלטן זייער אייגענע יידישע קולטור. אויף ווייטערדיקע פראַגן וועגן די סומעס, וואָס איך האָב געגעבן פאַר דעם ביראָבידזשאַן קאָמיטע, באַווייז איך מיט טשעקס און דאָקומענטן, אַז די גאַנצע סומע איז געווען „דעפּאָזיטעט" אין קליוולאַנד אויף דעם נאָמען פון דעם קליוולאַנדער קאָמיטעט פון אַמבידזשאַן, און אַז דער ערשטער טשעק פון 66 טויזנט דאָלאַר איז אַרויסגעגעבן געוואָרן צו דער „ריקאָנסטראָקשאָן פינאַנס קאָמיטע", אַ רעגירונגס־קאָמיטעט, וואָס האָט פאַרקויפט „סוירפּלוס" (איבערפלוס), וואָס איז געבליבן פון דער וועלט־מלחמה פאַר פיר עלעקטרישע דזשענערייטאָרס, וועלכע זיינען געשיקט געוואָרן קיין ביראָבידזשאַן אויפן אַדרעס פון מ. זילבערשטיין, יידישע אויטאָנאָמע געגנט, ביראָבידזשאַן.

אויף דעם פאָרשלאַג פון מיין אַדוואָקאַט, איך זאָל אויסרעכענען אַלץ, וואָס איז געקויפט געוואָרן אין קליוולאַנד, האָב איך באַוויזן די טשעקס און די פּאַפּירן פון אַ „דאָדזש טראָק", פון צען „פּאָרד־טראָקס", צוויי טראָקס און אַ טרעילער, אַ מאַשין צו פאַבריצירן ציגל איך האָב באַוויזן, אַז די אַלע מאַשינען זיינען געשיקט געוואָרן קיין ביראָבידזשאַן. ווי אויך אַ לינקאָלן־קאַר(אויטאָמאַביל) און „טולס". די גאַנצע סומע האָט באַטראָפן 158 טויזנט דאָלאַר.

די רעגירונגס־לאָיערס האָבן פּראָטעסטירט קעגן די אַלע באַ־ווייזן, אָבער די מיינונג פון געריכט איז געווען, אַז די אַלע דאָקומענטן

וועגן דעם וואָס עס איז געטאָן געוואָרן מיט דעם געלט זיינען וויכטיק און זייער פּראָטעסט איז צוריקגעוויזן געוואָרן.

דערמיט האָט זיך געענדיקט די „קעיס" און אין איניקע חדשים אַרום איז געקומען די לאַנג־דערוואַרטעטע אָנטשיידונג פון געריכט, אַז די רעגירונג האָט נישט קיין באַווייזן, אַז דער אמבידזשאַן און דער איקוף זיינען קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, און דעריבער זיינען די אַלע געלטער, וואָס איך האָב זיי געגעבן, באַרעכטיקט ארונטערגענומען ווערן פונעם רעגירונגס־שטייער.

ענדלעך האָט די גערעכטיקייט געזיגט און איך צוזאַמען מיטן איקוף האָבן אָפּגעהאַלטן אַ פולשטענדיקן נצחון.

# אַ שותף אין אַ קיבוץ

אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל האָב איך שוין דערציילט, אַז בעת מיין זיין אין ישראל, אין 1950, האָבן מיר געשלאָסן אַן אָפּמאַך וועגן העלפן אַ שלאָסער־פאַבריק אין צפת. איך האָב איבערגעשיקט צוויי טויזנט פינף הונדערט שלעסער ווי אויך געוויסע טיילן פאַר עלעקטרי־שע „פיקסטשורס" (לייכטערס).

די אונטערנעמונג האָט אָבער, צוליב געוויסע סיבות, לאַנג נישט געדויערט. האָב איך דעמאָלט באַשלאָסן, אַז דער בעסטער וועג צו העלפן ישראל, איז זיך קאָנצענטרירן אויף דעם אינדוסטריעלן געביט וואָס איז מיר נאָענט.

דאָס האָט געפירט, איך זאָל זיך שטאַרקער פאַרבינדן מיט דעם שוין־דערמאָנטן קיבוץ „חצור", צו וועלכן איך האָב געשיקט רוי־מאַטעריאַלן פאַר דער אויסאַרבעטונג פון „קעסטינג"־מאַשינעריי".

אין 1958 איז אַראָפּגעקומען קיין קליוולאַנד אַ שליח פון „חצור". ווען מיר האָבן זיך דורכגערעדט וועגן דער לאַגע אין קיבוץ בכלל, און אינדוסטריע פאַר עקספּאָרט, און אויך אַז דער קיבוץ דאַרף זיך אָנהויבן קאָנצענטרירן אויך אויף אינדוסטריע, האָב איך געהערט אַז די מענטשן קאָנען גוט דעם פאַך און זייער פּראָדוקציע האָט אַ צוקונפט.

אויב זיי זאָלן קענען פאַרברייטערן דעם דאָזיקן אינדוסטריעלן צווייג וועט עס זיכער זיין אַ געווינס פאַר דער מדינה ישראל, ווייל דאָס וועט מיינען ישראל־עקספּאָרט פאַר אויסלאַנד.

מיר, איך און מיינע זין, שותפים אין אונדזער קליוולאַנדער פירמע, האָבן געקויפט אַ „קעסטינג״־מאַשין פאַרן פּרייז פון 40־טויזנט דאָסאר און איבערגעשיקט קיין ישראל צום קבוץ „חצור״. נאָכדעם איז מיין זון דוד, אליין געפאָרן אהין העלפן איינשטעלן די מאַשין, און שפּעטער זיינען אריבערגעקומען אַהער מיטגלידער פון קיבוץ, די חברים יעקב אשל און יצחק קדם, כדי צו דערלערנען די מעטאָדן פון שנעלער פּראָדוקציע.

די קיבוצניקעס האָבן געוואונען מיין צוטרוי צוליב זייער איבערגעבנקייט צו דעם געביט און אויך מיט זייער פּראַקטישקייט. זיי האָבן מיר דערקלערט, וויאַזוי זיי קומען צו אַזאַ שווערן מעכאַניזירטן צווייג פון דער אינדוסטריע. זיי האָבן מיר דערציילט, אַז פון אָנהייב אָן האָבן זיי ניט אָנגעהויבן צו וויסן די עלעמענטאַרסטע כללים פון דער „קעסטינג״־פּראָדוקציע. אַלץ וואָס זיי האָבן געוואוסט, איז אַז ישראל נויטיקט זיך שטאַרק אין אַזאַ סאָרט מאַשין און אינדוסטריע פאַר עקספּאָרט, און אויך דער קיבוץ דאַרף זיך ניט אָפּגעבן בלויז מיט אַגריקולטור, נאָר זען זיך צואייגענען אינדוסטרילע קענטשאַפט. זיי האָבן אַ צייט פאַרהאַנדלט וועגן פאַרשיידענע אינדוסטריעס ביז ס'איז זיי איינגעפאַלן אַז די „קעסטינג״ איז ביז גאָר וויכטיק.

צום אָנהויב האָבן זיי שטודירט די טעאָרעטישע זייט פון דער מאשין אין דער ליטעראַטור וועגן מעכאַניק. נאָכדעם האָבן זיי איינגעקויפט די ערשטע מאַשין און זיך גענומען צו דער אַרבעט, האָפנדיק, אַז דורך דער פּראַקטיק וועלן זיי בעסער פאַרשטיין די טעאָריע. עס האָט ניט גענומען לאַנג און זיי זיינען געוואָרן אמתע ספּעצן אויפן געביט פון „קעסטינג״.

שוין די געשיכטע אליין, ווי יידישע יונגעלייט, וואָס פאַר־איינקן טעאָריע מיט פּראַקטיק, די טעאָרעטישע וויסנשאַפט לערנען זיי אין פּראָבעס פון דער אַרבעט, האָט מיך פאַראינטערעגירט. עס איז ביי מיר רייף געוואָרן דער באַשלוס זיך אַריינוואַרפן אין דער

אַרבעט פון העלפן פאַרגרעסערן און אויסברייטערן דעם דאָזיק פאַר ישראל נויטיקן פּראָדוקציע־צווייג.

דעם פאַך, האָבן זיי פולשטענדיק באַהערשט. נאָר וואָס זיי האָט געפעלט איז געווען דאָס ביסל מזומנים..איך האָב באַלד אויסגעפונען, אַז דער הויפּט־שטער פאַר זייער פאָרשריט, איז די מכת־מדינה, די פּלאָג פון דער ישראל־עקאָנאָמיע—הויכע פּראָצענטן.

ווען איך האָב אין 1959ן באַזוכט ישראל און בין געווען אַ צייט אין קיבוץ, האָב איך באַמערקט, אַז יעדער טאָג פאָרן צוויי מיטגלידער קיין תל אביב. איך האָב געפרעגט, פאַרוואָס דאַרפן צוויי מענטשן אַוועקפּטרן אַ טאָג אַרבעט און אַמאָל צוויי טעג, האָבן זיי מיר געענטפערט, אַז זיי מוזן פאָרן דערליידיקן אין שטאָט זייערע געלט־טראַנסאַקציעס.

איך בין מיט זיי מיטגעפאָרן און מיט זייער רשות אריינגעקוקט אין זייערע געשעפטן. איך האָב גלייך געזען, אַז זיי זיינען פאַרזונקען אין חובות. דער קיבוץ לייט און באָרגט און צאָלט גרויסע פּראָצענטן, אַזש ביז צוויי־און־צוואַנציק פּראָצענט. פאַרשטייט זיך, אַז אַזעלכע פּראָצענטן זיינען אימשטאַנד צו האַמעווען דעם פּראָגרעס פון יעדער אינדוסטריעלער אונטערנעמונג און אַמאָל אויפעסן ניט נאָר די פּראָפיטן, נאָר אויך דעם גאַנצן קערן... שוין אָפּגערעדט וואָס די יאָגענישן נאָך די הלוואות און דאָס אַראַנזשירן די צאָלונגען רייבן אַוועק פון דער טעגלעכער אַרבעט מענטשלעכע הענט, וואָס זיינען נויטיק פאַר דער ווירטשאַפט.

איך האָב אָנגעהויבן טראַכטן, ווי אַזוי מען געפינט אַ וועג צו ראַטעווען דעם קיבוץ פון דעם צוואַנג פון די פּראָצענטניקעס און האָב זיך דערטראַכט אַז עס זיינען דאָ צוויי וועגן: ערשטנס, זיי זאָלן קריגן אַ גרעסערע הלוואה אויף אַ געוויינלעכן פּראָצענט, וואָס די אמעריקאַנער „ביזנעס״־לייט צאָלן, פון פינף ביז זעקס פּראָצענט; ווי דער מצב איז אויפן געלט־מאַרק, און צווייטנס צוגרייטן פאַר זיי אַ באָדן פאַר אָפּנעמער פון דער סחורה, קאָנסומענטן פון זייער אויסגעאַרבעטער פּראָדוקציע אין אויסלאַנד, זיי וועלן שוין דאַן באַקומען אויסלענדישע וואַליוטע, דאָלארן, און אויפן סמך פון די באַשטעלונגען, וואָס זיי וועלן באַקומען אין אויסלאַנד, וועלן זיי שוין באַקומען הלוואות פון דער ישראל־רעגירונג.

בלויז דורך אָט־די וועגן קאָנען זיי אַרויס פון קלעם פון די פּראָצענטניקעס וואָס זויגן אויס דעם מאַרך פון די ביינער. בקיצור, איך האָב אַריינגעלייגט אַ היפּשע סומע אין קיבוץ בתורת הלוואה, זיי געליען געלט אויף אַ קליינעם פּראָצענט און בין געוואָרן אַ „שותף" אין קיבוץ.

# פון יידיש אויף העברעאיש

דעם פּראָצענט האָב איך, חס וחלילה, ניט גענומען פאַר זיך, נאָר אים אָוועקגעגעבן צוריק דער מדינה ישראל וואָס דאַרף צוריק צאָלן די פּראָצענטן דעם יידישן פאָלק אין די תפוצות, דער וועלטלע־כער יידישער קולטור.

איך האָב זיך באַראָטן מיט די שרייבער און געלערנטע, מיט דעם היסטאָריקער דר. ר. מאַהלער, וואָס וואוינט אין ישראל און מיט דעם רעדאַקטאָר פון דער „יידישער קולטור" און „איקוף"־פאַרלאַג נחמן מייזיל, וואָס איז דאַן געווען צוגאַסט אין ישראל, און מיר האָבן באַשלאָסן צו גרינדן אין ישראל דעם „ווינפער־מאָרגענשטערן פאָנד", וואָס זאָל זיך אָפּגעבן מיט איבערזעצן ווערק פון דער פּראָגרעסיווער יידישער ליטעראַטור אויף העברעאיש, כדי צו באַ־קענען דעם העברעאישן לייענער פון ישראל מיט די אוצרות פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור.

מיר איז דער פּלאַן זייער געפעלן געוואָרן, ווייל ער האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט דעם געבענטשטן זיווג פון „קמח" און „תורה", עקאָנאָמיק און גייסט; אַ סטאַבילע עקאָנאָמיק אויף פּראָדוקטיווע יסודות אין קיבוץ, אַ קאָלעקטיווער אַרבעטער־דאָרף, וואָס אַרבעט ניט פאַר פּראָפיטן, און העלפן באַקאָנען דעם נייעם העברעאישן דור מיט די ווערטן פון דער קלאַסישער און נייער יידישער ליטעראַטור.

מיר האָבן זיך פאַרבונדן מיטן ישראלדיקן אַרבעטער־פאַרלאַג „ספרית פועלים", וואָס האָט זיך אונטערגענומען אַרויסצוגעבן פאַרן געלט פון די פּראָצענטן, וואָס מיין הלוואה צום קיבוץ וועט אַריינ־

ברענגען, איבערזעצן און אַרויסגעבן אַ ריי ווערק פון מאָדערנע יידישע דענקער, פּראָזאַאיקער און דיכטער, און דערביי לייגט אריין אויך דער פאַרלאַג זיין חלק געלט אין דעם פאָנד־פאַרלאַג.

דאָס ערשטע בוך, וואָס דער פאַרלאַג האָט אַרויסגעגעבן איז געווען נחמן מייזיל׳ס „י. ל. פּרץ וסופרי דורו" (פּרץ און די שרייבער פון זיין דור). דער פאַרלאַג האָט אָבער צוגעשטעלט אַ חשבון, וואָס האָט באַטראָפן אַ היבש ביסל מער וויפיל מיין הלוואה צום קיבוץ האָט אַריינגעבראַכט פּראָצענטן.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איבערזעצן און אָפּדרוקן אַ בוך אין ישראל איז אַ טייערער ביסן. אַזוי ווי דער קיבוץ האָט ניט געהאַט קיין געלט צו דערלייגן האָב איך דערוויל געדעקט דעם דעפיציט פון זיבן אַ האַלב טויזנט פונט כדי צו דערמעגלעכן דאָס דערשיינען נאָך ביכער, וואָס זיינען אָנגעמערקט געוואָרן פאַרן נאָענטן יאָר.

דאָס צווייטע בוך איז: דר. חיים זשיטלאָווסקי׳ס „כתובים" — געקליבענע שריפטן, איבערזעצטע אויף העברעאיש.

די ביידע ביכער האַלטן אַ טויזנט זייטן, און זיי זיינען אויפגענומען געוואָרן מיט פיל אָנערקענונג דורך דער פּרעסע אין מדינת ישראל. ס׳איז דאָס ערשטע בוך וועגן פּרץ אין העברעאיש, און דר. זשיטלאָווסקי דערשיינט אין דער שפּראַך צום ערשטן מאָל.

דער אָנהויב איז אוודאי אַ גוטער, אַ נייער, אָבער...

איך האָב באַשלאָסן צו מאַכן אַ רייזע קיין ישראל כדי אַ בליק טאָן אויף די געשעפטן אין קיבוץ און „ספרית פועלים" און דערוויל זען דעם וואוקס פון און דעם פאָרשריט פון דער מדינה אין משך פון די צוויי יאָר, וואָס איך בין דאָרט ניט געווען.

# אייראָפּע־מזרח און מערב

דעם צוויטן יוני 1961 בין איך און מיין פרוי און מיין טאָכטער, אָפּגעפאָרן אויף אַ רייזע קיין ישראל און אייראָפּע. דאָס איז געווען אַ נסיעה, וואָס קאָן באַצייכנט ווערן ווי אַ רייזע אין דער צוקונפט. אויסער ישראל זיינען מיר אויך געווען אין מערב און מזרח אייראָפּע, אין איטאַליע, פראַנקרייך, עסטרייך, טשעכאָסלאָוואַקיע און פּוילן. מיר האָבן אויף דער רייזע זיך באַקאַנט, מער ווייניקער, מיט דעם היינט פון די יידן אין די לענדער און זיך געשאַפן אַ געוויסן באַגריף וועגן זייער צוקונפט.

לאָמיר דאָ איבערגעבן קורצע איינדרוקן פון דער אינטערעסאַנטער רייזע לויט דעם סדר פון דונדזער נסיעה און די באַזוכן אין די ערטער.

אונדזער ערשטע סטאַנציע אויפן וועג קיין ישראל איז געווען איטאַליע. די שיינע שטאָט פלאָרענץ. אונדזער באַזוך אין דער דאָרטיקער שיינער סינאַגאָגע איז געווען אַ „מזלדיקער", ווייל יענעם זונטיק, ווען מיר זיינען צוגעקומען צו דער שול, איז דאָרט פאָרגעקומען א חתונה־צערעמאָניע. דאָס איז געווען אַן עכט־יידישע חופה, כאָטש די מחותנים און די געסט האָבן לויט זייערע פּנימער און לויט זייער טעמפּעראַמענט און שפּראַך, זיך ווייניק־וואָס אונטערשיידט פון עכטע איטאַליענער.

אין אַ געשפּרעך מיט דער סעקרעטאַרין פון דעם רב אָדער ראַביי, — ער אליין איז געווען פאַרנומען מיט פאַרוועזן די חתונה — האָט די סעקרעטאַרין אונדז איבערגעגעבן, אין אַ פליסיקן ענגליש, אינטערעסאַנטע פאַקטן וועגן גייסטיקן מצב פון די פלאָרענצער יידן. אין די יום־טובים, באַזונדערס ראש־השנה און יום־כיפור, איז די שול געפּאַקט. אַ גאַנץ יאָר — קומען ווייניקער מתפללים און באַזוכער. די שפּראַך וואָס די יידן רעדן איז די לאַנד־שפּראַך, איטאַליעניש. יידן זיינען אינטעגרירט אין אַלגעמיינעם לעבן פון דער שטאָט און

וואוינען אין אַלע אַלטע און נייע געגנטן פון שטאָט. קיין יידישע געטאָ איז מער ניטאָ.

— ווייזן די היגע יידן אַרויס אַ געוויסן אינטערעס אין ישראל?

— פרעג איך.

— מער ווי אינטערעס! —— ענפערט. די סעקרעטאַרשע. פון פלאָרענץ זיינען שוין אַפּגעפאָרן גרופּעס יוגנטלעכע קיין ישראל און דאָרטן פאַרבליבן.

— און וואָס איז וועגן אַסימילאַציע, למשל, געמישטע הייראַטן?

— יאָ, אַרום פופציק פראָצענט, אַ העלפט פון דער יידישער באַפעלקערונג הייראַטן מיט ניט־יידן...

פון פלאָרענץ זיינען מיר געפאָרן קיין רוים. די „אייביקע שטאָט", דער צענטער פון קריסטנטום. מיר האָבן דאָרט אויך באַזוכט די אַלט־יידישע געטאָ און די סינאַגאָגע, וואָס געפינט זיך אויפן לינקן ברעג פון טייך טיבער, ניט ווייט פון „וואַטיקאַן". אונדזער וועג־ווייזער איז דווקא געווען אַ מזרח־אייראָפּייאישער ייד, אָבער קוקנדיק אויף די יידן, וואָס וואוינען אין יידישן קוואַרטאַל, די אַמאָליקע „רוימישע געטאָ", איז שווער געווען צו דערקענען, אַז דאָס זיינען יידן. זייער „יידישקייט" האָבן זיי דעמאָנסטרירט בלויז דורך דער טראַדיציאָנעלער באַגריסונג: „שלום"...

עס איז אפשר כדאי צו פאַרצייכענען צוויי מערקווירדיקע, סימבאָלישע אויפשריפטן, אויף צוויי „גאָטעס־דינסט"־פּלעצער, וואָס שטייען איינע קעגן די אַנדערע.. אויף אַן אַלטער קירך, וואָס שטייט אַנטקעגן דער סינאַגאָגע, הענגט דער געקרייציגטער, און איבער זיין קאָפּ אַן אויפשריפט פון תנ"ך, פון ישעיהו: „פירשתי ידי כל היום אל עם סורר"...— איך האָב אויסגעשפּרייט מיינע הענט אַ גאַנצן טאָג צו אַ ווידערשפּעניק פאָלק... אַ רמז, אַ וואונק, פאַרשטייט זיך אויף די ווידערשפּעניקע, קשה־עורף'דיקע יידן... און אויף דער סינאַגאָגע אויך אַן אויפשריפט פון זעלבן יידישן תנ"ך, פון תהלים: „כי עליך הורגנו כל היום" — „פונדיינטוועגן זיינען מיר געמאָרדעט געוואָרן אַ גאַנצן טאָג... צוויי פּסוקים פון דער זעלבער ביבל, איינע ענטפערט דער צווייטער. סאַראַ געשיכטלעכער סימבאָל!

מיין דריטער באַזוך אין ישראל ,די טעג און וואָכן, וואָס איך און מיין משפחה האָבן דאָרט פאַרבראַכט, זיינען געווען טעג און וואָכן פון אַרבעט און באַגייסטערונג.

איך האָב באמת געשעפּט נחת פון קיבוץ חצור, וואָס פּראָגרעסירט אויף אַלע געביטן. די גרינע פעלדער פון קיבוץ, האָבן דאָס מאָל געבראַכט אַ שפע, — אַ גערעטעניש. די „קעסטינג"־אינדוסטריע האָט אויך געמאַכט גרויס פאָרשריט, ווי אַ רעזולטאַט פון דער אינטענסיווער ארבעט, קודם־כל פון די חברים מיטגלידער פון קיבוץ און ,פון דעם אַלגעמיינעם פאָרשריט און פאָראויסגיין פון דער מדינה ישראל.

אין זומער 1961 האָט חצור געטאָן געשעפט אויף גאַנצע הונדערט טויזנט פונט אַ חודש. דער עקספּאָרט פון זייער פּראָדוקציע אין אמעריקע אַליין באַטרעפט 35 הונדערט דאָלאר אַ חודש. איך האָב אויפגעכאַפּט דעם פיבער פון זייער אַרבעט. צוליב מאַנגל אין מאַשינען און דער נויטיקייט צו פּראָדוצירן וואָס מער, אַרבעט מען דאָרט גאַנצע פיר און צוואַנציק שעה. צוזאַמען מיט דער פּראָדוקציע איז אויך געשטיגן דער עקאָנאָמישער ניוואָ, דער לעבנס־סטאַנדאַרד פון דעם קיבוץ. זיי האָבן צוגעבויט און אויסרעמאָנטירט הייזער, האָבן געקויפט נייע לאַסט־אויטאָס און אַנדערע נויטיקע זאַכן, אַזוי אַז דאָס פנים, דער אויסזען פון קיבוץ, האָט זיך געענדערט.

צופרידן פון אויפשטייג אין קיבוץ, דאַרף מען זיך ארומקוקן אין לאַנד בכלל. אָבער קודם כל האָב איך געוואָלט אַוועקשטעלן דעם „וויינפער־מאָרגענשטערן פאָנד" אויף מער זיכערע פינאַנציעלע יסודות.

דערווייל איז געקומען קיין ישראל נחמן מייזיל אַן אַקטיווער אַריוסהעלפער אינעם פאָנד־פּאַרלאַג.

עס איז פאַררופן געוואָרן א צונויפקום פון אָנגעזעענע שרייבער, קינסטלער און קולטור־בויער. ביי דעם צענויפקום האָט מען אויס־געטיילט דאָס נייע דערשינענע ווערק, די איבערזעצונג פון ז. וויינפערס געקליבענע לידער און עס איז פאָרגעקומען אַ דיסקוסיע וועגן די ווייטערדיקע פּלענער פאַר דעם פאָנד. עס זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן פאַרשיידענע מיינונגען, און עס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ ריי פּלענער פאַר דער צוקונפט. איך האָב געזען, אַז דער פאָנד זאָל פאַר־

זיכערט ווערן מיט אַ קרן פון צען טויזנט פונט אַ יאָר און דאָס איבעריקע זאָל געדעקט ווערן פונעם ביכער־פאַרקויף. פאַר די קומענדיקע צוויי יאָר ווערן דערשיינען אַ באַנד שריפטן פון דוד בערגלסאָן אַ בוך פון ראובן ברייינין צו זיין הונדערטסטן געבוירנ־טאָג און דאָס בוך „פוילן" פון ניט לאַנג פאַרשטאָרבענעם יידישן שרייבער י. י. טרונק, וואָס איז פון באַזונדערן אינטערעס פאַר דער ישראל־יוגנט, וועלכע דאַרף זיך באַקענען מיט דער שיינקייט פון מזרח־אייראָפּייאישן יידן, וואָס טרונק שילדערט אין זיין ווערק. פרץ מאַרקישעס סאָוועטיש־יידישער ראָמאַן „דור אויס דור איין" און אַ צאָל אַנדערע ביכער.

„פאַרטיק" געוואָרן מיט די „פּריוואַטע" געשעפטן (קיבוץ און פאַרלאַג) האָב איך זיך ארויסגעלאָזט איבערן לאַנד. מיר האָבן באַזוכט אַ צאָל קיבוצים און באַמערקט אַ חידוש אין זייער וואוקס. דער סאָציאַליסטישער קיבוץ שטרעבט זיך אויסצוגלייכן מיט דער קאַפּיטאַליסטישער שטאָט, אַן ענין, וואָס איז זייער און זייער וויכטיק.

די אינדוסטראַליזאַציע פון קיבוץ, פון אַגריקולטורעלן מושב אָדער דאָרף, איז אַ נאַטירלעכע און פאַרשטענדיקע זאַך. די דערפער זיינען געאָגראַפיש נאָענט צו די שטעט און קאָנען ניט אָפּשטיין פון דער ארומיקער אינדוסטריאַליזאַציע, וואָס וואַקסט, קיין עין הרע, פון יאָר צו יאָר.

אַ נייעס איז דאָס וואָס דער קיבוץ הייבט זיך אָן אויסגלייכן מיט דער שטאָט אין זינען פון לעבנס־סטאַנדאַרד. אין אַ סך קיבוצים זיינען שוין איצט דאָ שווים־באַסיינען, ראַדיאָ, און ענלעכע באַקוועמע זאַכן. אויף מיין פראַגע צו די חברים וויאַזוי זיי קאָנען זיך פאַרגינען אַזעלכע „לוקסוסן"? איז געקומען אַ זאַכלעכער ענטפער: אַזאַ איז דער מצב פון דער מדינה, און מיר מוזן קאָנקורירן מיט דער שטאָט!

יאָ, די פאָרמאַציע פון ישראל האָט זיך געענדערט. קיין גרויסע עליה פון חוץ לארץ שטראָמט איצט ניט, און די וואָס קומען יאָ, ציט מער צו דער שטאָט ווי צו דעם קיבוץ. ניטאָ מער יענע אידעאַליסטי־שע יוגנט פון פוילן און ליטע, רומעניע און אונגאַרן, וואָס האָט אָפּט פאַרלאָזן רייכע היימען און געקומע אויפצולעבן דעם וויסטן פאַרשטיינערטן באָדן. מען דאַרף שעפּן פון לאַנד , פון אייגענעם רעזערוו, פון דער ישראל־געבוירענער יוגנט. מוז מען שאַפן פאַר

דער יוגנט אַזעלכע באַדינגונגען, אַזאַ לעבנס־ניוואָ, וואָס זאָל זיי לאָקן.

אַז דער קולטורעלער ניוואָ פון קיבוץ איז אַלעמאָל געווען העכער פון דער שטאָט, איז גוט באַוואוסט, אָבער קולטור אַליין איז, ווייזט אויס ניט גענוג. מען דאַרף אויך אויפן מאַטעריעלן געביט קאָנקורירן מיט דער שטאָט.

עס איז כדאי צו באַמערקן אַז דער „לוקסוס״, די נייע מאַטעריעלע באַדינגונגען אין קיבוץ, און די אינדוסטריאַליזאַציע, האָבן חלילה ניט אָפּגעשוואַכט די אַגריקולטורעלע פּראָדוקציע. פאַרקערט, עס מערקט זיך אַ קאָנטיקער אויפשטייג אויך אין דער אַגריקולטור. אַזוי האָב איך, צום ביישפּיל, באַמערקט די גערעטעניש פון די פּרוכט־גערטנער אַרום די קיבוצים. עפּל און פלוימען זיינען ביז לעצטנס געווען זעלטענע פּירות אין ישראל. זייער ווייניק פון דעם מין האָט ישראל פאַרמאָגט. בעת אונדזער באַזוך האָט שוין אָבער איין קיבוץ אַרונטערגענומען פון זיינע ביימער 450 טאָן עפּל און אַ צווייטער — 5000 פונט פלוימען.

נאָך אַ באַזוך אין די פאַרשיידענע געגנטן פון ישראל, איינ־געשלאָסן באַגעגענישן מיט די פּאָליטישע און קולטורעלע פירער פון דער מדינה, האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אין ירושלים, וואו מיר האָבן בייגעוואוינט דעם היסטאָרישן פּראָצעס פון דעם היטלערישן צורר אַדאָלף אייכמאַן, וואָס האָט געלאָזן אַן אומפאַרגעסלעכן דער־שיטערנדיקן איינדרוק.

נאָך ישראל האָבן מיר זיך געלאָזט צו אַנדערע לענדער פון צוקונפט — טשעכאָסלאָוואַקיע און פוילן.

טשעכאָסלאָוואַקיע — דאָס ערשטע מאָל אין אַ סאָציאַליסטיש לאַנד. דאָס נייע איז קאָנטיק. מען באַמערקט עס גלייך.

פון איינצלנע שטריכן, וואָס דאָס אויג כאַפּט אויף, קאָן מען זיך טאַקע שאַפן אַ באַגריף וועגן גאַנצן, אַלגעמיינעם. אָט קוק איך אַרויס פונעם פענסטער אין מיין האָטעל און באַמערק ווי מענטשן וואָס גייען פון דער אַרבעט אָדער צו דער אַרבעט, טראָגן טעקעס, וואָס אַזויפיל טאַשן? האָב איך שפּעטער אויסגעפונען, אַז די דאָזיקע טאַשן זיינען אָנגעפּראָפּט מיט פּאַפּירן, וואָס די מענטשן נעמען מיט

זיך אַהיים פון פאַבריק אָדער ביוראָ. עס איז אַ נייע אָרדנונג און די גאַנצע עקאָנאָמיע פון לאַנד איז פּלאַנירט. אַזאַ פּלאַנירונג פאָדערט אַ סך פּאַפּיר־אַרבעט, נעמט מען מיט זיך מיט די פּאַפּירן אַהיים, אין די פרייע שעה׳ען, וואו מען קען דערגאַנצן די אַרבעט פון טאָג, אַ קלייניקייט? אָבער ווי זאָגט זיך אין פאָלקס־ווערטל: „אַ גאַסט אויף אַ ווייל — זעט אויף אַ מייל״...

אין אַלגעמיין זעען די מענטשן אויס צופרידן און אַ רואיקייט ליגט אויסגעגאָסן אויף זייערע פּנימער. ניטאָ דאָרט די שווערע זאָרג פאַרן מאָרגן... מיט אַרבעט איז מען באַזאָרגט. טשעכאָ־סלאָוואַקיע איז אַן עכט־אינדוסטריעלע מדינה און קיין אַרבעט פעלט ניט, און איר לעבנס־סטאַנדאַרד איז הויך.

ווי יעדער טוריסט האָבן מיר באַזוכט היסטאָרישע פּלעצער. פּראָג, די טשעכישע הויפּטשטאָט, איז באַרימט מיט איר אַלטער סינאַגאָגע, די „אַלט־ניי״־שול, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן אין צוועלפטן אָדער דרייצנטן יאָרהונדערט, און וואו עס איז, לויט דער לעגענדע, געשאַפן געוואָרן דער „גולם״, דורך דעם גרויסן און באַרימטן יידישן גאון דער מהר״ל.

די לעגענדע וואָס וועגן איר זיינען שוין געשאַפן געוואָרן גענוג דראַמאַטישע און פּאָעטישע ווערק, איז גוט באַקאַנט.

דעם „גולם״ זאָל דער מהר״ל האָבן געשאַפן פון ליים. ער האָט זיך גענויטיקט אין א גולם, וואָס זאָל אויספירן זיינע שליחות׳ן, האָט ער אויסגעקנאָטן א מענטשן און אריינגעלייגט דעם „שם המפורש״ אין זיין מויל און ער איז „לעבעדיק״ געוואָרן... שפּעטער האָט אָבער דער שאַפער פון גולם, דער מהר״ל אַליין, אויסגעפונען אַז דער גולם טוט ניט בלויז זיין רצון, נאָר האָט זיך זיין אייגענעם ווילן. עס האָט פּאַסירט און דער גולם האָט אמאָל אין אַן ערב שבת אויפגעהויבן די האַק אויף אומשולדיקע מענטשן און אָנגעהויבן מאַכן אַ חורבן אין פּראָג. ווען דער מהר״ל כאַפּט באַצייטנס ניט אַרויס דעם שם המפורש פון זיין מויל, וואָלט ער אַלץ חרוב געמאַכט...

לעבן דער אַלט־ניי שול געפינט זיך אַן אינטערסאַנטער מוזייאום פון דער רעגירונג, געווידמעט יידישער געשיכטע. מיר באַזוכן דעם נייעם טעמפּל. זיינע ווענט — לויטער מאַרמאָר, אויף וועלכע עס זיינען אויסגעקריצט טויזנטער נעמען מיט דאַטעס. די

וועגווייזערין דערקלערט אונדז, אַז דאָס זיינען די נעמען און די געבוירן־דאַטעס פון זיבעציק טויזנט טשעכאָסלאָוואַקישע יידן, וואָס וואָס די נאַציס האָבן דערמאָרדעט אין דעם באַוואוסטן קאָנצעטראַציע־לאַגער טערעזיענשטאַט. די רעגירונג האָט פאַר דעם צוועק אָנגעשטעלט אַ גאַנצן סטעף פון פאַכלייט, וואָס האָבן געפאָרשט די ביאָגראַפיעס פון די אומגעקומענע טשעכאָסלאָוואַקישע יידן און פאַראייביקט זייערע נעמען אויף די מאַרמאָרנע ווענט פון דער שול, ווי אַן אָנדענק און אַ וואָרנונג צוגלייך, וואָס דער נייער עמלק, היטלער, ימח שמו, און זיינע אייכמאַנס די הענקער האָבן געטאָן צום יידישן פאָלק...

מיר פאַרלאָזן די אַלטע און נייע היסטאָרישע דענקמעלער און די לעגענדע פונעם גולם באַגלייט אונדז ווי אַ פייערדיקע סימבאָלישע וואָרנונג! וועט די דעמאָקראַטישע וועלט שאַפן אַ נייעם גולם און אים ווידער אַריינגעבן די האַק אין די הענט?..

פראַג. נאָך אַ קלייניקייט וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ סאָציאַליסטיש לאַנד. מיר האָבן זיך פאַנגאַדערגערעכנט אין האָטעל. איך האָב שוין פון פריער איינגעצאָלט פאַר האָטעל, עסן און דעם וועג־ווייזער. איצט, ווייזט זיך אַרויס, אַז דער האָטעל איז גאָר מיר שולדיק געלט — פופציק דאָלאַר — פאַרוואָס, איז דער תירוץ, איך האָב פאַרפעלט געוויסע מאָלצייטן, צוליב מיין פאַרנומענקייט, ווייניקער געגעסן, דאַרף מען ניט פראָפיטירן פון אַ גאַסט... נייע לענדער, נייע פויגל — נייע מנהגים...

דער וועג פון טשעכאָסלאָוואַקיע קיין פוילן ציט זיך איבער גרינע פעלדער און גוט־באַקאַנטע שטעט מען גרייט זיך באַגעגענען די אַלטע היסטאָרישע און העלדישע וואַרשע, וואו יידן האָבן געפירט דעם גרעסטן אויפשטאַנד איידער זיי זיינען אַוועק „דעם לעצטן וועג", גלויבנדיק אַז זייער „נעכטן וועט פאַרשווינדן מיטן פיינט"... דאָס ערשטע וואָס באַגעגנט אייך אין דער אויפסניי אויפגעריכטער וואַרשע, וואָס האָט זיך צוריק אויפגעהויבן פון חורבות און שטויב, ווי דער לעגענדאַרער פעניקס־פויגל פון אייגענעם אַש, — דאָס גרעסטע און שענסטע הויז אין וואַרשע, איז דער פּרעכטיקער קולטור־פּאַלאַץ פאַר פויליש־סאָוועטישער פריינטשאַפט, וואָס דער סאָוועטן

פֿאַרבאַנד האָט צוגעטראָגן ווי אַ מתנה צו פֿאָלקס־פּוילן, נאָכדעם ווי די העלדישע רויטאַרמייער האָבן זיי באַפֿרייט פֿון די נאַציס.

אויך די וויניק פֿאַרבליבענע יידן פֿון היינטיקן פּוילן, וואָס ווערן געפֿירט פֿון דער יידישער קולטור־ געזעלשאַפֿט, האָבן באַוויזן אין דער נייער גינסטיקער פֿאָלקס־דעמאָקראַטישער פֿאַרמאַציע פֿון דער פּוילישער רעפּובליק, אַז זיי קאָנען בויען פֿונדאַסניי. די געביידע נאָוואָגראָדסקאַ 5, וואו עס געפֿינט זיך די „אידישע מלוכה", רוישט ווי אַ בינשטאָק מיט אַקטיוויטעט. דאָ געפֿינט זיך די רעדאַקציע פֿון דער „פֿאָלקס־שטימע", דער פֿאַרלאַג „יידיש בוך", די רעדאַקציע פֿון דער ליטעראַרישער חודש־שריפֿט „יידישע שריפֿטן", פֿאַר־שיידענע צימערן פֿאַר לעקציעס און זאַלן פֿאַר פּלאַסטישער קונסט. אַן אמתע יידישע קולטור געזעלשאַפֿטלעכע אויטאָנאָמיע, וואָס געניסט פֿון דער וואַרעמער שטיצע פֿון דער פֿאָלקס־מלוכה.

אין פּוילן האָבן מיר זיך באמת געשפּירט ווי אין דער היים. כאָטש די אָנפֿירנדיקע חברים האָבן זיך געפֿונען אויף זייערע וואַקאַציעס האָט זיך פֿונדעסטוועגן געפֿונען אַ חבר, וואָס האָט וואָלונטירט צו ווערן אונדזער באַגלייטער און וועגווייזער די גאַנצע צייט, וואָס מיר האָבן פֿאַרבראַכט אין פּוילן.

עס איז געווען וואָס צו זען און פֿאַרגעדענקען. אין פּוילן טליען נאָך, אַזוי צו זאָגן, די פֿונקען פֿון אַש, יענע פֿונקען פֿייער, וואָס זיינען דער נר־תמיד, דער אָנדענק נאָכן גרויסן פֿאַרשניטענעם יידישן קיבוץ. מיר האָבן באַזוכט דעם יידיש־היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע און געהאַט אַ לענגערן געשפּרעך מיט זיין לייטער, דעם יידישן שריפֿטשטעלער און היסטאָריקער בער מאַרק, דערנאָך דעם יידישן בית־עולם וואו עס געפֿינט זיך דער „אוהל־פּרץ", וואו עס רוט דאָס שטערבלעכע פֿון דעם גרויסן קלאַסיקער, ווי אויך פֿון יעקב דינעזאָן און ש. אַנסקין, ניט ווייט איז אויך דער קבר פֿון איטשע מאיר ווייסנבערג, ה. ד. נאָמבערג, אסתר רחל קאַמינסקאַ.

וואַרשע איז איצט ניי רעסטאַווּרירט, אָבער עס טראָגט זיך נאָך דער גבורה־אָטעם פֿון אירע „פֿאַלנדיקע ווענט". עס ווייעט מיט קדושה און גבורה פֿון דעם גרויסן און שטאָלצן דענקמאָל, דעם געטאָ־מאָנומענט אויף דער פֿאַרברענטער געטאָ ערד.

נאָך וואַרשע — אַ באַזוך אין אוישוויץ, דעם גיהנם, וואו ס'האָבן

עטלעכע יאָרן געדרויכערט די קרעמאַטאָריומס, וואו די נאַציס האָבן פאַרגאַזט און פאַרברענט מיליאָנען יידן. איצט איז שוין אוישוויץ אַ מוזייאום, אָבער אַלע סימנים פון גרויל זיינען אויפגעהיט. מען זעט דאָ נאָך הויפנס שיך פון די קדושים, קופּעס ציין־בערשטלעך און טשעמאָדאַנעס פון די קרבנות, וואָס זיינען אַוועק מיטן רויך, און עס שטייען נאָך די תליות און די סטאַרטשענדיקע קוימענס...

ניטאָ, דאַכט מיר, דער מענטש וואָס זאָל באַזוכן דעם מוזיי, און ניט אַוועק פון דאָרטן מיט אַ צעבראָכענעם געמיט און א וויינענדיק האַרץ.

ניט בלויז היילִיקע קידוש השם ערד פאַרמאָגט דאָס היינטיקע פוילן. עס לעבן נאָך דאָרט לעבעדיקע עדות פון אַקטיוון קידוש השם, דעם העלדישן פאַלקס־קאַמף. אַט זיינען מיר צוריק אין וואַרשע און מיר באַוואונדערן די נייע געביידעס און קוואַרטאַלן. אָבער ווי האָט וואַרשע אויסגעזען מיט יאָרן צוריק, ווען די פאַרביסענע קאַמפן זיינען אָנגעגאַנגען. מיר זיינען ניט מיד געוואָרן צו הערן וועגן „יענע טעג", ווען אונדזער חבר, דער באַגלייטער האָט זיך אליין געפונען אין דער פוילישער דיוויזיע וואָס מען האָט אַראָפּגעלאָזט ווי פּאַראַ־שוטיסטן הינטער די דייטשע ליניעס און די דייטשן האָבן זיי אלעמען דערטאַפּט און דערשאָסן. בלויז געציילטע האָבן זיך געראַטעוועט. צווישן די יחידים אויך דער חבר. זי לעבט נאָך אין זכרון פון אירע העלדישע קעמפער די וואַרשע, וואָס איז געווען איין גרויסער פאַרקוילטער פעלד מיט הויפנס ברוכוואַרג און אַרומשפּרינגענדיקע מייז, ראַצן, די לעבעדיקע חיות, וואָס זיינען מאַסנווייז געקומען מקבל פּנים זיין די באַפרייער... מען האָט געמוזט פירן אַ נייע מלחמה מיט די מחנות מייז און שטשורעס, איידער מען האָט זיי אָפּגעראַמט. אָבער דאָס איז שוין דער „אַמאָל". און היינט? היינט איז וואַרשע אַ נייע שטאָט, פון די מאָדערנסטע שטעט אין אייראָפּע!

לאָמיר דאָ פאַרצייכענען איין באַגעגעניש מיט אַ „מאָדנעם" יידן. געווען איז עס ביים פאַרלאָזן דעם בנין פון היסטאָרישן יידישן אינסטיטוט אויף דער געוועזענער טלאָמאַצקע־גאַס. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט באַטראַכטן דעם דרויסן פון דער פּרעכטיקער געביידע. דערנעענטערט זיך צו אונדז אַ ייד און פרעגט צי מיר זיינען אַמעריקאַנער יידן. ער זאָגט אונדז, אַז ער איז אויך אַ ייד אָבער בלויז אין

האַרצן. פאַר דער וועלט איז ער אַ פּאָליאַק... עס האָט זיך באַשטעטיקט אַז דער ייד האָט עטלעכע יאָר אין דער היטלער־נאַכט געלעבט אַלס אַ פאַרשטעלטער פּאָליאַק און דורכדעם זיך געראַטעוועט. נאָכן קריג געהייראַט מיט אַ פּוילישער פרוי און געהאַט מיט איר צוויי קינדער. קיין צוריק איז שוין ניטאָ. ס'וויב מיט די קינדער זיינען גוטע קאַטאָליקן, וועלכע גייען אין קלויסטער, אָבער אים, דעם מאַן און טאַטן פון די קאַטאָליקן בענקט זיך נאָך אַ יידיש וואָרט, קומט ער צום אינסטיטוט וואו מען קען אָנטרעפן אַ יידן...

איך האָב געפרעגט דעם מאָדערנעם פּויליש־יידישן מאַראַן, צי עס זיינען דאָ אין פּוילן נאָך אַזעלכע און ער האָט מיר געענטפערט, אַז עס זיינען דאָ א סך, ניט ווייניקער פון אַ צען טויזנט...

אין פּוילן טרעפט מען זיך אָן אויף אַסך קאָנטראַסטן. דאָס נייע ווערט געשאַפן, קומט אָן, און דאָס אַלטע איז נאָך אויך דאָ. דערפער און שטעטלעך. די פּויערים באַאַרבעטן נאָך זייערע פעלדער מיר זיינען דורכגעפאָרן גאַנצע צווייהונדערט קילאָמעטער איבער ווי מיט פופציק יאָר צוריק, ווי גאָרניט וואָלט זיך געענדערט. מען אַקערט מיט דער סאָכע, קליינע מיידעלעך פּאַשן שאָף, גענדז.. איך האָב דערפאַר, בעת אַ באַגעגעניש מיט אַ מלוכה־מענטש און טוער פון דער יידישער קולטור געזעלשאַפטלעכקייט אין פּוילן געפרעגט: ווי קומט עס וואָס מען זעט נאָך אַפּגעשטאַנענקייט, און פּריוואַט־אייגנטום אין דער פּוילישער ווירטשאַפט? ווי עס שטימט מיט דער סאָציאַליסטישער אָרדנונג? זיין ענטפער איז געווען אומגעפער אַזאַ: מיר האָבן גענוג קאָלעקטיוון וואָס באַאַרבעטן שוין די ערד מיט מאַשינען, בלויז 3 שעה, כאָטש די פּריוואַטע פּויערים אַרבעטן טאָקע פופצן שעה. אָבער אַז מיר וועלן האָבן מאַשינען פאַר אַלע, וועלן שוין די פּויערים אַליין קומען צו אונדז, און זיך בעטן מען זאָל זיי קאָלעקטיוויזירן. דערצו איז אָבער נויטיק שלום אויף דער וועלט. זאָל נאָר זיין שלום און דער אמתער סאָציאַליזם וועט פאַרווירקלעכט ווערן!

נאָך וואַרשע, וואו עס גליט דער צאָרן אויף דעם דייטשן שכן, וואָס איז דער סימבאָל פון איר חורבן, נאָך פאָלקס־פּוילן, וואָס בויט בההדרגהדיק איר ניי לעבן, זיינען מיר דורכגעפאָרן אַ קליינעם

טייל פון דער מערב־וועלט, וואָס האָט ווידער דערמאָנט אין גרויליקן נעכטן, און אָנגעפילט די הערצער מיט זאָרג פאַרן מאָרגן...

מיר האָבן אין ווין, לעבן דער ביוראָ פון דער ישראל לופט־ליניע „אל־על" באַמערקט ווי די געביידע ווערט באַוואַכט. דער הויפּט פון דער ליניע, אַ ווינער ייד, וואָס האָט אַליין איבערגעלעבט דעם נאַצישן גיהנם, האָט אונדז דערקלערט, אַז דאָס האָט די רעגירונג אַוועקגעשטעלט סאָלדאַטן צו באַוואַכן די געביידע טאָג און נאַכט, די נאַציס האָבן פאַרשפּרייט פלוג־בלעטלעך וואָס דראָען מיט נקמה אין די פאַרבליבענע רעשטלעך יידן צוליבן אייכמאַן־פּראָצעס אין ירושלים. שטייט מען אויף דער וואַך. איז טאַקע קיין וואונדער ניט וואָס דאָס ביסל פאַרבליבענע יידן אין ווין, פּאַקן שוין ווידער זייערע טשעמאָדאַנעס און גרייטן זיך צו לויפן וואוהין די אויגן וועלן טראָגן. יאָ, עס איז דאָ די געפאַר עס זאָל זיך ווידער ניט איבערחזרן. מען גיט ווידער דעם גולם די האַק אין דער האַנט. די נעאָ־נאַציס ווערן באַוואָפנט. מען דאַרף שטיין אויף דער וואַך. היטן דעם קיום! דאָס איז די לעקציע, וואָס מיר האָבן געלערנט אין ווין. און דאָס נעמען מיט זיך אהיים.

לאָמיר געדענקען אָן די פאַרגאַנגענע יאָרן, ניט פאַרגעסן דעם טרויעריקן נעכטן, און העלפן שאַפן אַ זיכערע צוקונפט, אַ בעסערן און ליכטיקערן מאָרגן.

# אינהאלט

## פון זיידנס סביבה



## טעג און יארן אין קליוולאנד

## זכרונות און חשבונות